# פאַרדריסלעכע גרייזן

| זייט | שורה | געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 15 | 9 | טריינצה סטנדיטשארזש | טאנדיטשארזש |
| 18 | 23 | ר׳ משה־יואל פלאָט | ר׳ שמחה־יואל־פלאָט |
| " | 35 | די גוט־באַזוכערין | די גוט־באַזיצערין |
| 19 | 11 | אָנרופן „נאָווא־ | אָנרופן „נאָווי־ |
| " | 36 | בערלין, יצחק | בערלין, חיים |
| " | 37 | חיים־יצחק | חיים־צדוק |
| 20 | 6 | צאלאָווניק, משה | צאלאָווניק, שמשון |
| " | 2 | צווישן לאקריץ און אברהם־בינעם איז אַרויסגעפאַלן אַ שורה און עס דאַרף זיך לייענען : לאקריץ, בן־ציון ; לאקריץ, פינחס ; לעווינסקי, אברהם־משה ; מארגאָלין, אברהם־בינעם ; | |
| 37 | 1 | אונטער זיי | הינטער זיי |
| 85 | לעצטע | איז פאַרזונגען | איז פאַרזונקען |
| 110 | 3 | . מען האָט זיי מיט | , מיט |
| 114 | לעצטע | פאַקטישער סיי־ | פאַקטישער סייס־ |

## אין דריטן טייל:

זייט

2. — אין נעקראָלאָג פון אברהם פיוטרקובסקי, ערשטער וואָרט פון העברייאישן טעקסט : סטשגובה — דאַרף זיין מסטשגובה.

4. — אונטער ציבע טאוב און קינדער, צווייטע שורה : מיינע שוועסטיר — דאַרף זיין : מיינע שוועסטער.

16.— אונטערשריפט : שמחה פיחוטסקי — דאַרף זיין : שמחה פיחוטקי.

" — ר׳ שאול־דוד צ׳יזוק — דאַרף זיין : ר׳ שאול־דוד צ׳יזיק.

" — לינקס, אונטן : יצחק בוגן ומטפחתו — דאַרף זיין : יצחק בוגן ומשפחתו.

# סטשעגאָווער
# יזכור-בוך



אַרויסגעגעבן פון

פאַראייניקטן סטשעגאָווער
רעליף-קאָמיטעט

ניו יאָרק, 1951

# Strzegowo Yizkor-Book

*Published by the*



UNITED STRZEGOWER RELIEF COMMITTEE

Florence Youkelson, *Secretary*

292 West 92nd St., New York 25, N. Y.

1951

Printed in the U.S.A.


209

Prompt Press, 113 Fourth Ave., New York 3, N. Y.

# אינהאַלט

## ערשטער טייל

זייט



## העברייאישע אַרטיקלען



## צווייטער טייל — חורבן סטשעגאָווע



## דריטער טייל: נעקראָלאָגן — 16 זייטן

## IN ENGLISH



מאַפּע פון סטשעגאָווע — זייט 16

בילדער אויף זייטן: 7, 13, 14, 15, 20, 21, 24, 55, 59, 68, 71, 72, 79, 84, 103, 106, 116, 119, 121, 127, 128, 130, 136.

# פאָרוואָרט

איך בין ניט קיין סטשעגאָווער. מיר איז דאָס שטעטל און די יידישע קהילה פון סטשעגאָווע געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט, ביז איך האָב, ווי דער וואָס האָט פרייוויליק אויף זיך גענומען די רעדאַקטאָרישע אַרבעט פון צונויפשטעלן אָט־דעם יזכור־בוך, דורכגעלייענט דעם מאַטעריאַל, וואָס איז אין דעם בוך אַריין.

יעדער איינציקער מאַנוסקריפּט, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך מיינע הענט, האָט אויפגעוועקט געפילן פון טיפן צער און ווייטאָק און האָט גלייכצייטיק אַרויסגערופן אַ באַזונדערן יראת־הכבוד. פאַר מיר איז אויפגעלעבט געוואָרן דאָס גאַנצע שטעטל מיט זיינע אייגנאַרטיקע, אינטערעסאַנטע טיפּן, מיט זיין פאַרבנרייך שטייגער־לעבן — וואָס איז דורך די נאַצישע בעסטיעס אָפּגעווישט געוואָרן.

מאָמענטנווייז האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדער איינער פון די צוואַנציק קדושים, וואָס די נאַציס האָבן אויפגעהאַנגען אין קאַלווינס וועלדל, אָדער די אַנדערע סטשעגאָווער יידישע מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אויף טויט אין די געטאָס, אָדער זיינען געטריבן געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס, וואו זיי זיינען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן, שרייט אַרויס: „פאַרוואָס?“ — „פאַרוואָס האָט מען דערצו דערלאָזט?“ — און האָט געפאָדערט משפט און נקמה.

***

דער סטשעגאָווער יידישער קיבוץ איז, אין פאַרגלייך מיט די מערסטע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, געווען אַ קליינער: בסך־הכל — אַרום 600 נפשות. סטשעגאָווע קאָן ניט אָנווייזן אויף אַ לאַנגער געשיכטע. דער יידישער קיבוץ דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן ביים סאַמע ערב פון דעם הייַנטיקן (צוואַנציקסטן) יאָרהונדערט. סטשעגאָווע קאָן אויך ניט אָנגעבן, אַז עס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן באַרימטע שרייבער, דיכטער אָדער געזעלשאַפטלעכע יידישע פירער, אין ברייטן זינען פון וואָרט. דער סטשעגאָווער קיבוץ איז באַשטאַנען ס׳רוב פון בעלי־מלאכות און האָרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן — מיט גאָר אַ קליינער אויסנאַם — שווער געאַרבעט אויסצושלאָגן די חיונה און האָבן אויף שבת . . . אָבער פונדעסטוועגן האָט אָט־דער קליינינקער יידישער קיבוץ פאַרמאָגט אַ שפּרודלדיק געזעלשאַפטלעך־און קולטור־לעבן, אַ פּרעכטיקע יוגנט און — כאָטש אפילו אין מיניאַטור — פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.

אָט־די פאַקטן ווערן דאָ, אין דעם יזכור־בוך, אַרויסגעבראַכט לעבעדיק און בולט אין אַ צאָל אַרטיקלען — גרעסערע און קלענערע — אין וועלכע עס ווערט תמימותדיק, פאָלקסטימלעך און קרעפטיק געשילדערט דאָס געזעלשאַפטלעכע, ווי דאָס שטייגער־לעבן פון דעם שטעטל.

אין שייכות צו אָט־דעם טייל וויל איך מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָנען דעם השובן ר׳ יצחק באָגען, איינער פון די סאַמע ערשטע פּיאָנערן פון דעם יידישן ישוב אין סטשעגאָווע, וועלכער איז שוין אויך אַ לאַנג־יאָריקער תושב פון ישראל. זיין אַרטיקל וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון סטשעגאָווע, איז דער סאַמע בראשית פון דעם דאָרטיקן יידישן קיבוץ. גלייכצייטיק אַ דאַנק דעם חשובן יוסף ראָזענבערג — אויך אַן איינוואוינער אין ישראל — וועלכער האָט, אין אַ האַלב־בעלעטריסטישער פאָרמע, האַרציק, אויפריכטיק און מיט ליבשאַפט געשילדערט אַ גאַנצע גאַלעריע אינטערעסאַנטע טיפּן פון סטשעגאָווע. אָט־די שילדערונגען ווערן באַקרעפטיקט דורך אַ צאָל קלענערע פאַרצייכענונגען פון אַנדערע סטשעגאָווער, זכרונות וועגן מענטשן, עפּיזאָדן און איבערלעבונגען — וואָס דערגאַנצן דאָס בילד פון דעם שטעטל, לעבן־שטייגער און אַטמאָספערע, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער לעבעדיקער און שפּרודלדיקער סטשעגאָווע. דורך די שילדערונגען פון די יחידים, וואַקסט אַרויס אַ קאָלירפול בילד פון דעם

גאַנצן קאָלעקטיוו, פון דעם יידישן ישוב מיט אַלע זיינע תנועות, ניואַנסן, ליידן, מאַטערנישן און האָפענונגען.

באַזונדער ווערטפול זיינען די אַרטיקלען וועגן דעם חורבן, וועגן דעם אונטערגאַנג פון סטשעגאָווע און איר קהילה, געשריבן פון די עטלעכע, וואָס זיינען געבליבן לעבן. איך וויל דאָ מיט באַזונדערער אנערקענונג דערמאָנען די אַרטיקלען פון פישל מייראַנץ, בן־ציון באָגען, הינדע בערלין און מאַליע פיאָטריקאָווסקי, אין וועלכע עס ווערט דערציילט, מיט אַ סך איינצל־הייטן, די גרויליקע געשיכטע פון די מאָרד־מעשים פון די נאַצישע תליונים און זייערע אָרטיקע מיטהעלפער; ווי אַזוי פאַשיסטישע מערדער האָבן אָנגעהויבן זייערע בלוטיקע מעשים און מיט וואָס פאַר בעסטיאַלישע אכזריות זיי האָבן זיי דורכגעפירט.

די קלענערע אַרטיקלען פון ישראל זילבערשטראָם, ביינוש וויור, אַבר'המל פינקערט און פון אַנדערע זיינען ווערטפולע און נויטיקע צוגאָבן צו דער געשיכטע פון דעם חורבן סטשעגאָווע.

פון ניט קיין קלענערן ווערט זיינען אויך די אַנדערע אַרטיקלען, איינשליסנדיק די צוויי אין העברייאיש, פון יצחק טאַנדיטשאַרזש און יוסף ראָזענבערג (ספּעציעל פאַר די „סאַברעס" אין ישראל) און די קאָמפּאַקטע קאָמפּילאַציע אין ענגליש, פאַר די אַמעריקאַנער־געבוירענע, אָפּשטאַמ־לער פון סטשעגאָווע. זיי אַלע זיינען ווערטפולע צוגאָבן צו דער געשיכטע פון דעם לעבן און אונטערגאַנג פון סטשעגאָווע.

פון באַזונדערן ווערט זיינען די עטלעכע גרויליקע פאָטאָגראַפיעס פון דער עקסהומאַציע פון די 20 קדושים, וואָס זיינען געהאַנגען געוואָרן און זיינען געבראַכט געוואָרן צו קבורת־ישראל אויף דעם יידישן בית־עלמין — אַ געשענדעטער און צעשמעטערטער — וואָס איז גע־בליבן ווי אַ שטומע, פאַריתומטע מצבה נאָך דעם שטעטל סטשעגאָווע און זיין קהילה, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ.

גרויסע אָנערקענונג פאַר דורכפירן אָט־די הייליקע אַרבעט פון עקסהומירן די צוואַנציק קדושים קומט די לעבן־געבליבענע: פישל מייראַנץ, אברהמל פינקערט, ישעיה מאַרגולין, ביינוש וויור און נתנאל פלאָט — וועלכע האָבן אויך, מיט דער מאַטעריעלער הילף פון די סטשעגאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, רעסטאַווירט דעם בית־עולם, אים אַרומגעצאַמט און אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט אויף דעם ברודער־קבר פון די דערמאָנטע קדושים.

***

אויסדריקנדיק אַ דאַנק די אַלע, וועלכע האָבן אָנגעשריבן די אַרטיקלען און צוגעשטעלט פאָטאָגראַפיעס, וויל איך אויסדריקן די גרעסטע אנערקענונג און דאַנקבאַרקייט צו מיין ליבער פרוי פייגל (ביזבערג־יוקלסאָן), וועלכע איז ניט נאָר געווען די איניציאַטאָרין פון דער אידייע וועגן אַ יזכור־בוך, געווידמעט דעם שטעטל סטשעגאָווע, נאָר וועלכע האָט אַריינגעלייגט איבער־מענטשלעכע אַרבעט צו אָרגאַניזירן אָט־דעם גאָרניט־גרינגן פּראָיעקט און געהאָלפן אים פאַר־ווירקלעכן.

פיל צענדליקער (אויב ניט אַ פּאָר הונדערט) בריוו האָט זי פאַנאַנדערגעשיקט צו לאַנדסלייט דאָ, אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, קיין ישראל, פראַנקרייך, ענגלאַנד, פוילן — און אין די ערשטע פאַר יאָר אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע — אין וועלכע זי האָט געפאָדערט, דערמוטיקט און געמאָנט מען זאָל שרייבן פאַר דעם יזכור־בוך און אָנגעוויזן וועגן וואָס צו שרייבן. איבערהויפּט האָט זי בייגעטראָגן דורך איר רייזע אין זומער, 1950, קיין אייראָפּע און ישראל, וואו זי האָט פערזענלעך באַווירקט אַ גרויסע צאָל סטשעגאָווער לאַנדסלייט, סיי די אַלטע תושבים אין ישראל, סיי די לעצטנס־געקומענע אַהין פּליטים, צו שרייבן פאַרן יזכור־בוך.

אַחוץ אָט־דער פונדאַמענטאַלער אַרבעט, האָט פייגל, דורך איר אָפּקלייב פון דעם מאַ־טעריאַל, דורך אויפזאַמלען פאָטאָגראַפיעס און אַלגעמיינע אָנווייזונגען, אַ סך געהאָלפן אין דעם צוזאַמענשטעל פון דעם בוך.



אָן איר ענערגישער, אומדערמידלעכער אַרבעט, וואָלט ניט מעגלעך געווען אפילו צו טראַכטן וועגן אַ סטשעגאָווער יזכור־בוך.

***

אָט־דער באַשיידענער יזכור־בוך, געווידמעט דעם אָנדענק פון דער קליינער יידישער קהילה פון סטשעגאָווע, איז אַ בייטראַג צו דער לאַנגער רשימה פון ענלעכע יזכור־ביכער פון אַנדערע חרוב־געוואָרענע, אָדער איינגאַנצן אונטערגעגאַנגענע יידישע שטעט, שטעטלעך און קהילות. די יזכור־ביכער בכלל פאַרנעמען אַ באַזונדער וויכטיק אָרט אין דער גרויסער מעמואַרן־ליטעראַטור, אין וועלכער עס איז, דורך לידער, נאָוועלן, דראַמאַטישע ווערק, דאָקומענטאַריש־פאָרשערישע ביכער און אַנדערע פאַראייביקט געוואָרן די גרעסטע קאַטאַסטראָפע אין דער יידישער געשיכטע, אין וועלכער זעקס מיליאָן — אַ דריטל פון אונדזער פאָלק — זיינען פאַרטיליקט געוואָרן.

אָט־די יזכור־ביכער וועלן פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער דינען ווי דער וויכטיקסטער קוואַל פונוואַנען צו שעפּן פאַקטישע אינפאָרמאַציע, ניט נאָר וועגן דעם אומפאַרגלייכלעכן חורבן בכלל בימי היטלער, נאָר אויך ידיעות וועגן יעדער יידישער שטאָט און שטעטל און זייערע קהילות.

***

אונדזער יזכור־בוך, וואָס איז מיט אַזוי פיל ציטער און פּיעטעט, צוזאַמען מיט טיפן צער און טרויער באַשאַפן געוואָרן, ווערט צוגעטראָגן די סטשעגאָווער לאַנדסלייט און דער גרויסער יידישער עפנטלעכקייט איבער דער גאַנצער וועלט, ווי אַ באַשיידענער מאָנומענט פון אומפאַרגלייכלעכן פּיין און העראָאיזם און, גלייכצייטיק, ווי אַ מצבה נאָך די קדושים פון די פאַרפּייניקטע יידן פון סטשעגאָווע לדור דורות.

מיט דעם יזכור־ספר ווערט אַריינגעשריבן נאָך אַ בלוטיק קאַפּיטל וועגן דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק — די פאַרטיליקונג פון זעקס מיליאָן יידן און פאַרניכטונג פון אומצאָליקע יידישע קיבוצים.

דורך דעם יזכור־בוך שיקן מיר, אין נאָמען פון די קדושים, וועלכע האָבן קיין געשריבענע צוואות ניט איבערגעלאָזט — אַ קללה צו די נאַציס און זייערע פאַשיסטישע יורשים איבער דער גאָרער וועלט און אַ וואָרנונג און אַ מאָנונג צו אונדז פון דעם היינטיקן דור און צו די ווייטערדיקע דורות — צו שטיין אויף דער וואַך און ניט דערלאָזן, אַז אַזעלכעס זאָל זיך ווען עס איז איבערחזרן.

יזכור — אַ הזכרה נאָך די קדושים!

יזכור — אַ דערמאָנונג וועגן אונדזערע התחייבותן הייליק צו האַלטן זייער צוואה.

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1951. **ראובן יוקלסאָן**



פאַרוואַלטונג פון פאַראייניקטן סטשעגאָווער רעליף־קאָמיטעט אין אַמעריקע, אויף אַ באַראַטונג.

# מיט געבויגענע קעפ...

(אַ ר י י נ פ י ר)

מיט צער'פולע הערצער און פאַרטרויערטע געמיטער שטייען מיר ביי דער אויפ־דעקונג פון דעם באַשיידענעם דענקמאָל — אָט־דעם יזכור־בוך — אין אָנדענק פון די קדושים און מאַרטירער — אונדזערע אומגעבראַכטע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, חברים און פריינט פון אונדזער אַלטן היים־שטעטל, סטשעגאָווע.

בלויז עטלעכע סטשעגאָווער יידן האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַצי־רוצחים; בלויז עט־לעכע זיינען געבליבן לעבן צו דערציילן פון דעם חורבן. אין סטשעגאָווע, ווי אין הונדערטער אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן איז נישטאָ מער קיין איין ייד. ס'האָט דעריבער גע־נומען עטלעכע יאָר נאָך דעם היטלער־מבול ביז מיר האָבן אויפגעזאַמלט דעם מאַטעריאַל פאַר אָט־דעם דענקמאל — דעם פנקס, אין וועלכן מיר האָבן פאַרציכנט פאַר די וויטערדיקע דורות די געשיכטע פון מאַרטירערטום און העראָאיזם פון אונדזערע סטשעגאָווער קדושים.

אַ שטעטל מיט בלויז עטלעכע הונדערט נפשות, האָט סטשעגאָווע די לעצטע צענדליקע יאָרן פון איר לעבן באַוויזן אויפצונעמען און איינזאַפּן אין זיך די געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּאָליטישע שטרעמונגען און שטרעבונגען פון דעם גרויסן שעפערישן יידישן קיבוץ אין פוילן. דאָס קליינע סטשעגאָווע איז נישט געווען אָפּגעשטאַנען פון די אַרומיקע גרעסערע שטעט ווי מלאַווע, טשעכאַנאוו און אַנדערע.

דאָס „סטשעגאָווער יזכור־בוך" איז אינגאַנצן געשריבן פון אייגענע כוחות און שטעלט מיט זיך פאָר אַ מאָנאָגראַפיע פון אונדזער פאַרטיליקטער קהילה, און טיילוויז אויך אַן אָפּ־שפיגלונג פונעם לעבן פון די סטשעגאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אין ישראל.

פאַרשטייט זיך, אַז אין די מערסטע אָפּהאַנדלונגען פון דעם בוך הערט מען דאָס געוויין פון אבלים; אין די זכרונות — דער טאָן פון הספד און עלעגיע, און אַוודאי איז פאַראַן געיאָמער אין די באַשרייבונגען פון דעם חורבן. פאַר די אַרויסגעבער פון דעם בוך איז חורבן־סטשעגאָווע, ווי די אַלגעמיינע טראַגעדיע, אַ טרויער נאָך זייערע אייגענע און נאָענטע . . .

זאָלן די לאַנדסלייט פון די פאַרשניטענע יידישע שטעטלעך, ווי די שארית־הפליטה, וואו נאָר זיי געפינען זיך, באַטראַכטן דעם „סטשעגאָווער יזכור־בוך" ווי אַ דענקמאָל פאַר זייערע ליבסטע און טייערסטע, סיי פאַר די וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם בוך און סיי פאַר די וואָס ווערן נישט דערמאָנט.

מיר דריקן דאָ אויס אַ האַרציקן דאַנק און יישר־כוח די אַלע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן צוגעשיקט מאַטעריאַל פאַר דעם יזכור־בוך. מיר זיינען באַזונדער דאַנקבאַר אונדזער חשובן בן־עיר, ר' יצחק באָגען, וועלכער האָט דערפילט די שווערע מיסיע צו באַשרייבן די אַנטשטיי־אונג פון סטשעגאָווע ביז דעם חורבן־היטלער.

פאַר די ענגליש־רעדנדיקע קינדער און קרובים פון אונדזערע לאַנדסלייט, ווי פאַר די גע־בוירענע אין ישראל, דרוקן מיר, אין אַ פאַרקירצטער פאָרמע, אַ דערקלערונג אין ענגליש און אין העברייאיש וועגן דער באַדייטונג פון דעם חורבן סטשעגאָווע און דעם צוועק פון דעם יזכור־בוך.

מיט געבויגענע קעפּ און פאַרבראָכענע הענט שטייען מיר ביי דעם באַשיידענעם דענקמאַל פון אונדזער אומגעבראַכטער סטשעגאָווער יידישער קהילה. חבל על דאבדין ולא משתכחין.

זאָל דאָס יזכור־בוך זיין אַ שטענדיקע דערמאָנונג פאַר די לאַנדסלייט פון סטשעגאָווע און אַ ספר־זכרון פאַר אַלע יידן לדור דורות, אַז דער קיום פון יידישן פאָלק איז אויף אייביק אומ־צעשיידבאַר פון די אידעאַלן פון „באחרית הימים" — פון סאָציאַלן יושר און וועלט־שלום.

פאַר דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון פאַראייניקטן סטשעגאָווער הילפס־קאָמיטעט,

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1951. — פּ. ב.־י.

# „סטשעגאָווע, מיר ווען דיך ניט פאַרגעסן!‟

## פאַקטן און מאָמענטן וועגן דער אַנטשטייאונג און אויפטואונגען פון דעם פאַראייניקטן סטשעגאָווער הילפס־קאָמיטעט אין אַמעריקע

פון **יוסף ביזבערג**, פרעזידענט

**א**ונטער דעם לאָזונג „סטשעגאָווע, מיר וועלן דיך ניט פאַרגעסן!‟ האָבן מיר, אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע „פאַראייניקטער סטשעגאָווער הילפס־קאָמיטעט‟, וועמעס אַנטשטייאונג און אויפטואונגען איך האַלט פאַר נויטיק צו פאַרצייכענען אין דעם יזכור־בוך — אין אָנדענק פון אונדזער שטעטל סטשעגאָווע.

אַרום סוף מערץ, 1946, האָט מיין שוועסטער פלאָרענס (פייגל) מיר טעלעפאָנירט און דערציילט, אַז זי האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון פוילן, דאַטירט 11טער מערץ, פון פישל מיראַנץ (וואָס איז צו יענער צייט מיר געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט), מיט אַ צעטל פון לעבן־געבליבענע יידן פון סטשעגאָווע, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די נאַצישע שחיטות. אָט־די לעבן־געבליבענע, ווערט דערציילט אין דעם בריוו, זיינען דערשלאָגענע, צוזאַמענגעבראָכענע פיזיש און גייסטיק, אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה, און נויטיקן זיך אין באַלדיקער הילף.

מיין שוועסטער האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן באַלד צוטרעטן צו אָרגאַניזירן אַ רעליף־קאָמיטעט פון אַלע, אָדער פון אַזוי פיל סטשעגאָווער לאַנדסלייט וואָס עס וועט מעגלעך זיין צו קאָנטאַקטירן, כדי צו שאַפן הילף און אַריבערשיקן צו די עטלעכע נויטליידנדיקע, וואָס זיינען געבליבן לעבן. זי האָט מיר דערביי געזאָגט, אַז פאַקטיש האָט זי שוין אַליין, אויף אַ קליינעם שטייגער, געמאַכט אַן אָנהויב, אָבער זי נויטיקט זיך, אַז מען זאָל איר אַרויסהעלפן און אַז מען דאַרף זען אַריינציען אַזוי פיל פּריוואַטע ווי פּאָל ס'איז נאָר מעגלעך צוזאַמענצוברענגען. זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז איך וואָלט געווען דער פּאַסיקער מענטש זיך ערנסט פאַראינטערעסירן אין אָט־דער אַרבעט.

אויפן צווייטן טאָג איז מיין שוועסטער אַריבערגעקומען צו מיר און איידער איך האָב נאָך געהאַט אַ געלעגנהייט אַרויסצוריידן אַ וואָרט, האָט זי אַרויסגענומען פישלס בריוו און האָט אים אָנגעהויבן לייענען, באַמערקנדיק צו מיר: „איך האָף, אַז דו פאַרשטייסט נאָך יידיש‟ — אויף וואָס איך האָב געענטפערט, אַז איך וועל פאַרשטיין, אויב דו וועסט לייענען לאַנגזאַם. דאָס איז געווען זייער אַ לאַנגער בריוו, וואָס מיר האָבן שפּעטער מימיאָגראַפירט און אַרויסגעשיקט קאָפּיעס צו אַלע לאַנדסלייט. אין דעם בריוו האָט פישל געשילדערט, וואָס ער האָט דורכגעלעבט און ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די נאַציס. ער האָט אויך געשילדערט מיט איינצלהייטן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אונדזערע פריינט און קרובים אין סטשעגאָווע; אַז קיין איינציקער ייד איז דאָרט ניט געבליבן און אַז אפילו דער בית־עלמין איז חרוב און די מצבות זיינען געשענדעט געוואָרן.

איך האָב זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט, און יעדער מאָל ווען זי האָט געלייענט אַ נאָמען פון אַ מענטשן, וואָס זי האָט געטראַכט, אַז איך געדענק נאָך, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און באַמערקט: „דו געדענקסט אָט־דעם נאָמען — זיין פרוי און די צוויי קינדער? זיי זיינען אַלע פאַרברענט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס, ווייל ביי איינעם פון זיי האָבן די נאַציס געפונען באַהאַלטן אַ שטיקל ברויט‟. און אָט אַזוי זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַ סך גרויזאַמע פאַקטן, וואָס האָבן מיך אויפגעשוידערט.

איך האָב געבעטן מיין שוועסטער, אַז זי זאָל מיר איבערלאָזן דעם בריוו אויף אַ טאָג אָדער

צוויי און נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך געשמאַק אויסגעוויינט, האָט זי מיר געגעבן דעם בריוו און פאַרלאָזט מיין אָפיס. שפּעטער אַביסל האָב איך ווידעראַמאָל גענומען דעם בריוו און אים געלייענט פאַר זיך, און אין מיין געדאַנק זיינען אויפגעשוואומען דעראינערונגען פון דער צייט ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל אין דעם קליינעם, פרידלעכן שטעטל סטשעגאָווע; וואו אַ סך פון אונדז האָבן פאַרבראַכט אונדזער יוגנט אין געמיטלעכקייט; וואו מיר פלעגן אין די נאָכמיטאָגס שפּילן שאַך אָדער פאַרברענגען אויף אַן אַנדער אופן, און אין די אָוונטן אָנפירן פאַרשיידענע ויכוחים — ווער אין בית־המדרש, ווער אין דער ביבליאָטעק. עס האָבן אויפגעלעבט די שבת־בייטאָגן, ווען די יוגנט פלעגט שפּאַצירן אויפן שאָסיי, וואָס האָט געפירט צו מלאַווע און אַ סך אַנדערע פריידיקע און אָנגענעמע זכרונות. און איצט — איז דאָס אַלעס חרוב, פאַרניכטעט, און ווער ווייסט צי ס'וועט ווידעראַמאָל ווען אויפגעבויט ווערן.

יאָ, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז מיר, די סטשעגאָווער לאַנדסלייט, דאָ אין אַמעריקע, קאָנען העלפן. כאָטש ס'איז אמת, אַז די הילף וואָס מיר וועלן שאַפן וועט אפשר זיין זייער ווייניק אין פאַרגלייך מיט די נויטן פון די לעבן־געבליבענע, וואָס זיינען אונדז אַזוי טייער, פונדעסטוועגן דאַרפן מיר טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך. אין דעם האָב איך זיך איבערצייגט, אַזוי שנעל ווי די לאַגע איז געבראַכט געוואָרן צו מיין אויפמערקזאַמקייט. די פראַגע איז נאָר געווען: ווי אַזוי? און דער ענטפער איז געווען זייער אַ פשוטער: מיר מוזן שאַפן געלט און זיי העלפן פינאַנציעל און מאָראַליש, זיי דערמוטיקן און זיי געבן האָפענונג.

איך האָב טעלעפאָנירט מיין שוועסטער און איר געזאָגט, אַז איך שטים מיט איר פולשטענדיק איין און אַז מען דאַרף זיך אַ נעם טאָן צו אָרגאַניזירן די אַרבעט. אין אַ משך פון צוויי חדשים האָבן מיר שוין געהאַט אַ היבש צעטל מיט נעמען פון לאַנדסלייט. דער אָפּרוף פון די לאַנדסלייט אויף אונדזער ערשטן בריוו איז געווען אַן אָנגענעם־איבערראַשנדיקער. אייניקע האָבן אפילו צוגעשיקטביישטייערונגען.

דער ערשטער צוזאַמענקונפט פון די לאַנדסלייט איז פאָרגעקומען אין מאַי 1947, אין אַ רעסטאָראַן אין ניו־יאָרק. אַרום פערציק מענטשן זיינען געקומען און אַן ערך טויזנט דאָלאַר איז געשאַפן געוואָרן. אָבער ניט ווייניקער איינדרוקספול און ווערטפול איז געווען דער עצם צוזאַמענטרעף פאַר די לאַנדסלייט גופא, צווישן וועלכע עס זייגען געווען אַ סך וואָס האָבן לאַנגע יאָרן זיך ניט געזען. אַ פרייד האָט אָט־די באַגעגעניש אַלעמען אַרומגענומען, כאָטש די סיבה וואָס האָט אונדז צוזאַמענגעבראַכט איז געווען זייער אַ טראַגישע.

מען האָט זיך דערמאָנט וועגן די יוגנט־יאָרן, וועגן דער סטשעגאָווע פון יענער צייט, וואָס האָט אין אונדזערע דמיונות אויפגעלעבט, און מען האָט מיט טיפן צער גערעדט וועגן דער מוראדיקער טראַגעדיע פון די יידן בכלל, וועגן דעם אונטערגאַנג פון דעם פוילישן יידנטום און דער פאַרניכטונג פון סטשעגאָווע.

אויף דעם צוזאַמענקונפט איז באַשטימט געוואָרן דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע: „פאַראייניקטער סטשעגאָווער הילפס־קאָמיטעט“ און עס איז דערוויילט געוואָרן אַ פירערשאַפט, וואָס האָט איבערגענומען די אַרבעט פון דעם פּראָוויזאָרישן קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון נח נאָוואק, פינחס סטאַוויצקי און פייגל יוקלסאָן.

נאָך צוויי וויכטיקע פאַרזאַמלונגען זיינען דורך דער צייט אָפּגעהאַלטן געוואָרן — אין נאָוועמבער, 1947, ביי פייגל יוקלסאָן אין הויז, אין ניו־יאָרק, דערנאָך אַ צווייטע, אין פעברואַר, 1948, אין פילאַדעלפיע, ביי די סטיינהאוזעס. אין משך פון דער קורצער צייט האָבן מיר שוין געהאַט אַריבערגעשיקט הילף צו די געציילטע עטלעכע לעבן־געבליבענע סטשעגאָווער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פוילן און צו אייניקע, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד. גלייכצייטיק איז דורך אונדזער פינאַנציעלער הילף דערמעגלעכט געוואָרן פאַר די עטלעכע סטשעגאָווער יחידים אין פוילן צו עקסהומירן די קערפּערס פון 20 סטשעגאָווער קדושים, וואָס די מערדערישע נאַציס האָבן אויפגעהאַנגען און זיי מקבר זיין

אויף דעם סטשעגאָווער יידישן בית־עלמין, וואָס די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן געשענדעט. מען האָט אויך צוריק אויפגעשטעלט אַלע פאַרניכטעטע מצבות און אַרומגעצאַמט דעם בית־עלמין. עס איז אין יענער צייט נאָך געשטאַנען פאַר דעם קאָמיטעט ווי אַ באַלדיקע אויפגאַבע — אויפצושטעלן אַ מאָנומענט אויפן בית־עלמין, אין אָנדענק פון דעם חורבן סטשעגאָווע און אירע מאַרטירער. אָט־דער פּראָיעקט איז אָנגעהויבן געוואָרן, אָבער איז דערווייל נאָך נישט פאַרענדיקט.

דער קאָמיטעט האָט צו יענער צייט געפילט, אַז ער האָט נאָך פאַר זיך היבשע אויפגאַבן. אין דער ערשטער ריי — צו העלפן יענע לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט, וועלכע געפינען זיך נאָך אין פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, זיי אַרויסראַטעווען פון דאָרט און זיי דערמעגלעכן אַריבערפאָרן קיין ישראל (דעמאָלט פּאַלעסטינע), אָדער קיין אַמעריקע.

פאַרשטענדלעך, אַז מיט דעם ווייטערדיקן לעבן פון דעם סטשעגאָווער הילפס־קאָמיטעט, זיינען פון צייט צו צייט אַרויפגעשוואומען פאַרשיידענע פּראָבלעמען און אויפגאַבעס. פון צייט צו צייט — אומגעפער איין מאָל אין זעקס חדשים — ווערט אָפּגעהאַלטן אַ ברייטע פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס ווערן איינגעלאַדן די לאַנדסלייט פון אַלע שטעט און אין צווישן־צייט פונקציאָנירט אַ קליינער אויספיר־קאָמיטעט, וועלכער רעאַגירט אויף מאָמענטאַלע פּראָבלעמען, ווי אַריבערשיקן פּעקלעך שפּייז צו אַריבערגעקומענע קיין ישראל, אָדער ענלעכע אַקציעס, וואָס קאָנען ניט וואַרטן ביז אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

אין די לעצטע צוויי יאָר זיינען איינגעשטעלט געוואָרן פאַרבינדונגען מיט סטשעגאָווער לאַנדסלייט אין ישראל — טייל פון זיי, וועלכע זיינען דאָרט אַלטע תושבים און טייל פון די שארית־הפליטה, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען אַהין אין די לעצטע פיר־פינף יאָר. גלייכצייטיק האָט אָנגעהויבן רייף ווערן דער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, וואָס זאָל פאַרקערפּערן אין זיך פאַר די ווייטערדיקע דורות, די געשיכטע פון סטשעגאָווע, פון דעם אָנהויב ביז דעם גרויסן חורבן, ווען סטשעגאָווע איז צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידישע שטעטלעך פון פוילן אָפּגעווישט געוואָרן — אַ ווירדיקן אָנדענק לדור־דרות.

דער קאָנטאַקט מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל האָט אַלס פּועל־יוצא געבראַכט צו דער גרינדונג פון אַ קאָמיטעט פון סטשעגאָווער דאָרטן. אַזאַ קאָמיטעט: „ארגון יוצאי־סצגובה בישראל“ איז געגרינדעט געוואָרן אין 1949, וואָס האָט געהאָלפן איינשטעלן נעענטערע פאַרבינדונגען מיט יחידים. אָט־דער בונד איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען מיין שוועסטער פייגל יוקלסאָן, די סעקרעטאַרשע פון דעם הילפס־קאָמיטעט, האָט אין זומער, 1950, אויף איר אייגענער איניציאַטיווע און אויף אירע פּערזענלעכע הוצאות, געמאַכט מיט איר טעכטערל, נינאַ, אַ רייזע קיין אייראָפּע און ישראל, און האָט אַ סך געהאָלפן צו רעאַליזירן די אידייע פון אָט־דעם יזכור־בוך, דער עיקר אין פּרט פון באַווירקן די סטשעגאָווער אין ישראל — סיי די אַלטע תושבים, סיי די ניי־אַריבערגעקומענע — צו שרייבן ווערטפולע בייטראָגן צו דער געשיכטע און חורבן פון סטשעגאָווע, וואָס זיינען אין דעם דאָזיקן בוך איינגעשלאָסן.

זאָל דאָ אויך מיט דאַנק דערמאָנט ווערן די באַשיידענע געלט־ביישטייערונגען פון אונדזערע עטלעכע לאַנדסלייט אין ענגלאַנד, וואָס מיין שוועסטער האָט אויף איר רייזע קיין אייראָפּע באַזוכט.

אין שייכות מיט דעם באַזוך פון אונדזער סעקרעטאַרשע אין ישראל, דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן דער אויסערגעוויינלעכער אינטערעס און גרויסע פרייד, מיט וועלכער ס'איז אויפגענומען געוואָרן דער גרוס, וואָס זי האָט געבראַכט פון אונדזערע דאָרטיקע לאַנדסלייט. אַלע אַנוועזנדע אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען דורכגענומען געוואָרן פון אַן אומבאַשרייבלעכן געפיל, גלייך ווי אַ פאַרלאָרענער שבט וואָלט אַנטדעקט געוואָרן, און אַ טיפע בענקשאַפט האָט דערוואַכט אין אונדזערע הערצער, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ ים מיט דעראינערונגען, וואָס זיינען יאָרלאַנג געווען איינגעשלאָפן — דעראינערונגען וועגן דער אייגענער יוגנט און אויפגלעבטע זכרונות אין דמיון וועגן יעדן איינעם, וואָס פייגל האָט דערמאָנט, מיט וועמען זי האָט זיך אין ישראל געזען.

עס איז געווען אַ גרוס פון יעדן איינעם דאָרט צו יעדן איינעם דאָ — ווי פון אַ פריינט, אָדער אַ קרוב פערזענלעך צו אַ פריינט, אָדער אַ קרוב — און גלייכצייטיק אַ קאָלעקטיווער גרוס פון איין טייל פון אַ קיבוץ צו אַ צווייטן טייל קיבוץ, פליטים פון אַ ליבער און ווירדיקער גאַנצער קהלה, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ.

זאָלן די דריי ווערטפולע עלעמענטן: די אַלטע זכרונות, דער קעגנזייטיקער אינטערעס און די געמיינשאַפטלעכע אחריות אָנהאַלטן אונדזערע פאַרבינדונגען אויף לאַנגע יאָרן, אין דעם גייסט און טראַדיציע פון —

והחוט המשולש לא במהרה ינתק!

# FINANCIAL REPORT
## as of August 7, 1951

# פינאַנץ-באַריכט
## ביזן 7טן אויגוסט, 1951

### Income — הכנסה פוןביישטייערונגען:

| | | |
|---|---|---|
| Collections during 1947 | $ 937.91 | אין יאָר 1947 |
| Collections during 1948 | 1,134.60 | אין יאָר 1948 |
| Collections during 1949 | 890.00 | אין יאָר 1949 |
| Collections during 1950 | 1,131.24 | אין יאָר 1950 |
| From Landsleit in England, through Florence Bisberg-Youkelson | 148.40 | פון לאַנדסלייט אין ענגלאַנד דורך פייגל ביזבערג־יוקלסאָן |
| Total Income | $4,242.15 | סך הכל |

### Disbursements — הוצאות:

| | | |
|---|---|---|
| To Poland | $1,750.00 | אַריבערגעשיקט קיין פוילן |
| To Israel | 500.00 | קיין ישראל פאַר אַ גמ״ח קאַסע |
| 36 Packages to D.P. Camps in Poland, Germany, Austria and Italy | 360.00 | 36 פעקלעך שפּייז און קליידער אין די „די־פּי״־לאַגערן אין פוילן, דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע |
| Cash Assistance: To Sanek Plot, Austria | 79.65 | געלט־שטיצע צו סאנעק פלאָט |
| To Yablonowski, Paris | 75.00 | צו יאַבלאָנאָווסקי קיין פאַריז |
| To Yablonowski, Medicine to Poland | 48.00 | מעדיקאַמענטן צו יאַבלאָנאָווסקי |
| Parcels and Gifts to Israel | 377.80 | פעקלעך שפּייז און מתנות קיין ישראל |
| Administrative expenses, such as Hall rent, Printing, Mimeographing, Stationery, Postage, etc. | 134.08 | אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן: דרוקעריי, דירה־געלט פאַר פאַרזאַמלונג - לאָקאַלן, פּאָסט־מאַרקעס, מימעאָגראַפיע א. א. |
| Cash in Bank | 917.62 | מזומן אין דער קאַסע |
| Total Disbursements | $4,242.15 | צוזאַמען |

P.S. The Landsleit in Philadelphia have sent parcels directly to Israel in the amount of $110.00.

נ. ב. — אַחוץ דעם האָבן די לאַנדסלייט פון פילאַדעלפיע געשיקט דירעקט קיין ישראל פעקלעך אויף אַ סומע פון 110.00 דאָלאַר.







## סטשעגאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע

1) י. שטיינמאַן, 2) רעכל נאָוואָגראַדסקי־שטיינמאַן, 3) מלכה וויור, 4) פאָגלמאַן, 5) יהושע בערלין, 6) פאַלאַ נאוואגראדסקי־ביזבערג, 7) נחום ביזבערג, 8) יהודית באַרנשטיין־סיידער, 9) יונה בערלין, 10) פינחס סטאוויצקי, 10) דוד ראָזענבלום, 11) סעידי סאלאָווניק, 12) אסתר נאָוואַק, 13) לייזער יאַקובאָוויטש, 14) הינדע סטאוויצקי, 15) טויבע ביזבערג (נחומס טאָכטער), 16) יעקב טאוב (פּאַריז), 18) ראָטמאַן, 19) יאָסל לעווינסקי, 20) לייב זיסקינד, 21) ר. יוקלסאָן (פייגל ביזבערגס מאַן), 22) משה קאָהען, 23) אברהם־מאיר באָלנאָ, 24) דינה הערשקאוויטש־גאָרדאן, 25) עליע סלאוואגורסקי־גאָרדאן, 27) מינדל טאוב־ביזבערג, 32) חוה ראָטמאַן, 33) פרוי גאָלדשלאַק, 34) משה גאָלדשלאַק, 36) צערקע נאוואגראדסקי־מארקאוויטש, 37) רחל קאָהען, 38) פייגל ביזבערג־יוקלסאָן, 39) טאובע־ביילע סטאוויצקי־זיסקינד, 40) פרוי פון אברהם־מאיר באָלנאָ, 41) פרוי פון משה קאָהען, 42) פישל קאָהען, 43) פרוי ראָזענבלום, 44) לייבל קאָהען, 45) אַרנאָלד ביזבערג (נחומס זון), 46) אייב ביזבערג (יוספּס זון), 47) דינה נאוואגראדסקי־באראָס, 48) יצחק נאוואגראדסקי, 49) נח נאוואגראדסקי, 51) רבקה ביזבערג, 52) וואָלף ביזבערג, 55) סטיינהאוז, 56) משה גאָלדבערג, 58) נענסי ביזבערג (רבקהס טאָכטער), 59) דבורה נאָוואָגראדסקי, 60) אסתר קאזשעבראָדסקי־קעסלער, 61) יוסף ביזבערג, 63) הינדע קאָהען־סטיינהאוז און 64) פרוי פון משה גאָלדבערג.



ערשטע רייע אויבן (פון רעכטס צו לינקס) : גבריאל סטאָוויצקי, משה קנובל, רויזע קנובל (רוזן), בילה רוזן (גיפּס), שמואל פּאַביאַן, מרדכי מייראַנץ, רחל בזשעזשינע (גיפּס), מיכאל קאַלאַקאָווסקי, זיין פרוי ; יוסף רוזנבערג, איטע קופּלוביץ (לקריץ), מרדכי בויגן, יצחק טאַנדיטשאַרזש, ישראל זילבערשטראַם, נתן אייזיק יאַבלאָנאָווסקי, פּנחס מענדל זאַנאַבענד (יצחק באַגענס אַ שוועסטערס זון).

צווייטע ריי : מאַלא פּיאָטריקאָווסקי, שיינה־מלכה ליכטיג (באָגען), פייגע ביזבערג־יוקלסאָן, לאה באָגען, יצחק באָגען, בן־ציון לאַקריץ, פייגע־רחל לאַקריץ, פרוי נאָוואָגראַדצקי (לאה נאָוואָגראַדצקיס שוויגער), שמואל־בועז באָגען.

דריטע ריי : ישראל לעווין, לאה נאָוואָגראַדסקי, רחל קלאַפּמאַן, שמואל קלאַפּמאַן, יוכבד ראָזענבערג (באָגען), טריינצה סטנדיטשאַרזש (פּ־עכאַטקא), לאה טעוועלזאָן (לאַקריץ), בן־ציון באָגען, מלכה גולדבלום (פּאַביאַן).

פערטע ריי : מושקאָוויץ פון ראַטשווינז, שמואל ראָזען, נחמן קלאַפּמאַן, שרה קלאַפּמאַן, עלקע פּשעמיסלאָווסקי (מאַרגאַלין), גיטעלע צימבער (באָגען), חיה מושקוביץ (לאַקריץ), מרים מאַרגאַלין.

אונטן : משה בינם פּשעמיסלאָווסקי, ישעיהו מאַרגולין.

**מאַפּע פון דעם שטעטל סטשעגאָווע, געצייכנט פון דמיון פון אברהם־מאיר (אַלבערט) באַלנאַ**

דערקלערונגען צו דער מאַפּע, לויט די אָנגעצייכנטע ציפערן: 1) פייגע באַלנאַ׳ס וואוינונג, 2) וועג קיין ראַטשוינז, 3) וועג קיין מלאַווע, 4) וועג קיין טשעכאַנאָוו, 5) וועג קיין שרענסק, 6) וועג קיין ראַדזאַנאָוו, 7) וועג צום שטאָטישן סאָד, 8) דעם רב׳ס וואוינונג, 9) וואו מענדל טאַנדיטשאַרדז, דער גבאי, האָט געוואוינט; 10) אברהם־יצחק שוחט׳ס הויז, 11) איטשע דעם שמש הויז און וואוינונגען פון 12) מענדל־מאיר מלמד׳ס, 13) שמשון סאַלאָווניק, 14) דער בית־המדרש, 15) די מקוה, 16) הכנסת־אורחים, 17) בית־עלמין, 18) געזעלשאַפטלעכער פאַראיין, טעאַטער־זאַל און פייער־הויז; 19) שטאָט־מאַרק, 20) חזיר־מאַרק, 21) די פוילישע שקאָלע, 22) יידישע קינדער־שול, 23) אַפּטייק, 24) ביבליאָטעק, 25) פּאָטשט, 26) טורמע, 27) קלויסטער, 28) גלח׳ס הויז, 29) צמענטאַרזש, 30) שנאַפּס־מאָנאָפּאָל, 31) איטשע־מאיר פּיאַטריקאָווסקיס וואוינונג און זיינע אַנדערע געביידעס און מאַיאָנטקעס לויט דעם סדר: 32) זיין מיל, 33) זיין טאַרטאַק, 34) זיינע שפּייכלערס, 35) זיינע סעדער, 36) זיינע לאָנקעס, 37) זיינע וועלדער, 38) זיין שליזע, וואו אַ דינאַמאָ האָט געשאַפן עלעקטריע; 39) די קעמפּיסקאָ, 40) בריקן; וואוינונגען פון: 41) לייזער קלעזמער, 42) זאַלצבערג, דער פעלדשער; 43) אהרן ביזבערג, דער קצב; 44) לייזער כרמל; 45) פישל לעקאָווער, 46) שרה די מקוה׳ניטשקע, 47) נתן־אייזיק דער רעסטאָראַטאָר, 48) ישראל ראָזען (דער קוואַטניק), 49) סלאַבאַגורסקע, 50) אַלטע רעמיזיע, 51) טוביה דער קרומער, בעל־עגלה; 52) איטשע־מאיר סטאַוויצקי, בעל־עגלה; 53) מרדכי דער שניידער; 54) עליע גראַטש, 55) איציק לאַנקע, 56־57־58־59) די בעקער בן־ציון לאַקרעץ, איציק, שאַנעק און לייבקע; 60) בנימין פינקלשטיין, 61) דאָס וועלדל (וואו די היטלעריסטן האָבן אויפגעהאַנגען 20 יידן), 62) דאָס מלאַווער וועלדל, 63) טייך, וואו מענער האָבן זיך געבאָדן און 64) וואו די פרויען פלעגן זיך באָדן; 65) די שטאָט־באָד; וואוינונגען פון: 66) דוד טיק, 67) וועלוול סטאַוויצקי, 68) אברהם הערשקאָוויטש, 69) הענעך מייראַנץ, 70) יוסף מייראַנץ, 71) אסתר קאָהן, 72) קאָזשעבראָדסקי און 73) גוטמאַרגנס אייזן־געשעפט.



יצחק באָגען

# די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון יידישן סטשעגאָווע

## אַ קליינע הקדמה


יצחק באָגען


לאה באָגען

ב״ה, כ״ה שבט, תש״ט, ב׳ למדינת ישראל.

מיט אַ פאַרבלוטיקט האַרץ, מיט טרערן אין די אויגן, קום איך געבן אַ קורצן איבערבליק פון אונדזער טייער און ליב שטעטעלע סטשעגאָווע, זכרונה לברכה.

הגם, ווען אַלע מענטשן זאָלן זיין שרייבער און אַלע וואַסערן זאָלן זיין טינט, וואָלט מען נישט געקאָנט באַשרייבן און שילדערן די גרויסקייט און וויכטיקייט פון אונדזער קליין שטעטל. וועט איר אפשר פרעגן: היתכן? — ווי אַזוי קאָן מען אַזוי מגזם זיין? וויל איך ענטפערן: כאָטש עס איז געווען קליין אין קוואַנטיטעט (כמות), איז עס אין קוואַליטעט (איכות) געווען זייער גרויס, ממש אָן אַ גרענעץ.

ווי אַ ווייטערע באַשטעטיקונג צו באַקרעפטיקן דעם דאָזיקן באַגריף דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז די גאַנצע געשיכטע פון דער עקזיסטענץ פון אונדזער שטעטל — פון זיין פאַקטישער אַנטשטייאונג ביז דעם אונטערגאַנג — איז ווייניקער ווי אַ יובל (קנאַפע פופציק יאָר). ווען מען שטעלט אַוועק דעם רייכן אינהאַלט, דעם עצם תוך פון דעם יידישן לעבן, ווי אַזוי עס האָט זיך אַנטוויקלט און צו וואָס פאַר אַ הויך עס האָט זיך דערהויבן, מוז מען צוגעבן, אַז דער איכות איז ווייט אַריבער־געשטיגן דעם כמות — אַ סך מער אין פראָפּאָרציע צו גרויסע שטעט, וואָס האָבן עקזיסטירט אַ סך דורות יאָרן.

איז ווי אַזוי קאָן מען פאַרגעסן אַזאַ טייער שטעטל, מיט זיינע גרויסע און שיינע מידות?

ניין דאָס קאָן מען ניט פאַרגעסן! דאָס בלייבט אַן אייביקער יזכור!

אין דערמאָנענדיק דאָס אַלעס, מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויף אַ מאָמענט, זיך ערנסט פאַרטראַכטן און מאַכן אַ חשבון הנפש און זאָגן:

אוי, מה היה לנו!
תהא נשמתם צרורה בצרור החיים!

**ויהי בימים ההם** — עס איז געווען אַ דאָרף סטשעגאָווע, ביי מלאַווע, פוילן, אונטער דער הערשאַפט פון צאַרישן רוסלאַנד. דאָס דאָרף האָט דורכגעשניטן אַ טייך, מיטן נאָמען דזשאַל־דואווקע (ווקראַ), וואָס האָט זיך געצויגן פון דזשאלדא, דייטשלאַנד, ביז צום טייך ווקראַ, און ווייטער ביז צום אַריינגוס אין ווייסל. איבער דעם טייך איז געווען אַ בריק.

מיט עטלעכע און פופציק יאָר צוריק (אין 1896) האָט די צאַרישע רעגירונג אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז הונדערט און איין דערפער זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין שטעטלעך, דאָס הייסט, עס זאָל איינגעאָרדנט ווערן איין מאָל אין וואָך אַ מאַרק־טאָג און איין מאָל אין אַכט וואָכן — אַן איין־טאָגיקער יריד. דאָס קליינע דערפל סטשעגאָווע איז, צוליב דער אויבנדערמאָנטער סיבה, געוואָרן אַ שטעטל.

די צאַרישע רעגירונג האָט אויך פאַראָרדנט, אַז אין „טאַרג״־טאָג (האַנדלס־טאָג) זאָל קומען דער דאָקטאָר פון דערבייאיקן שטעטל שרענסק אויפצונעמען אַלע קראַנקע פון סטשעגאָווע און אומגעגנט. דער קראַנקער האָט, לויט אַ רעגירונגס באַשטימונג, באַדאַרפט צאָלן 20 גראָשן פאַר

אַ רעצעפּט. דער באַזוך פון דעם דאָקטאָר האָט באַווירקט די מענטשן אין אַרומיקן געגנט צו קומען אין שטעטל אויף „טאַרג"־טעג. נאָך אַ וויכטיקער פאַקטאָר פאַר דעם גרויסן באַזוך אין סטשעגאָווע איז געווען אַ סך שאָסיי־וועגן פון אַרומיקע שטעט, ווי מלאַווע, טשעכאַנאָוו, ראַט־שוינז, פּלינסק, שרענסק און דראָבנין — וואָס האָבן געפירט צו סטשעגאָווע. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ זעלטנהייט אין פּוילן. און דערפאַר האָט דאָס שטעטל זיך אָנגעהויבן שנעל צו אַנטוויקלען.

אויף די „טערגער" (האַנדלס־טעג) איז געקומען אַ גרויסע פוירעשע באַפעלקערונג פון ווייטע געגנטן. און צוליב דעם זיינען געווען גרויסע „טאַרג"־טעג. סוחרים פון אַרומיקע שטעט זיינען אָנגעפאָרן און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסער פּי־האַנדל, פון פערד, בהמות, חזירים, עופות און לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן — מיט באַזונדערע מערק־פּלעצער פאַר יעדן געביט. אַלס רעזולטאַט איז סטשעגאָווע געוואָרן אַ פּלאַץ פון האַנדל און פּרנסה.

ווי אויבן אָנגעמערקט איז סטשעגאָווע געווען פאַנאַנדערגעטיילט פון אַ טייך. אין דעם טייל, וואָס איז געווען אויף דער זייט, וואָס האָט געפירט צו מלאַווע, האָט געוואוינט די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָרט האָט זיך אויך איינגעשטעלט דער האַנדל. די צווייטע זייט, וואָס האָט געפירט צו ראטשוינז, איז געווען באַזעצט פון אַ קליינער קריסטלעכער באַפעלקערונג און פון אפשר אַ מנין יידישע משפחות. דאָ האָט זיך אויך געפונען די קירך. דאָס דאַזונגן איז געווען איינגעאָרדנט ביים שוחט ר' אברהם יצחק ראָזענבערג, ז"ל. איידער דער יידישער ישוב אויף דער זייט צו מלאַווע האָט זיך אָנגעהויבן, איז דאָרט געווען וואַלד, וואָס האָט געהערט צו דער גוטבאַזיצערין פריימאַן.

בראשית, ביים סאַמע אָנהויב פון אַ יידישן ישוב אין סטשעגאָווע, איז דאָרט געווען אַ קליין הייפל יידישע משפחות, פון וועלכע אַ טייל פון די וואָס ווערן דאָ דערמאָנט, האָבן געוואוינט אין דערבייאיקע דערפער. צווישן זיי: דער שוחט ר' אברהם יצחק ראָזענבערג, מיט זיין זון שמואל־בעריש; ר' משה־יואל פּלאָט, ר' נתנאל פּלאָט, ר' נתן־אייזיק פּלאָט, ר' לייזער גוטענבערג, ר' יעקב סקאָווראָן, ר' ישראל־יצחק לעווקאָוויטש, ר' אהרן ביזבערג, ר' אליעזר כרמל, ר' אהרן־דוד זיסקינד, ר' חיים־הלל זיסקינד, ר' אורקע סטושיזא, ר' מרדכי לאָנקע, ר' הענעך מאיראַנץ, ר' יוסף מייראַנץ, משה פרידענבערג, אייזיק קאַרמאַן, פאַמיליע בענגעלסדאָרף, ראָזענבערג און עטלעכע אַנדערע, וועמעס נעמען זיינען אין דעם מאָמענט מיר ניט באַוואוסט.

אַרום יענער צייט (אין 1902) איז אָנגעקומען ר' איטשע־מאיר פּיאָטריקאָווסקי, וועלכער האָט פאַרמאָגט לאַנדווירטשאַפט און וואַלד אין ראַדזשימאָוויץ, וואָס איז ניט ווייט פון סטשעגאָווע און האָט זיך דאָ באַזעצט. ער האָט אָפּגעקויפט דעם וואַלד פון דער גוט־באַזיצערין פריימאַן, האָט אים אויסגעהאַקט, און אויף דעם פּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן באַזעצן אַ יידישער ישוב אין סטשעגאָווע. אויך איך, ר' איטשע־מאיר פּיאָטריקאָווסקיס שוועסטערנס זון (פלימעניק) בין דעמאָלט אָנגעקומען קיין סטשעגאָווע. אויף דעם שטח האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די סטשעגאָווער מאַרק־פּלעצער.

אין דער זעלבער צייט האָט די גוט־באַזוכערין פריימאַן אָנגעהויבן פאַרקויפן באַדן אַרום דעם וואַלד, אויף וועלכן יידן האָבן זיך באַזעצט.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט די פריצטע פריימאַן זיך מיישב געווען און פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן סטשעגאָווער און פרעמדע סוחרים, אַז דער מאַרק געהערט צו איר. זי האָט געטענהט, אַז דעם מאַרק האָט זי ניט פאַרקויפט, נאָר די פּלעצער אַרום. דער משפט האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט און צום סוף האָט די פריצטע דעם פּראָצעס געוואונען. אַלע סוחרים, וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיט אַ פּלאַץ אויף דעם מאַרק, האָבן געמוזט צאָלן שטייערן צו איר, ביז די שטאָט־גמינע האָט פון איר אָפּגעקויפט די רעכט און האָט אָנגעהויבן איינמאָנען די צאָלונגען.

גלייכצייטיק האָבן קריסטן אָנגעהויבן קויפן שטיקער באָדן אַרום דעם יידישן ישוב און

יידן האָבן אָנגעהויבן אויפבויען קראָמען. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אַנטוויקלט אַ יידישער ישוב אין סטשעגאָווע מיט אַ גרויסן האַנדל, וואָס איז געווען דורכאויס אין יידישע הענט.

## סטשעגאָווע האָט אַ נייעם נאָמען באַקומען — ניי־בערלין

דאָס שטעטל סטשעגאָווע האָט מיטאַמאָל אַ נייעם נאָמען באַקומען. מען האָט עס אָנגעהויבן רופן ניי־בערלין. דער דאָזיקער שינוי־השם (נאָמען־ענדערונג) איז ניט פּראַקלאַמירט געוואָרן אויף אַן אָפיציעלן אופן און איז אין ערגעץ ניט אַריינגעשריבן געוואָרן אין די אָפיציעלע שטאָט־ביכער. דער נאָמען ניי־בערלין איז אויפגעשוואומען צוליב פאָלגנדיקער סיבה: אַזוי ווי פון אַ וואַלד מיט זאַמדיקן באָדן האָט זיך שנעל אַנטוויקלט אַ שיין שטעטל אויף אַ היבשן פאַרנעם און ס׳האָבן זיך פאַנאַנדערגעבליט געשעפטן מיט האַנדל און פּרנסות; אַ שטעטל, וואָס האָט פּולסירט מיט לעבן און טעטיקייטן, און עס זיינען אַנטשטאַנען שיינע אינסטיטוציעס, האָבן מענטשן דאָס אָנגעהויבן באַצייכענען ווי „ניי־בערלין". קריסטן פלעגן דאָס אויך אָנרופן „נאַוואַ־בערלין".

איך געדענק נישט גענוי, נאָר מיין פרוי דערציילט, אַז אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג אין סטשעגאָווע איז דער נאָמען ניי־בערלין באַשטעטיקט געוואָרן און דאָס האָט זיך פאַרשפּרייט אויך צווישן די קריסטן. אַ פּאָר יאָר איז דער דאָזיקער נאָמען אָנגעגאַנגען, אָבער ווייל דער אָפיציעלער נאָמען איז דאָך געווען סטשעגאָווא, איז „ניי־בערלין" ביסלעכווייז פאַרשוואונדן און פאַרגעסן געוואָרן.

דער יידישער ישוב אין סטשעגאָווע האָט ניט געהאַט קיין אייגענע אָרגאַניזירטע קהילה און איז געווען אונטערגעוואָרפן אונטער דער קהילה פון ראַדזאַנאָווא. די ראַדזאַנאָווער קהילה האָט פון די סטשעגאָווער אויפגעמאָנט שטאָט־צאָלונגען פאַר אַלע באַדערפעענישן פון דער קהילה. דערפאַר האָבן די סטשעגאָווער יידן זיך באַנוצט פאַר אַלע גמינע־געברויכן מיט ראַדזאַנאָווא, ווי, למשל: איינמעלדונגען פון געבורטן, חתונות, גטן, אָדער, ווען חלילה עמיצער איז געשטאָרבן, האָט מען דעם מת מקבר געווען אויף דעם ראַדזאַנאָווער בית־עולם.

ווען הרב יצחק סרעברעניק איז אין יאָר 1904 אָנגעקומען קיין סטשעגאָווע אַלס רב, האָט קהל אָנגעהויבן אַרבעטן צו ווערן אַ זעלבסטשטענדיקע קהילה. דאָס האָט געמוזט קריגן די צושטימונג פון דער רעגירונג און פון דעם פּאָוויאַט אין מלאווע. לסוף, נאָך אַ סך ראַנגלענישן צווישן די צוויי קהילות איז סטשעגאָווע באַשטעטיקט געוואָרן אַלס זעלבסטשטענדיקע קהילה מיט אַלע רעכט. דאַן האָט ר׳ איטשע מאיר פּיאָטרקאָווסקי אָוועקגעגעבן אַ שטיק פעלד פאַר אַ יידישן בית־הקברות. אַרום יענער צייט איז ר׳ פּינחס פּיעטרקאָווסקי, ר׳ איטשע מאירס פאָטער, געשטאָרבן און אַזוי ווי מען טאָר נישט לאָזן אַ מת אַליין אויף אַ בית־עלמין, האָט מען אויפגעבויט אַן אוהל אויף דעם ערשטן קבר.

## צואוואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סטשעגאָווע

ס׳איז שווער זיך גענוי צו דערמאָנען, ווער ס׳איז געקומען פריער און ווער שפּעטער, זיך צו באַזעצן אין סטשעגאָווע, וועל איך דאָ פאַרצייכענען, אויף וויפל עס געדענקט זיך, די וואָס זיינען אַריינגעקומען, לויטן אלף־בית: איצקאָוויטש, מענדל־מאיר (מלמד); איזראעל, נח; איידליץ, עליע־לייב און זיין איידעם; איידליץ, אברהם; אויזעראָוויטש, וואָלף; בערלין, יצחק; בערלין, חיים־יצחק; בערלין, איטשע; בערנשטיין, מענדל (מלמד); בריווטרעגער, משה (שוחט); בזשאָזא, שמואל; גאָלדשטיין, לייזער; גוטמאַרגן, יחיאל; גאָלדשלאַק, משה; גאָלדבערג, שמעון; גיפּס, אליעזר; דאָווידאָוויטש, זלמן; הערשקאָוויטש, לייב (אימניצקער); הערשקאָוויטש, אברהם; ווייר, הערשל; וויעלגאָלאַסקי, יעקב־משה; זאַלצבערג, מרדכי (פעלדשער); זילבערשטראַם, הענעך; זשיכלינסקי, דוד; טיק, דוד; טשוויק, איטשע; טשיזשיק, שואל־דוד; טאוב, נטע;

טאנדיטשארזש, מענדל; טאנדיטשארזש, דוד: יאבלאָנאָווסקי, יצחק; יונגוויץ, שמואל; כרמל, לייזער; לאקריץ, אברהם־בינעם; נאוואגראדסקי, פייוול; נאוואגראדסקי, איצל; נאוואגראדסקי, אבא; סקאווראָן, יעקב; סקאווראן, יצחק; סטאוויצקי, איטשע־מאיר; סטאוויצקי, אברהם; סטאוויצקי, וועלוול; סלאבאגורסקי, אברהם; פאָגלמאַן, יהושע; פינקלשטיין, לייבל (בעקער); פערלבערג, יעקב־זלמן; פאביאן, שרגא; פינקערט . . .; פיעכאטקע, יהודה־חיים; פיעכאָטקע, פינחס; פלוינסקער, מענדל; פרידמאַן, יצחק; פרידנבערג, מאיר־יואל; צאלאָווניק, משה; קאזשעבראדסקי, ברײנע; קאָרנבלוט . . .; קליין, אלימלך; קנאסטער, חיים; קאלאָקאווסקי, איטשע; קופערמאַן, אברהם; קלאַפּמאַן, בערל; ראָזען, ישראל; ראָזענבלום, יעקב; ראָגין, משה־יונה; רעבעק, ברוך; שאַפּירא, מענדל־יוסף; שאַפּירא, שלמה; שאָנעק, יעקב־יוסף; שטשיזשע, אברהם.

אויסער דער רשימה איז געווען אַ נאַטירלעכער צואוואוקס פון געבוירענע, אַזוי אַז דער גאַנצער ישוב פון סטשעגאָווע, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט זיך גערעכנט אַרום זעקס הונדערט נפשות.

דאָס שטעטל איז געוואָקסן און זיך אַנטוויקלט, מיט ליבשאַפט פון איינעם צום צווייטן, אָן אונטערשייד צווישן חסידים און מתנגדים, אָדער צווישן פאַרשיידענע פאָליטישע ריכטונגען. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען ר׳ איטשע מאיר פיאָטרקאָווסקי האָט אָפּגעקויפט פון דעם דייטשן גוט־באַזיצער בענקאָ די מיל מיט אַ שטח פון אַרום 6 וואָליקעס לאַנד אַרום דער מיל, האָט ער געבויט אַ שול און אַ מקוה, כמעט אויף אייגענע קאָסטן און מען האָט אויפגענומען אַ יונגנמאַן, וואָס איז, לויט דעם אַלטן מנהג, נאָך געזעסן אַלס איידעם אויף קעסט, ר׳ יצחק סרעברעניק — אין יאָר 1904 — אַלס רב, וועמען ר׳ איטשע מאיר האָט אָפּגעגעבן אַ דירה אין זיין הויז.

די סטשעגאָווער באַפעלקערונג, די יידישע ווי די ניט־יידישע, איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון ר׳ איטשע מאירס טיף־מענטשלעכע מידות און באַציאונגען. באַזונדער האָט זיין ברייטהאַרציקייט אַלס נדבן געהאַט אַ ברייטן אָפּקלאַנג, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. דער אחדות־געפיל צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך באַזונדער אָפּגעשפּיגלט ווען ס׳זיינען געקומען די יידישע יום־טובים.

סטשעגאָווע האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ העלפט פון מלאווער יידן זיינען ביים אויסברוך פון דער מלחמה, אַנטלאָפן פון מלאווע,



בחורי לומדי דף־יומי בסצ׳גובה, 1932



פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע פון סטשעגאָווע

וואָס געפינט זיך ביי דער דייטשער גרענעץ, און זיינען אויפגענומען געוואָרן אין סטשעגאָווע מיט דער האַרציקסטער און ברידערלעכסטער וואַרעמקייט. יעדע הויז האָט אַריינגענומען צו עטלעכע פאַמיליעס צו זיך — איש כפי יכלתו און מער — אָן וועלכע עס איז באַלוינונגען.

אָט־די אמת־מענטשלעכע באַציאונגען צווישן דעם יידישן ישוב האָט אויך היבש באַווירקט די קריסטלעכע באַפעלקערונג. אפילו דער גלח גראַכאָווסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער אַנטיסעמיט בעת ער איז פריער געווען גלח אין ראטשוינז, איז אויך באַווירקט געוואָרן פון דער הויך־מאָראַלישער אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אין שטעטל און האָט זיך באַ־פריינדעט מיט די יידן, ווי ער האָט עס באַוויזן מיט מעשים. אילוסטראַציעס דאָס צו באַשטעטיקן וועלן ווייטער אַרויסגעבראַכט ווערן.

## דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין סטשעגאָווע

דער יידישער ישוב האָט אָנגעהויבן אויפשטעלן נויטיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי למשל: אַ ביקור־חולים, לינת הצדק, אַ חברה קדישא, חברה משניות, חברה לומדי דף־יומי, אַ גמילת־חסד קאַסע, אַ יידישע באַנק, אַ פרויען־אָרגאַניזאַציע און ענלעכע.

אין דער זעלבער צייט איז אויך געווען פאַרשפרייט דער געדאַנק פון השכלה און עס האָבן אין פאַרשיידענע צייטן אָנגעהויבן זיך פאַרמערן פאָליטישע פאַרטייען און ריכטונגען, ווי אגודת ישראל, צעירי אגודת ישראל, מזרחי, הפועל־המזרחי, החלוץ, אַלגעמיינע ציוניסטן, הנוער הציוני, שומר־לאומי, פועלי־ציון, השומר הצעיר, התחיה און דער בונד. די אַלע האָבן אָנגעפירט פאַר־צווייגטע טעטיקייטן, יעדע איינע אויף איר אייגנאַרטיקן געביט. עס איז אָבער אויך געווען אַ בשותפות־געשאַפענע ביבליאָטעק און אויך אַ דראַמאַטישער קרייז. סיי אַרום דער ביבליאָטעק און סיי אַרום דעם דראַמאַטישן קרייז, האָבן זיך באַטייליקט אַלע, אָן אונטערשייד פון פּאָלי־טישער ריכטונג.

באַזונדער אינטערעסאַנט איז צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס כאָטש די יוגנט האָט זיך געהאַט אירע אייגענע פּאָליטישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע ריכטונגען, האָט זי דאָך, ווען עס זיינען אָנגעקומען די יידישע יום־טובים, זיך ניט איזאָלירט פון דעם אַל־געמיינעם יידישן לעבן, נאָר האָט זיך באַטייליקט אין פייערלעכע מאָמענטן, ווי אין די ימים־נוראים, אָדער ביי הקפות אין שמחת תורה און אַנדערע.

אין די לעצטע יאָרן זיינען געשאַפן געוואָרן צוויי טיפּן קינדער־שולן: „בית יעקב״ און „תרבות״, אַחוץ די פון פריער־עקזיסטירנדיקע חדרים און תלמוד־תורה׳ס.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אַ טייל פון דער יוגנט אָנגעהויבן איינזען, אַז זי האָט פאַר זיך ניט קיין קלאָרע פּערספּעקטיוון פאַר אַ געזיכערטער צוקונפט אין סטשעגאָווע, ווי אין פּוילן בכלל, און האָט אָנגעהויבן אויסוואַנדערן — ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין קובא, אַר־גענטינע, מעקסיקע און שפּעטער אויך קיין פּאַלעסטינע (ישראל).

## כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן אין לעבן פון יידישן ישוב אין סטשעגאָווע

עס געדענקט זיך, אַז ווען דער יידישער ישוב אין סטשעגאָווע האָט זיך אַנטוויקלט און האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ רב פאַרן שטעטל, זיינען מיט דער הסכמה פון קהל, איך און ר׳ שמחה־יואל פּלאָט, ע״ה, געפאָרן אַלס דעלעגאַציע קיין דראָבנין, וואו ס׳האָט געוואוינט אַ גרויסער תלמיד־חכם, ר׳ יצחק סרעברעניק, אַן איידעם אויף קעסט, וועלכער איז געווען ראוי צו פאַר־נעמען די שטעלע פון רב.

ר׳ סרעברעניק האָט מסכים געווען און מיר האָבן זיך צוריקגעקערט מיט אים קיין סטשע־גאָווע. געדענקט זיך, אַז ער האָט געטראָגן דאָס טראַדיציאָנעלע „יידיש היטל״, וואָס איז ניט פּאַסיק פאַר אַ רב און איך האָב דעריבער אויסגעביטן זיין היטל אויף אַ רבנישן קאַפּעליוש.

דאָס שטעטל האָט אויפגענומען דעם נייעם רב מיט גרויס כבוד און ר׳ איטשע מאיר פּיאַטרקאָווסקי האָט אים אויסגעטיילט אַ דירה אין זיין הויז, וואו דער רב האָט זיך באַזעצט. ווי אַ טייל פון דעם רבס הכנסה האָט קהל אים איבערגעגעבן — אַ זאַך וואָס איז געווען אַ טראַדי־ציאָנעלע איינשטעלונג אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך — דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו פאַרקויפן הייזון. אפילו פון די קריסטלעכע בעקער האָבן אַ טייל פון זיי געקויפט הייזון ביים רב.

עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן ווי אַ פעסטגעשטעלטער מנהג, אַז אין די יידישע יום־טובים פלעגן די יידן פון שטעטל זיך פאַרזאַמלען ביים הרב סרעברעניק און פאַרברענגען ביי אים זייער פייערלעך. נאָך אַ שיינע איינפירונג איז געווען, אַז די בעלי־בתים פלעגן פאַר אַ יום־טוב שיקן דעם רב און דעם שוחט כיבוד יום־טוב.

כידוע, איז ביז ר׳ יצחק סרעברעניק איז געוואָרן דער רב פון שטעטל און אפילו אַ שטיק צייט נאָך דעם ווי ער איז שוין געווען רב, איז סטשעגאָווע נאָך אַלץ געווען אָפּהענגיק פון דער ראַדזאַנאָווער קהילה. אין אַ געוויסן טאָג, באַלד נאָך דעם ווי ר׳ יצחק סרעברעניק איז אָנגענו־מען געוואָרן אַלס רב, איז ר׳ יהודה לייב ראָזענבלום, דער רב פון ראַדזאַנאָווע, געקומען קיין סטשעגאָווע און אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, וואָס סטשעגאָווע האָט איינגעשטעלט אַן אייגענע כסא הרבנות. אין דעם האָט זיך געמערקט אַ שטילער קאַמף צווישן די צוויי רבנים.

אויסגעדריקט האָט זיך דער קאַמף אויף אַזאַ מין אייגנאַרטיקן אופן: ביידע רבנים האָבן יענעם שבת געדאַוונט אין דער זעלבער שול, ביידע האָבן „געזאָגט״ די הויכע קריאת־שמע, ביידע האָבן געדאַוונט די לאַנגע שמונה־עשרה און ביידע האָבן געדרשנט. געזיגט האָט הרב סרעברעניק, וועלכער האָט געהאַט הינטער זיך די מערהייט פון דער סטשעגאָווער קהילה, און פאַרענדיקט האָט זיך דערמיט, וואָס די רעגירונגס־מאַכט האָט באַשטעטיקט, אַז סטשעגאָווע איז ראוי צו ווערן זעלבסטשטענדיק.

דער שם פון הרב סרעברעניק איז געשטיגן און האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע

יידישע קהילות, און ווען אין זאקראָטשין איז נפטר געוואָרן דער רב, איז הרב סרעברעניק דאָרט אויפגענומען געוואָרן צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות.

ווי באַוואוסט, פלעגן רבנים און מגידים פאָרן איבער שטעט און שטעטלעך צו האַלטן דרשות. צווישן זיי איז איינמאָל געקומען קיין סטשעגאָווע הרב ר׳ יעקב־שלמה סימיאַטיצקי און האָט באַגייסטערט דעם גאַנצן עולם מיט זיין פייערדיקער דרשה. ער האָט אויף אַזוי פיל אויסגענומען, אַז ער איז באַשטימט געוואָרן בפה אחד אַלס רב. ער איז אויך געווען זייער באַגאַבט אַלס בעל־מנגן און פלעגט באַגייסטערן דעם עולם מיט זיינע תפילות. ער האָט בכבוד אָנגעהאַלטן דעם כסא הרבנות אין סטשעגאָווע ביז די לעצטע טעג, ווען די נאַצישע חיילות, ימ״ש, זיינען באַפאַלן דאָס שטעטל. הרב סעמיאַטיצקי איז נפטר געוואָרן אין דער וואַרשעווער געטאָ. תנצב״ה.

## סטשעגאָווער גמינע

די סטשעגאָווער שטאָט־רעגירונג, די גמינע, פאָליציי, אפילו דער גלח, דער דאָקטאָר — אַלע זיינען געווען זייער באַפריינדעט מיט די יידן. די שטאָטישע ליי־קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן געמיינשאַפטלעך פון די יידן און קריסטן. די קריסטן פלעגן אַריינלייגן זייער געלט אין דער קאַסע און די יידן האָבן דאָס אויסגעבאָרגט. ווען ס׳איז געקומען צו וואַלן, האָבן אַלע קריסטן געשטימט, אַז איטשע־מאיר פיאַטרקאָווסקי זאָל זיין דער פאָרזיצער פון דער קאַסע. שפּעטער, ווען ר׳ איטשע־מאיר האָט זיך אָפּגעזאָגט, איז געוואָרן אויסגעוויילט דער גלח גראָכאָווסקי און ר׳ אליעזר גיפּס. דער אָנערקענטער אָנפירער איז געווען גיפּס.

עס געדענקט זיך אַ פאַל ווען איך האָב זיך געניויטיקט אין אַ הלוואה פון 800 זלאָטעס, און ס׳איז אויסגעפאַלן אין אַ זונטיק, איז ר׳ אליעזר גיפּס אַוועקגעגאַנגען צום גלח און אים געטראָפן אָנגעטאָן אין זיינע גלחשע דינסט־קליידער, האָט דער גלח זיך איבערגעטאָן און איז געקומען זיך אונטערשרייבן, אַז איך זאָל קאָנען באַלד קריגן די הלוואה.

אָט איז נאָך אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד: עס איז געווען אַ פאַל ווען דער דירעקטאָר פון דער פוילישער שקאָלע האָט באַליידיקט אַ יידיש יינגל, האָבן די יידן גערופן אַן אסיפה די זאַך צו באַהאַנדלען. איז דער דירעקטאָר געקומען צו דער אסיפה און האָט די יידן איבערגעבעטן און צוגעזאָגט, אַז מער וועט אַזעלכעס ניט געשען.

## סטשעגאָווער יידן אין פּאַלעסטינע

וועגן די באַציאונגען צו פּאַלעסטינע, זיינען צווישן דעם יידישן ישוב פון סטשעגאָווע געווען פאַרשיידענע מיינונגען און שטימונגען, ווי בכלל אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ביי אַ היבשן טייל סטשעגאָווער זיך אָנגעהויבן פילן אַ דראַנג צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע. אַזוי איז ר׳ איטשע־מאיר פיאַטרקאָווסקי, ז״ל, דריי מאָל געפאָרן מיט דעם גערער רבין קיין פּאַלעסטינע, פונוואַנען ער האָט געשיקט קאָרעספּאָדענצן צו „דאָס יידישע וואָרט", אין וועלכע ער האָט באַשריבן דאָס פּאַלעסטינער לעבן פון די יידן אין יענער צייט.

שפּעטער־צו איז ר׳ אברהם קופערמאַן, אַן איידעם פון דעם שוחט ר׳ אברהם־יצחק ראָזענבערג, ז״ל, אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע, וואו ער איז געוואָרן ראש־הישיבה אין טבריה. מיט יאָרן שפּעטער איז אַוועקגעפאָרן ר׳ אליעזר גיפּס מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. ביי זיין אָפּפאָרן האָט דאָס גאַנצע שטעטל אים באַגלייט מיט גרויס כבוד. ר׳ אברהם־בינעם מארגאלין האָט אים באַגלייט רייטנדיק אויף אַ ווייס פערד, וואָס האָט צוגעגעבן אימפּאָזאַנטקייט צו דעם פייערלעכן מאָמענט. אַלע יידן האָבן אים צוגעוואונטשן, אַז ער זאָל זיין דער, וואָס וועט אויסטרעטן אַ וועג פאַר אַלע אַנדערע אים נאָכצופאָרן.

ליידער, האָט ר׳ אליעזר גיפּס ניט מצליח געווען און איז צוריקגעקומען קיין פוילן און איז

שפּעטער, אין דער צייט פון דעם איבערפאַל פון די היטלעריסטישע מערדער, אומגעקומען מיט אַלע אַנדערע סטשעגאָווער יידן. זייענדיק אין פּאַלעסטינע האָט ער באַוויזן דאָרט חתונה מאַכן זיין עלטסטע טאָכטער לאה און אַדאַנק דעם, זיינען נאָך דריי פון זיינע קינדער אַהין אַריבערגע־פאָרן. דער פינפטער, משה, דער איינציקער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון היטלערס מערדער איז נאָכן גרויסן חורבן אין פּוילן געקומען אין 1945 קיין ישראל.

מיט אַ צייט פריער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע בן־ציון לאַקריץ און אויך איך מיט מיין פאַמיליע און דערנאָך זיינען איינציקווייז אַריבערגע־קומען נאָך סטשעגאָווער, אַזוי אַז אין איצטיקן מאָמענט ציילן זיך צווישן 60 און 70 נפשות פון סטשעגאָווער אין ישראל.

## דער אונטערגאַנג פון סטשעגאָווע

בעתן אונטערגאַנג פון דעם ליבן, אומפאַרגעסלעכן שטעטעלע בין איך שוין דאָרט ניט געווען. דאָס טראַגישע קאַפּיטל פון דעם חורבן און שרעקלעכע פּייניקונגען האָבן אַנדערע, פון די שארית־הפליטה, וועלכע האָבן די טראַגעדיע אַליין איבערגעלעבט, באַשריבן אין דעם בוך.

דאָס האַרץ ווערט פאַרציטערט און פאַרקלעמט ווען מען גיט אַ טראַכט וועגן דעם מוראדיקן חורבן, אין וועלכן אונדזער ליב שטעטעלע סטשעגאָווע איז אויך מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם בלוטיקן שטראָם, וואָס האָט אַריינגעכאַפּט דעם כלל ישראל — איינשליסנדיק דאָס פּוילישע יידנטום.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך שליסן מיט מזכיר זיין דעם אָנדענק פון מיין טייערער און ליבער טאָכטער ברײַנע־רחל מיט איר מאַן חנא סטאַוויצקי און מיינע צוויי אייניקלעך — אהרן וצבי יהודה, און מיינע צוויי טייערע שוועסטער לאה און רחל מיט איר מאַן מאיר און זייערע קינדער. תהא נשמתם צרורה בצרור החיים.

יזכור אלקים נשמת כל אנשי עיר סטשגובה ונשמת כל קרובי וקרובותי ונשמת כל קדושי ישראל, הן שהומתו, הן שנהרגו, הן שנשחטו, ושנשרפו, ושנטבעו, ושנחנקו, הן שהותלו על קדושת השם. ה׳ ינקום את דמם ותנצב״ה.



גרופּע הנוער הציוני אין סטשעגאָווע

יוסף ראָזענבערג (תל־אביב)

# סטשעגאָווע לעבט אין מיין דמיון

דאָס לעבן האָט זיך זיינע געזעצן, איינגעאָרדנט פּלאַנמעסיק ווי דורך געניטע אינזשענירן. די געזעלשאַפט איז איינגעטיילט אין פאַמיליעס, יעדער מענטש אַלס פאַמיליע־מיטגליד שפּילט זיין ראָלע אין זיין צייט, אָבער ס׳גלייכגעוויכט האַלט דער מענטש נאָר אָן אין די ראַמען פון דעם גאַנצן פאַמיליען־לעבן. עס קומען מיט דער צייט אָן פאַרשיידענע ענדערונגען, נעמלעך: מענטשן ווערן געבאָרן; דאָס הייסט, פון צייט צו צייט איז צוגעקומען איין מיטגליד אין דער משפּחה. מענטשן שטאַרבן; דאָס הייסט, פון צייט צו צייט איז אָפּגעקומען איין מיטגליד פון דער משפּחה. אָט די פאַקטן שאַפן פרייד אָדער טרויער, אָבער, אין אַלגעמיין, בלייבט דאָס גלייכגעוויכט . . . די פאַמיליע, אַלס גאַנצע, איז ווי אַ בוים מיט טיפע וואָרצלען אין דער ערד, מיט פיל צווייגן אויפן שטאַם, טיילמאָל ווערט אָפּגעטריקנט איין וואָרצל . . . טיילמאָל קומט צו איין צווייג. אין דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס איז שטענדיק פאַראַן אַ שטאַם, וואָרצלען און צווייגן . . . מאַכט זיך אַמאָל, ווען צוליב פאַרשיידענע סיבות ווערן אַלע וואָרצלען פאַרסמט און הערן־אויף צו פליסן זייער לעבנס־זאַפט אין דעם שטאַם מיט זיינע צווייגן, אָדער זיי, די וואָרצלען, ווערן מיט איין מאָל פאַרניכטעט — ווערט אַלץ אָן דאָס גלייכגעוויכט און יעדער לייכט ווינטל, וואָס קיינער באַמערקט עס צומאָל נישט, באַוועגט עס אויף אַלע זייטן (ווען ער פאַלט אפילו נאָך נישט אום . . .).

אָט דאָס האָט פּאַסירט אין דער לעצטער צייט . . . בעת דעם חורבן פון אייראָפּייאישן יידנטום, ווען ביי דער פאַרניכטונג פון די זעקס מיליאָן יידן זיינען אומגעקומען און אויסגעריסן געוואָרן גאַנצע פאַמיליעס און די איינצעלנע וואָס זיינען פאַרבליבן, צי זיי זיינען על פּי נס אַרויס לעבעדיקע פון חורבן, צי ווייל זיי זיינען נאָך פריער אַוועק פון אייראָפּע, זיינען פאַקטיש, אין אַ געוויסער מאָס, גייסטיק אומבאַלאַנסירט. נישט בלויז זייער טרויער, נאָר זייערע נערוון זיינען אינגאַנצן נישט אין נאָרמאַלן צושטאַנד. יעדע קלייניקייט וואַרפט זיי אַרויס פון גלייכגעוויכט, און כמעט אָן שום סיבה וועקן זיי זיך אויף פון שלאָף, ווערן פלוצלונג דענערווירט א. אַז. וו. די איינציקע סיבה דערפון איז, וואָס מיטאַמאָל איז דער מענטש געבליבן אַבסאָלוט אָן וואָרצלען. קיינער האָט אָבער ניט געקוקט אויף צוריק, אויף דער עטנישער ווייטקייט, דאָך האָט יעדער איינער שטענדיק געלעבט מיט טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער. אין געדאַנק מיט זיי געלעבט, מיט זיי פאַרבראַכט, מיט זיי זיך געטיילט מיט שמחות און מיט טרויער, אפילו ווען ער האָט זיי וועגן דעם נישט געשריבן. פלוצלונג, מיט איין מאָל, האָט דאָס אַלץ אויפגעהערט. דער מענטש קוקט זיך אַרום — אַלע וואָרצלען זיינען מיט איין מאָל — מיט איין מאָל, געוואָרן אונטערגעהאַקט און ער האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען, און האָט פון דאַן אָן די גלייכגעוויכט פאַרלאָרן . . .

איך בין איינער פון זיי . . .

***

איינמאָל, אין אַ מיטנדערנאַכט, ווי ס׳וואָלט מיר ווער מיט אַ האַמער אין קאָפּ געגעבן אַ קלאַפּ און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. צי איז דערצו געווען עפּעס אַ סיבה? — ניין. עפּעס אַ קוים באַמערקבאַר ווינטל האָט דעם בוים אָן וואָרצלען אַ טרייסל געטאָן. נישט מער . . . שלאָפלאָזיקייט איז דאָך די פיינלעכסטע זאַך. איך בין אַרויס פון בעט און אַרויף אויף דער טעראַסע. דאַן האָט מיך עפּעס אַזאַ וואַרעם געפיל אַרומגענומען. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און דערזען אַ בלענדנדיקע לבנה און אַ הימל באַזייט מיט בלאָס־בלאַנקענדיקע שטערן. איך האָב מיך מיט זיי דערפרייט ווי מיט אַ גאָר אַלטן, אינטימן פריינט. און דאָס וואַרעמע

געפיל האָט מיך ווי מיט דער האַנט געפירט צו דעם קוואַל פון אָט דער אַלטער צוגעבונדנקייט — סטשעגאָווע — מיין קליין שטעטעלע סטשעגאָווע.

ווער נאָך איז דער לבנה אַזאַ פריינט געווען, ווי די איינוואוינער פונעם אָרעם קליינעם שטעטל, אָן עלעקטרישע ליכט, וואָס באַנוגענען זיך מיט איר בלאַסן, אינטימן פנים־שיין אין אַזעלכע נעכט!

די גרויסשטאָטישע מענטשן איגנאָרירן דאָך די לבנה און זיי פאַרראַטן זי מיט די שרייענדיקע, חוצפהדיקע עלעקטרישע ליכט, אָבער איך, פון אַ קליינטשיק שטעטל, וואָס די לבנה איז מיר אַזוי טייער געווען די אַלע יאָרן, ביז כ׳האָב עס פאַרלאָזט, איז ווען איך טראַכט נאָך וועגן שטעטעלע סטשעגאָווע, שטעל איך זיך עס נאָר פאָר ביינאַכט, אונטער די לבנה־הימלען. ווייל די זון־ליכט איז דאָך גלייך אומעטום — אין תל־אביב ווי אין סטשעגאָווע.

ווי מיט אַן אַלטן פריינט האָב איך זיך ווי פאַנאַנדערגעשמועסט מיט איר דאָ וועגן מיין סטשעגאָווע. איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן די טרויעריקע ווירקלעכקייט. אַלץ האָט אויפגעטויכט אויף דער אויבערפלאַך, ווי כ׳וואָלט עס נאָכאַמאָל איבערגעלעבט, אָדער, בעסער געזאָגט — ווי איך וואָלט זיך אומגעקערט מיט אַ פאָר יאָר צוריקוועגס.

איך האָב אַלץ נאָכאַמאָל מיטגעלעבט, אָבער דאָך אַנדערש. דער צייט־אָפשניט האָט דאָך געווירקט און פערספעקטיוו־אַרטיק האָט ביי יעדן אויפטויכנדיקן פערזאָן פון דעם אַזוי באַקאַנטן סטשעגאָווער יידנטום, זיך אויסגעטיילט געוויסע זייטן און מאָמענטן פון זיין לעבן, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעראינערונגען: אָט־דאָס איז ער! דאָס — און נאָך עפּעס . . .

בייטאָג איז דאָך יעדערער געווען פאַרנומען מיט זיין באַשעפטיקונג. אויף אַ קליינשטעטלדיקן אופן, אָבער דאָך באַשעפטיקט. מען האָט געקאָנט כאַפּן אַ שמועס מיט וועמען, אָבער דער עיקר אין געשעפט־אָנגעלעגנהייטן. אין אָונט האָט זיך יעדער איינער זיין אייגענעם איך געלעבט, האָט זיין אייגענע פיזיאָנאָמיע בולטער אויפגעדעקט.

יעדנפאַלס, די לבנה האָט מיך דערנעענטערט צו סטשעגאָווער מענטשן און יעדערער, וואָס איז אין מיין וויזיע פאַרבייגעגאַנגען, האָב איך אים ווי דורך אַ גלאָז דורכגעקוקט און דערזען די הויפּט־שטריכן פון זיין כאַראַקטער און זיך דערמאָנט, און גלייכצייטיק זיך פאַרגעשטעלט, זיין גאַנצע פיזיאָנאָמיע לויט ווי איך האָב אים געקענט.

אָט־די לבנה־נאַכט האָט רעקאָנסטרואירט מיין אומגליקלעך־אומגעקומען שטעטעלע . . . עס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון אַ וואונדערלעכער נאַכט, ווען כ׳האָב אין לבנה־שיין אָן מיין שטעטל זיך דערמאָנט. סטשעגאָווע. שטיל. אָוונט. אונטער יעדן באַלויכטענעם פענצטער זיצט ווער און קוקט אַריין אין אַ צייטונג אָדער אין אַ בוך. אויפן שאָסיי שפּאַצירן גרופּקעס מענטשן — ייִנגלעך מיט מיידלעך. דער שפּאַציר פאַרנעמט זיך פון צענטער שטעטל, דאָס הייסט, דער שאָסיי אין מאַרק צום זאַגאַיניק און צוריק, ביז אויף יענער זייט בריק א. אַז. וו.; ווי פון אָט־די שפּאַצירנדיקע גרופּקעס טיילט זיך אויס אַ פּאָרל, שפּאַצירט לאַנגזאַם, פאַרחלומט. ווייניק פון זייער געשפּרעך הערט זיך. אויף דער בריק בלייבן זיי שטיין, קוקן אין וואַסער, וואָס אַרום זיי זעען זיי אַבסאָלוט נישט. נאָר זייערע הערצער רעדן. און אָט־די שטומע נשמה־שפּראַך פאַרשטייען זיי אַמבעסטן. און ווען נאָך אַ לאַנגן שטיל־שוויגן הויבן זיי אָן צו רעדן, איז עס אַ סודותדיק איינרוימען, ביי די עדות פון די שטילע, געהיימניספולע וואַסער־כוואַליעס אין גערויש פון די גראָזן אויף די וואַסער־ברעגעס, דעם אינטימסטן „הרי את מקודשת לי״ . . .

די שטערן אויפן הימל ווינקען זיך איבער איינער מיטן אַנדערן ווי טשיקאַווע קינדער, וואָס האָבן בגנבה עפּעס סודותדיק דערזען . . . נאָר די גוטמוטיקע לבנה, ווי זי וואָלט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „נאַרישע קינדער, דאָס איז ניט קיין נייעס. דאָס איז אַן אייביקע שפּיל.״ יעדער יונג פאָר־פאָלק איז זיכער, אַז אָט־דאָס געפיל פון אמתער, ריינער ליבע, איז זייער דערפינדונג . . . דאָס וועלן אויך אין יאָרן שפּעטער זייערע קינדער טראַכטן.

צווישן די געוועלבער און הייזער דרייען זיך אויך די טאַטעס פון אַט־דעם פאַרליבטן פּאָרל ביים וואַסער און פירן צווישן זיך אַ לעבהאַפטע געשפּרעך וועגן זייער פּראָזאַאישע ענינים — נדן, אויסשטייער א. אַז. וו. דער שפּאַציר גייט אָן אויפן שאָסיי, אָדער אין די געס־לעך. אין מאַרק שאַרן זיך אַדורך איינצעלנע פּערזאָנען, און איך זע זיי ווי זיי וואָלטן באמת פאַר מיינע אויגן געשטאַנען, און כ׳האָב אויפגעציטערט. זיי זיינען דאָך אַלע אַזעלכע אייגנ־אַרטיקע טיפּן. לעבנדיק צווישן זיי און מיט זיי איז עס פאַרטושט געוואָרן אין אַלגעמיינעם סך־הכל: סטשעגאָווער יידן. אָבער איצט — ווי פון אַ נעפּל הויבן זיך מיר אָן אַרויסצושאַרן איינצעלנע מענטשן, און ווען איינער דערנעענטערט זיך, זע איך אים ווי אונטער אַ פּראָזשעק־טאָר, און ער טיילט זיך מיר אויס אַלס אַ באַזונדער אייגנאַרטיקער טיפּ . . .

אין דעם גאַנצן געווירמל פון דער שפּאַצירנדיקער יונגוואַרג מיט דעם פילזייטיקן איינ־האַלט פון זייערע שמועסן — פּאָליטיק, פּאַרטיי, ליטעראַטור און, ווי שייך — אַביסל רכילות . . . שלייכט זיך ווי ביי די ווענט עפּעס אַ פיגור. איך קוק זיך גוט איין — אליהו אויזעראָוויץ (עליע גראַטש . . .). ער דרייט זיך אַהין און צוריק פאַרטראַכט. יאָ. פאַרטראַכט. אין פלוג, אַ פּשוטער מענטש, דאָך עפּעס אַן אייגנאַרטיקער טיפּ, אין גאַנצן הור־האַ זיינעם. סעדער אין זומער, און אין האַלבן ווינטער אַריין דאָס אויבסט פאַרקויפן, און אין דער צווישנצייט אויך אַ שניידער, און איז פאַרנומען מיט באַזאָרגן סגולות אויף קינדער.

ווי ווין אויף קידוש און הבדלה אין שול, האָבן זיינע סגולות אָבער אָנגענומען רעאַלע פאָרמען. אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן האָט ער צוגעשטעלט הילף פאַר אָרעמע לייט אין די פונקטן וואָס אַנדערע האָבן עס נישט אויסגעפילט. ווען, למשל, עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מעות־חיטים, האָט ער שוין געזאָרגט פאַר אָרעמע לייט אויף פּסח אויך פאַר מצות און ווין און האָט געזאַמלט געלט און פאַראייַנוועגס שוין געזען צו געבן די אָרעמע לייט קאַרטאָפל, אַ שטיקל פליש, פעטס א. אַז. וו. און מיט דער צייט זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט באַזאָרגן אויף פּסח, נאָר אויך אויף אַלע יום־טובים א. אַז. וו. און וואָס ווייטער ער איז אין דער אַרבעט אַריין, איז ער אין דעם ווי אַריינגעוואָקסן געוואָרן און דערפילט ממש וואו די נויט געפינט זיך און ממילא פאַראיידלט דעם מענטש. ער האָט זיך ווי אויסגעטאָן פון זיין אייגענעם איך, און זיך איינ־טערעסירט מיט יענעם . . . אַחוץ דעם האָט דער מענטש פאַרמאָגט אַ גרויסן טאַלאַנט פון הו־מאָר און שאַפן גראַמען. זיין גרעסט גליק איז געווען ווען ער האָט געקאָנט אויפטרעטן אויף אַ חתונה אַלס בדחן . . . דער פאַקט איז, אַז ער האָט געבדחנט . . . ער האָט דאָך גע־גראַמט. און די גראַמען האָבן זיך דאָך פאָרט געקלעפּט איינס צום אַנדערן. פון אַזאַ פּשוטן מענטשן, אָן בילדונג, איז עס אַ פיינע מדרגה.

ווען איך טראַכט וועגן אים, בין איך איבערצייגט, אַז אין דעם מענטשן איז פאַרלאָרן גע־גאַנגען אַ דיכטער. ער איז געווען אַ פילבאַרער מענטש, וואָס פּאַסירונגען האָבן געפונען אַן אָפּ־קלאַנג אין זיין נשמה, און ער האָט געפּרואווט זיי באַקליידן מיט גראַמען. פאַרשטענדלעך, אַלץ אין קאָפּ און נישט אויפן פּאַפּיר. עס געדענקט זיך אַ געשיכטע מיט יאָרן צוריק, אין 1922, ווען מיין מומע גיטעלע איז אַזוי יונג געשטאָרבן. אין אַזאַ קליין, צוזאַמענגעוואָקסן שטעטעלע האָט דאָס געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. אַזאַ יונגע פרוי געשטאָרבן און איבערגעלאָזט קליינע קינדער. ביי עליע גראַטש האָט די טראַגעדיע געקראָגן אַזאַ אָפּקלאַנג אין זיין נשמה, אַז ער האָט איר געווידמעט אַ דיכטונג. ביי אים האָט עס געהייסן, ער האָט אויף דעם געמאַכט גראַמען . . . פאַרשטענדלעך, אַז קיינעם האָט ער וועגן די גראַמען נישט דערציילט, נאָר מיר, אַ קליין ייִנגל, וואָס די טראַגעדיע האָט מיך פערזענלעך אָנגערירט. מיר האָט ער דערציילט . . . אָבער ווען איך דערמאָן זיך וועגן דעם, שטוין איך, ווי ער האָט עס אויפגעפּאַסט, ווי פילנד ער האָט געשילדערט די אידיליע פון דער שטוב, וואָס איז געוואָרן דורך דעם טרויעריקן פּאַל צעשטערט און ער האָט טרויעריק געזונגען: „איך פלעג קומען שעכטן אַ הון מיט אַ קוויטעלע — און מער נישט געהערט ווי משהלע און גיטעלע״ . . . איז דאָס נישט פילבאַרע דיכטונג?

אַ פּערזאָן קרייצט דורך דעם מאַרק. איך דערקען אים: ר׳ מרדכי לאַנקאָ. אַן אַלטיטשקער, אָבער מיט אַ זשוואַוון גאַנג, דראָבנע שנעלע טריט. וואָס איילט ער זיך אַזוי? — פּיפּקעט די ליולקע און איילט זיך אַהיים. דאָס ציט אים אַזוי אַריינצוקוקן אינעם ספר הישר, וואָס זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז אין מעשיות פון דעם ספר זיך צו גריבלען. אָט־די מעשיות האָבן אויף אים אַזוי געווירקט, ער האָט מיט זיי אַזוי געלעבט, אַז איינמאָל האָט ער דעצידירט זיך אָנצונעמען די קריוודע פון זיינע ספר הישר־העלדן, דאָרט וואו די בני יעקב ווערן אַזוי הערלעך געשילדערט אין אַלע הינזיכטן. איינמאָל האָט ער זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און מוט, זיך אויסגעכיכעט דעם האַלדז און איז אין בית־המדרש צוגעגאַנגען צו ר׳ משה שוחט: „משהלע, זיי מיר מוחל, כהע־כהע, ב׳בעט דיך, כ׳הער ווי די לומדים לערנען די הייליקע גמרא און זיי זאָגן, אַז ראובן האָט געבאָרגט ביי שמעונען געלט און נישט געוואָלט באַצאָלן, און אַז לוי האָט געגנבעט ביי יהודהן. משהלע, ווי אַזוי קאָן דאָס זיין, אַז ראובן, שמעון און לוי — אַזעלכע צדיקים — קינדער פון יעקב אבינו, אַז זיי זאָלן גנבנען, באָרגן און נישט באַצאָלן? ווי אַזוי, כהע־כהע?״ . . .

משהלע שוחט, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט אים געענטפערט גוטמוטיק: „הערט, ר׳ מרדכי! ווער זאָגט, אַז ראובן, שמעון און לוי פון דער גמרא זיינען די בני יעקב? אין דער גמרא רעדט מען וועגן ראובן האָלץ־העקער, וועגן שמעון שוסטער, און לוי וואַסער־טרעגער.״ ער, ר׳ מרדכי, איז אַוועק אַ צופרידענער, צעפּיפּקעט די ליולקע, זיך פאַרהוסט אַביסל — כהע־כהע — און געזאָגט ספק צו וועמען אין בית־המדרש, ספק צו זיך אַליין: „כ׳האָב געמיינט, אַז אונדזער משהלע שוחט קען לערנען, צום סוף זאָגט ער גאָר, אַז ראובן איז אַ האָלץ־העקער, שמעון אַ שוסטער, לוי אַ וואַסער־טרעגער. נע, אַבי כ׳האָב געמיינט, אַז ער קען לערנען״ . . .

געווען איז ר׳ מרדכי אַן אָביעקט פאַר גמילת־חסדים. שטענדיק האָט ער זיך גענויטיקט אין אַ גמילת־חסד. אָנהויב זומער האָט אים געפעלט געלט אויף צו דינגען אַ סאָד — אַזאַ וואַזשנעם סאָד, אַזעלכע אויסזיכטן אויף אַ גערעטעניש. — איך בין דאָך אַ מבין, פלעגט ער זאָגן. לויטן בליען דאַרף איך פאַרדינען אַ הון — אַ פאַרמעגן. נישט בלויז וועל איך קענען אָפּגעבן דעם גמילת־חסד, נאָר עס וועט מיר נאָך פיל, פיל איבערבלייבן, אַזוי האָט ער יעדן אָנהויב זומער געטענהט. יעדן ווינטער, נאָכן סעזאָן, האָט זיך, געוויינלעך, אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות און ער האָט גאָר דערלייגט צום סאָד. ער נויטיקט זיך ערשט פון דאָסניי אין אַ גמילת־חסד . . .

*
**

די לבנה הויבט זיך העכער איבערן הימל. דאָס שטעטל שיילט זיך אויס פון דער ווי פאַר־נעפּלדיקער טונקלקייט, דער מאַרק ווערט באַלויכטן. פון געסל וואָס פירט פון פּיאָטרקאָווסקיס טויער צום מאַרק, קומען אָן צוויי סטשעגאָווער אָנגעזעענע בעלי־בתים. איינער זעצט פאָר זיין גאַנג איבערן מלאָווער וועג צו זיך אַהיים — ר׳ ישראל ראָזען, ער שפּרייזט מיט נישט קיין שנעלע, נאָר לאַנגע און פעסטע טריט. אַ שיינער ייד, מיט אַ באָרד אַ לאַנגער, וואָס בשעת אַ ווינט, טיילן זיך די שפּיצן פאַנאַנדער, יעדער טייל אויף דער באַק אַרויפצו. ער גייט פאַרטראַכט אין זיך אַריין, אַממערסטן אונטערברומענדיק אַ חסידישן ניגון. ווער ווייסט אָבער, צי די טעמפּאָ פון ניגון גייט האַנט־אין־האַנט מיט די געדאַנקען . . .

אַ קאָמפּליצירטער טיפּ, זייער פאַרשידנאַרטיק, גייט געלאַסן און רעאַגירט שאַרף אויף אַלעם, נישט זייענדיק קיינמאָל זיכער, אַז אָט־דאָס מיינט ער טאַקע — אַ טיפּ, וואָס טיילט זיך אויס פון אַנדערע שוין מיט זיינע פילע באַשעפטיקונגען, — אַ געוועזענער סטשעגאָווער תושב, ר׳ זלמן דאַווידאָוויטש, אַ מענטש מיט אַ ספּעציפישן געזונטן הומאָר, רעכנט ער אויס ר׳ ישראל ראָזענס פּרנסות: וכך היה מונה . . . אַ מאַנגל, אַ סאָד, אַ הויז, אַ הונט, אַ לאָדאָווניע, אַ שניט־מסחר (אַ טיש אויפן מאַרק) ועל כולם אַ קוואַס־פאַבריק . . . וואָס דערפאַר הייסט ער דאָך ישראל קוואשניק . . . און ווער געדענקט ניט דעם געלן שמואל יעזעווער, ווען ער איז געווען שמש

און גייענדיק וועקן צו סליחות קלאַפּנדיק אין פֿענצטער: ר׳ ישראל קוואַ־שניק — שטייט אויף צו סלי־חות! . . .

נאָך זלמן דאַווידאָוויטשעס אַוועקפֿאָרן איז אים צוגעקומען נאָך אַ פּרנסה — תבואה־מסחר. און פֿאַרשיידנפֿאַרביק איז אויך געווען זיין לעבן. אין פֿלוג סאָליד. מ׳האָט מיט אים געקאָנט שמועסן וועגן פֿאַרשיידענע פֿראַגן. פּלוצלונג ווערט ער אויפֿגעברויזט און רעאַגירט זייער שאַרף, נישט איבערקלייבנדיק קיין ווערטער, און טראָגט זיך אָפּ, נישט רעכענענדיק זיך ווער זיין מיט־שמועסער איז. ביי אַ שלעכט געמיט קאָן ווער אים פֿרעגן וועגן באַהייצונג און תלמוד־תורה, און יענער זאָל פֿון אים באַקומען אַן ענטפֿער: „שלאָג דיר קאָפּ אין וואַנט" . . . אין אַלגעמיין זייער אַן אימפּולסיווער כאַראַקטער, וואָס צוליב פֿאַרשיידענע סיבות — אפשר צוליב אַ נישט באַפֿרידיקטער שטרעבונג — איז ער געבליבן אַזוי קוועקזילבערדיק, וואָס שטייגט לויט דער טעמפּעראַטור . . . אַ ייד אַ בן־תורה.

שטאַרק פֿאַרביסן האָט ער געקעמפּט קעגן ציוניזם. אָבער ווי בן־ציון באָגען גיט איבער, האָט ער אין דער געטאָ אָפֿן דערקלערט מיט טיפֿער חרטה, ווי ווייט ער האָט אַ טעות געמאַכט.

איך פֿאַרגעס נישט דעם פֿאַקט, אַז איך האָב פֿון אים פֿיל געליטן אַלס ציוניסט, אין די לעצטע צייטן נישט געווען מיט אים שוה בשוה, אָבער אין אָוונט, פֿאַר מיין עולה זיין נאָך ארץ־ישראל, איז ער, ר׳ ישראל ראָזען, געקומען צו מיר, אַ יונגער בחור, זיך געזעגענען . . .

דער פּאַרטנער זיינער איז אויסערלעך אַנדערש פֿון ר׳ ישראל ראָזען. ער איז נידעריקער. אַריינקומענדיק אין מאַרק, פֿאַרדרייט ער זיך אויף רעכטס, גייט אָפּ אייניקע הייזער, קומט צו צו אַ ברעטער־סקלאַד, באַקוקט דעם שלאָס צי ער איז אין אָרדענונג פֿאַרשלאָסן, גייט צוריק צוויי הייזער און אין דרויסן גייט ער אַרויף אייניקע טרעפּלעך, צו זיך אין שטוב.

ר׳ פֿייוול נאָוואָגראָדסקי, איינער פֿון די שענסטע טיפּן און פֿון די שענסטע יידן אין סטשעגאָווע, נאָר כ׳ווייס אַליין נישט פֿאַרוואָס איך דערינער זיך אַממערסטנס פֿון אים אַלס קראַנקער. אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען קראַנק און זיין גאַנץ לעבן האָט זיך געדרייט אין דער קרענק צווישן איין אַטאַקע און דער צווייטער (ער האָט געליטן אויפֿן האַרץ). איז ער געלאָפֿן אין האָלץ־סקלאַד אַריין מיט זיינע דראָבנע שנעלע טריט. ס׳האָט פֿון דערווייטן אויסגעזען ווי ער לויפֿט; צווישן איין התקפה און דער צווייטער געלערנט אַ שיעור, אָנטייל גענומען אין אַ קהלה־זיצונג א. אַז. וו. פֿאַרוואָס ער איז מיר געבליבן אין זכרון אַלס קראַנקער? — אפשר פֿון דעם כאַראַקטעריסטישן אופֿן פֿון זיין רעדן אין דער צייט פֿון זיין קרענק.

— ר׳ פֿייוול — פֿרעג איך אים — וואָס פֿעלט אייך? און ער ענטפֿערט: „ס׳פֿעלט מיר גאָר־נישט און איך האָב גאָרנישט" . . . צוויי נעכט פֿאַר זיין טויט זיץ איך ביי אים, און ווען ער קומט צו זיך אויף אַ ווײַלע זאָגט ער:

„נו, וואָס באַלעמוטשעט איר? לעבט! לעבט, כל־זמן איר זענט יונג!" אין אַ מינוט אַרום: „נו, לעבט! איר זעט דאָך וואָס דאָס לעבן איז" . . . און וועבט אַריין דעם באַוואוסטן פּסוק פֿון קהלת, אין אַ פֿלאַסטישער פֿאָרם . . . אַ ייד אַ פּקח, אַ גרויסער למדן, און מיט אַ סך געדולד. ביי אַ שיעור האָט ער געקענט אָפּזיצן ביי אַ שטיקל גמרא ווי לאַנג. וואָס מער קשיות אַלץ צופֿרידענער איז ער געווען. אַ לאַנג־יאָריקער דאָזאָר, איז ער געווען באַליבט ביי דער באַפֿעלקערונג. אָט־די צוויי, ר׳ פֿייוול נאָוואָגראָדסקי און ר׳ ישראל ראָזען, גייען פֿון ר׳ יצחק־מאיר פּיאַטרקאָווסקי. יעדן אָוונט פֿאַרברענגען זיי צוזאַמען אין קאַבינעט ביי אַ שיעור גמרא, ביי אַ געשמאַק גלעזל טיי. דאַן ווערן אַרומגערעדט פֿאַרשיידענע ענינים — אַלגעמיינע און פּערזענלעכע . . . ר׳ משה שוחט מיט זיין שאַרפֿזיניקייט רופֿט אָן דאָס טישל אַרום וועלכן די דריי זיצן און לערנען: „דאָס משכנתא טישל", ווייל דאָרט לייגט מען אַרויף יעדן סטשע־גאָווער סוד . . .

די צווייטע פֿראָנט־טיר פֿון דעם זעלבן הויז, וואָס איז אַריין אין אַ ווינקל־וואוינונג, ביים ווינקל פֿון מאַרק און געסל, פֿירט צו פּיאַטרקאָווסקיס מיל. די טיר דערמאָנט מיך אָן אַ

מערקווירדיקן סטשעגאָווער ייד, אַן אינטערעסאנטער טיפּ, וואָס איז, קאָן מען זאָגן, אויף אַ טראַגישן אופן נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן . . . ר׳ שאול־דוד טשיזיק. עס געדענקט זיך אַן עפּיזאָד, וואָס האָט אויף מיר, קינדווייז, געלאָזט אַ טיפן איינדרוק. אונדזער הויז איז געווען אַ קאָנצענטריר־פונקט פון פּאָליטישע נייעס. מיין פאָטער איז געווען פון די ערשטע אַבאָ־נענטן אויף אַ צייטונג. ער האָט זיך אַבאָנירט אויף דעם „פריינד". אַ ייד האָט דאָך ליב צו הערן נייעס, אפילו ווען מען טאָר קיין בלאַט נישט לייענען . . . יעדן אָוונט פלעגן קומען יידן הערן נייעס. איינמאָל איז ביי אונדז אין שטוב געווען ר׳ שאול־דוד טשיזיק. ער איז אָפּגעזעסן מיט מיין פאָטער אַ פּאָר שעה אין אַ שמועס, און ווען ער איז שפּעט ביינאַכט אַוועק, האָט מיין פאָטער געזאָגט צו מיין מוטער: ער איז אַ „משכיל".

איך האָב נאָך דאַן נישט פאַרשטאַנען דעם באַדייט פון דעם וואָרט, נאָר דאָך האָט עס מיר געקלונגען מיסטעריעז. פון דאַן אָן האָב איך אויף אים געקוקט מיט יראת הכבוד: אַ משכיל! . . . ווען כ׳בין עלטער געוואָרן, איז מיר אָפּט אויסגעקומען מיט אים צו שמועסן. ער האָט מיך פאַראינטערעסירט מיט זיין אַרט רעדן. דאַן האָב איך דערפילט ווי ווייט ער איז אָפּגעריסן פון זיין אייגענעם איך . . . אַ ייד אַ למדן. אין זיין שטאָט פלאנסק, האָט ער געשמט אַלס אַ גוטער בחור און געהאַט אַ נטיה צו השכלה. אין יענע יאָרן איז פלאנסק געווען אַדורכ־געדרונגען מיטן גייסט פון השכלה און ציוניזם. ווען ער בלייבט דאָרט, אָדער ווען ער וואָלט אַריבער אין אַן אַנדער שטאָט מיט אַזאַ מין אַטמאָספער, וואָלט ער זיך אויסגעלעבט פריי אין זיינע שטרעבונגען. קיין פעסטער כאַראַקטער, אָדער רעוואָלטירנדיקער טיפּ איז ער, ווייזט אויס, נישט געווען און איז געבליבן „קרח מכאן וקרח מכאן" — נישט ווערנדיק אָפּגעשאַצט פון די אַרומיקע און אויך נישט פון דער פאַמיליע.

ווי איצט שטייט ער מיר פאַר די אויגן אין בית־המדרש, איינגעבויגן איבער אַ ספר נאָענט צו זיין פּנים. קורצזיכטיק, באַמיט ער זיך אַריינצונעמען די האָר פון קורצן בערדל אין מויל אַריין און קוקן — קוקן אין ספר אַריין, אַזוי איינזאַם, אַזוי אָפּגעשלאָסן. אין פרייע שעהן פלעגט ער ליב האָבן גיין אויפן פעלד ביים וואַסער און טראַכטן. ער פלעגט אַריינקוקן אין אַ בוך, וואָס ער פלעגט געווינלעך לייענען. — וואָס לייענסטו? — פרישמאַנען; דוד פרישמאַן. אַ שייגעץ געווען . . . ווער געדענקט אים נישט פון יענע צייטן? פון דאַן זיינען אים געבליבן די פלאָנסקער דערציילונגען, ווי „יזכור", „דער געגנער פון קופּערניקן" א. אַז. וו. — און דאָס וואָס איז? — גאָרדאָן; יהודה לייב גאָרדאָן! און „חמץ במשהו" האָסטו שוין געלייענט? און „קוצו של יוד", און „ושמחת בחגיך"? ער האָט עס געקאָנט שרייבן! ער האָט געקענט אַ לשון־קודש! אמנם, לשון־קודש האָט אויך דער מיכאלישקער געקאָנט. אָבער גאָרדאָן איז אַ פּאָעט! . . .

אַזוי פלעגט ער זיך פאַנאַנדערשמועסן און פלוצלונג זיך פאַרטראַכטן און אַנטשוויגן ווערן... האָט ער אין געדאַנק זיך צוריקגערוקט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָרן און זיך באַדויערט? — ווער ווייסט? — אַ טראַגישע פיגור, אָבער אַן אינטערעסאַנטע . . .

פון די טרעפּלעך קוקנדיק קעגנאיבער דורך דעם צלם אַדורך גייט אַרויס פון שטוב אַ הויכער ייד, אַן אַלטער, מיט אַ ווייס בערדל, פאַרמאַכט דעם לאָדן פון זיין שפּייז־געוועלבל, שטעקט אַריין די שטאַבע אין לאָך און וואַרט, אַז זיין ווייב זאָל זאָגן: שוין! דאָס הייסט, אַז זי האָט שוין פאַרמאַכט פון אינעווייניק, מיטן שטיקל אייזן פאַרפעסטיקט דעם לאָדן. פּאַר אַ ייד אין זיין עלטער איז שוין צייט געווען צו גיין שלאָפן. דאָס איז ר׳ אליה־לייב איידליץ. ווער האָט אים נישט געקענט — דעם גבאי פון דער חברא־קדישא (אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן: דער עקספּעדיטאָר . . . ). אַזוי איז ער זיך אַרומגעגאַנגען אין שטעטל, אַן ספּעציעלעס, אַ נאָרמאַל גרוי לעבן: דאַווענען, קלייטל, עסן, שלאָפן, פון צייט צו צייט כאַפּן אַ רכילותל. ווען עס האָט זיך אָבער געמאַכט, לא עלינו, אַן אומגליק אין שטעטל — ס׳איז ווער געשטאָרבן — דאַן האָט ער אויפגעלעבט. די אויגעלעך האָבן ביי אים אַ גלאַנץ געטאָן, איז געגאַנגען שוועבנ־

דיק און אין אַלגעמיין יינגער געוואָרן. דאַן איז פאַר אים שוין געווען מיט וואָס זיך צו באַשעפטיקן: ערשטנס. אונטערהאַנדלען וועגן אַ קרקע . . . דערנאָך, אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען מיט דער חברה קדישא. די יינגערע האָט ער צוגעטיילט די פּשוטערע אַרבעט, ווי גיין רופן די חברה, שלעפּן וואַסער צו דער טהרה א. אַז. וו. חוץ דעם דאַרף מען דאָך אַכט לייגן צו די תכריכים נייען, צי די ברעטער ווערן ווי געהעריק צוגעשניטן. ביי יעדער זאַך דעצידירט ער מיט אַ ספּעציפישער שפּראַך, וואָס איז נאָר גילטיק געווען אין אַזעלכע פאַלן. צום ביישפּיל, דאָס וואָרט „גוט“ האָט מען נישט געטאָרט באַנוצן . . . עס איז דאָך ל״ע ביי אַ טויטן, ווי קאָן מען זאָגן „גוט“ . . . אָנשטאָט דעם האָט מען זיך באַנוצט מיטן וואָרט „רעכט“. די ברעטער זיינען מיט דער מאָס פון ווייסן פאָדעם, וואָס מען האָט אויסגעמאָסטן דעם בר־מינן — רעכט; די ווינקלען פון די קרשים זיינען גוט צוגעפּאַסט צום אָרון — רעכט; די תכריכים זיינען גענייט אָן אַ קנופּ — רעכט; דער קבר איז גוט געגראָבן — רעכט א. אַז. וו. ערשט אויפן בית־עולם איז דאָך ערשט דאָ צו קאָמאַנדעווען . . . ווער עס זאָל אַראָפּנעמען פון וואָגן דעם בן־מינן, ווער ס׳זאָל אָננעמען די מיטה צו די הקפות, זאָגנדיק דריי מאָל „יושב בסתר“, ביים אַראָפּלאָזן דעם בר־מינן אין קבר אַריין. דאַן איז ער אַליין, בכבודו ובעצמו, ערשט אַראָפּ אין קבר, קניענדיק אויף די לייסט וואָס איז געלעגן אין דער ברייט אויפן אָרון (אין־ספּעציעל איינגעשניטענע לעכער, כדי ס׳זאָל ליגן גלייך און נישט שטערן ביים צודעקן דעם בר־מינן מיטן „גולל“). דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זיין עבודת הקודש. ווי אַ געניטער פאַכמאַן האָט ער זיך אָנגעגרייט ביי דער זייט שערבעלעך מיט צווייגעלעך, אויפגעדעקט דאָס פּנים פון מת, אַרויפגעלייגט אויף די אויגן און מויל שערבעלעך, געבעטן מחילה, און צוריק איינגעהילט מיט די תכריכים. דאַן האָט ער אויפגעדעקט די הענט פון מת און אַריינגעלייגט אין זיי צווייגעלעך, אַוועקצויאָגן די שדים און מזיקים . . . צוגעדעקט, איינגעהילט גוט דעם בר־מינן אין אויבער־ליילעך (קיטל), האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ פון פאַרשטאָרבענעם אַוועק פון דער שטאָט און מיט כוונה געזאָגט „בלע המות לנצח“ . . . און שטענדיק פלעג איך באַדויערן ראַטשוינז, וואָס אַהין האָט אליה־ליב געוואָנדן אַלע טויטע . . .

אָבער נישט בלויז ביי אַן אומגליקס־פאַל איז אליה־לייב געווען יום־טובדיק. ער איז דאָך עפּעס געווען גבאי פון הברה קדישא — פון אַ חברה, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט חסד של אמת! אָט־די אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַרום אַלע קרייזן און שיכטן, וואָס איר אויפגאַבע איז צו באַגלייטן דעם מענטשן אויף זיין לעצטן וועג, אים אָפּדינען אַ חסד של אמת — נישט האָפנדיק אויף קיין גמול . . . און אין דעם קומען אין קאָנטאַקט מיטן טויט, זיך געשאַפן אַ ספּעציפישן צוגאַנג צום לעבן: „נישט אייביק לעבט דער מענטש, איז צו וואָס די קנאה־שנאה, צי וואָס דער עגאָאיזם?“ און דער מענטש איז געוואָרן אויסגעאיידלט . . . און בעת אַלע מיטגלידער פון חברה־קדישא זיינען געקומען אין קאָנטאַקט מיט דעם מענטשן נאָר אין פאַל פון אומגליק, איז ר׳ אליה־לייב דאָך געווען גבאי, האָט ער שטענדיק געהאַט די מעגלעכקייט צו געדענקען אָן די ענינים פון דער חברה. ביי אים איז געלעגן דער „פּנקס־החברה“, געבונדן אין רויטע טאָוולען מיט גאָלדענע אותיות. אויף די ערשטע בלעטער פון פּנקס איז געווען אויסגעכתיבה׳ט די נעמען פון חברה־מיטגלידער, דער אַנדערער הויפּט־טייל האָט געשמעקט מיט יענער וועלט . . . דאָרט זיינען געווען גענוי פאַרצייכנט די „אַדרעסן“ פון אַלע נפטרים אויפן בית עולם.

— „געגוי“? עס רעדט זיך נאָר אַזוי „לתפארת המליצה“. צי ער, ר׳ אליה־לייב אַליין, האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן אין דער געאָגראַפיע פון דעם בית־הקברות, איז אַ גרויסער ספק. אַן אַנדערער האָט זיכער נישט געפונען זיינע הענט און פיס אין דעם דאָזיקן לאַבירינט פון נעמען און באַמערקונגען, געשריבן האַלב יידיש און האַלב לשון קודש . . .

אָט־דער פּנקס איז מיר איינמאָל געוואָרן צוגעטיילט פון ר׳ אליה־לייבן בכבודו ובעצמו, בכדי אויסצו׳כתיבה׳נען (אויסצירקלען מיט אַ שיינער האַנטשריפט) די נעמען פון די פרישע

חברה־מיטגלידער, וואָס זיינען אַדאַנק סטאַזש אַריינגענומען געוואָרן — און צושרייבן ז״ל (זכרונם לברכה) ביי די נפטרים פון די חברה־מיטגלידער . . . דאַן האָב איך געגעבן אַ קוק אַריין אין די הערצגליפן־שורות פון ר׳ אליה־לייבס קיניגרייך . . . און נישט קאָנענדיק דער־גיין צו עפּעס אַ טאָלק דאָרט, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען די סיבות פאַרוואָס עס ווערן אָפּט געשטעלט מצבות אויף פרעמדע קברים . . . עס זיינען געווען צוויי וועלטן: אויפן בית־הקברות האָט מען באַגראָבן די מענטשן, אין פּנקס — די אַדרעסן.

נישט נאָר דער פּנקס האָט דערמאָנט ר׳ אליה־לייבן זיין אַמט. געווען זיינען אויך יומי־דפגראַ׳ס (טעג צום הוליען) פאַר די חברה־קדישא, ווי ז׳ אדר, אין טאָג פון משה רבינוס יאָר־צייט, וואָס איז אַן אָנגענומענער טערמין פאַר אַ חברה־קדישא יום־טוב. נאָך מיט אַ פּאָר טעג פריער איז ר׳ אליה־לייב שוין געווען פאַרנומען: געזאָרגט וועגן לעקעך און בראָנפן, געווען פאַרעסקנט, זיך באַראָטן מיט די אַלטע חברה־מיטגלידער, אָבער פאַקטיש קיין עצות פון זיי ניט אָנגענומען. ערב יום־טוב, דאָס הייסט, ו׳ אדר — פלעגן אַרויסגיין בחורים אין שטאָט און צוזאַמענקלייבן ליכט. ביינאַכט איז דאָס בית־המדרש געוואָרן אויסגעלומינירט מיט ליכט. אַ ספּעציפישן איינדרוק האָט דאַן דאָס בית־המדרש געמאַכט. אויפן אָרון־הקודש, אויף אַלע פענצטער, אויף די אויבערליפטן, אויף די ספרים־שרענק, אויפן זייגער — אומעטום, אומעטום האָבן געברענט ליכט און די חברה האָבן זיך געפילט יום־טובדיק, זאָגנדיק תהילים מיט אַ געהויבענעם מצב רוח . . . צומאָרגנס — פרי זיך געשטעלט דאַווענען, אַלע חברה־מיטגלידער האָבן פאַרשטענדלעך געמוזט זיין. ביים דאַווענען קיין תחנון נישט געזאָגט . . . און נאָכן דאַווענען זיינען אַלע אַוועק צו ר׳ אליה־לייבן אויף קידוש. ווער האָט זיך דאַן צו אים געקאָנט גלייכן?!

די צווייטע חברה־קדישא־סעודה איז פאָרגעקומען ביי דעם ערן־גבאי פון דער חברה, ר׳ יצחק מאיר פיאָטרקאָווסקי און דאָס איז געווען שמחת תורה, ווען מ׳לייענט „וימת שם משה״ . . . דאָס איז געווען אַן אימפּאָזאַנט בילד. מענטשן פון אַלע שיכטן — די גאַנצע חברה — זיינען געזעסן אַרום די טישן ביי ר׳ איטשע־מאיר פיאָטרקאָווסקי. דאָס איז באמת געווען דער סימבאָל פון שטעטל, די אחוה (ברידערלעכקייט), די זאָרג פון די טשעשאָוווער תושבים איינער פאַרן אַנדערן, האָט, אין אַ געוויסן זין, זיך אָפּגעשפּיגלט אין אָט־דער מסיבה אום שמחת־תורה. נישטאָ קיין מחיצה צווישן חסידים און מתנגדים, צווישן אָרעם און רייך, צווישן למדן און פשוטן יידן, צווישן סוחר און בעל־מלאכה. אַלע זיינען זיי מיטגלידער פון דער חברה־קדישא. אַלע טרעפן זיך אַן מיטן אָביעקט, וואָס מאַכט קיין אונטערשייד פון קלאַס און שיכט. דאָס איז דער אָביעקט פון „טויט״. און דעריבער, אין טאָג פון דער גרעסטער שמחה ביי יידן, אין שמחת תורה, פרייט אייך, יידעלעך אַלע — אַלע אָן אונטערשייד: שישו ושמחו בשמחת תורה . . .

צומאָרגנס, אין דער פרי ביים דאַווענען, אין דער רחבותדיקער וואוינונג פון ר׳ איטשע־מאיר פיאָטרקאָווסקי, אַ מחיה צו קוקן ווי ס׳טאַנצן ביי די הקפות ר׳ איטשע מאיר מיט ר׳ נחום יאקובאָוויטש, ר׳ ישראל ראָזען מיט ר׳ איטשע מאיר סטאַוויצקי, ר׳ יצחק באַגען מיט ר׳ יוסף מייראַנץ. און ווען ר׳ אליה־לייב איז שוין געווען בגלופין, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל־אויף, אָנגעטאָן אַ דאַמען־הוט אויפן קאָפּ, מיט אַ גרויסן פעדער, געגעבן אַ הויב־אויף די אויבערשטע ליפּ, אַז די וואָנצעס זיינען געשטאַנען כלפּי מעלה, און מיט אַ פּאָר לאַכעדיקע האַלב־שיכורע אויגן, אָנגעהויבן פאַרדרייטשמעריש זינגען התלהבותדיק: „לעבן לאָסן דאָ, לאָבן לאָסן זאָ — אַלע אונדזערע פריינדע; צום גרוי־נדן זאָלן גיין, צום גרו־נדן זאָלן גיין, אַלע אונדזערע פיינ־דע״ . . . „דער הער פיאָטרקאָווסקי ער זאָל לעבן מיט זיין גאַנצער געזעעל־שאַפט!״

***

יאָרן זיינען פאַרביי. דאָס לעבן האָט ביסלעכוויז אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט גאַנץ אַנדערע זאַכן, ווי פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס — ציוניזם, קרנותי־קבוצים, ארץ־ישראל. בחורים זיינען שוין נישט אַרומגעגאַנגען צוזאַמענקלייבן ליכט אין ו׳ אָדר. ז׳ אָדר איז שוין די אילומינאַציע אין בית־המדרש געווען בלויז אַ בלאַסער

אָפּשיין פון די אַמאָליקע גוטע צייטן . . . ביי ר׳ איטשע מאירן זיינען אויך פאָרגעקומען ענדע־רונגען. קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, חתונה געהאַט אין דער פרעמד, און די צימערן איז געוואָרן שיטערער. איין טייל הויז האָט פאַרנומען דער זון ר׳ אַנשל פּיאָטרקאָווסקי און אין די איבעריקע וואוינונגס־צימערן איז אויך געוואָרן מאָדערניזירט. דאָס אַלטע, איינגעפונדעוועטע גבירישע מעבל איז געוואָרן אויסגעטוישט אויף לייכטע מאָדערנע מעבל, וואָס איז געשטאַנען ווי אויף הינערשע פיסלעך. די פּאָדלאָגעס האָבן אָנגעהויבן מער גלאַנצן . . . און אין שמחת־תורה האָבן שוין די בני־בית געקוקט אַביסל קרום אויף דעם וואָס דאָס מעבל ווערט „געניש־טשעט", די פּאָדלאָגע ווערט אָפּגעריבן . . . איינמאָל, אין אַ שמחת־תורה האָט זיין ווייב חנהלע געזאָגט: „איטשע מאיר, עס ווערט אַ תל פון דער שטוב"! ר׳ איטשע מאיר איז געוואָרן בלאַס און געענטפערט: „בעסער, אַז די חברה־קדישא קומט אויף אַזאַ אופן, איידער אויף אַן אַנדער אופן" . . .

ניבא ולא ידע מה ניבא. ער האָט אַרויסגערעדט עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט בשעת מעשה ניט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס באַדייט. אָבער צו אים אין שטוב איז די חברה קדישא שוין נישט געקומען. ער איז דעם זעלבן ווינטער נפטר געוואָרן, ביי דער חופּה פון זיין ערשטן אייניקל אין וואַרשע.

אין זיין דירה אין סטשעגאָווע האָט שוין די חברה־קדישא שמחת תורה נישט געפּייערט . . .

ר׳ אליה־לייב איז אויך עלטער געוואָרן, שוין נישט געווען די אַמאָליקע כוחות . . . אויף יענער זייט בריק, פאַרן צלם וואָס ביים קרייץ־וועג צום בית־עולם, ווען די עגלה האָט זיך אָפּ־געשטעלט בכדי דער עולם וואָס גייט צוריק זאָל בעטן מחילה, פלעגט זיך ר׳ אליה־לייב אויפ־זעצן אויף דער עגלה און דערפאָרן צום בית הקברות. אַראָפּגיין אין קבר, טאָן דאָס רעכט ביים בר־מינן האָט ער שוין אויך צוגעלאָזט אַנדערע און אַמאַטאָרן אויף דער מצוה האָט נישט גע־פעלט, ספּעציעל פון די וואָס זיינען ערשט אַרויס פון דער „יוגנט"־קאַטעגאָריע. דער שטאַרקסטער קאָנקורענט אויף דעם איז געוואָרן ר׳ בערל קלאַפּמאַן. אָבער דאָך פלעגט זיך פון צייט צו צייט אין ר׳ אליה־לייבן אויפוועקן דער גבאי, וואָס ווייסט ווי אָפּצושאַצן די גרויסע מצוה פון חסד של אמת בגופו . . . ווען ס׳איז נפטר געוואָרן דער באַוואוסטער חסיד ר׳ יצחק ראָזען, וואָס האָט די לעצטע יאָרן געוואוינט אין סטשעגאָווע, און ס׳זיינען געקומען די פּני פון מלאַווע צו דער לויה, האָבן די מלאוועער חברה געוואָלט אָפּגעבן ר׳ יצחקן דעם לעצטן כבוד און זיך מיט אים אַרום קבר מתעסק זיין. דאַן האָט ר׳ אליה־לייב, דער אַלטער גבאי פון דער סטשעגאָוועער חברה־קדישא, געזאָגט: אפילו פאַר 500 זלאָטעס וועל איך אויף אָט־דער מצוה נישט מוותר זיין . . .

***

דער מאַרק ווערט שיטער, כמעט ליידיק און די געסלעך זיינען דורכגענומען מיט אַ טויט־שטילקייט, אַזוי, אַז יעדער טראָט קלינגט אָפּ פון דערווייטנס ווי אַ זייגער אין אַ ליידיקער שטוב . . . עס הערט זיך אַ שנעלער גאַנג. פון דעם שול־געסל לויפט אַריין און שוועבט־דורך דעם מאַרק מיט שנעלע טריט ר׳ יחיאל־מאיר גוטנבערג. מיטן רויטלעכן בערדל, עטוואָס אָנ־געבויגן אויף פאָרענט, איז ער שטענדיק אין אַ לויפנדיקער פּאָזע. וואָס לויפט ער אַזוי? וואָס וויל ער אָניאָגן? מאָדנע געווען זיין אַרט לעבן — שטענדיק געלאָפן, שטענדיק געיאָגט זיך — און צו וואָס? ער אַליין האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין וחשבון: צו וואָס? ר׳ יחיאל־מאיר איז אייניקע יאָר אָפּגעזעסן אין סיביר, וואוהין ער איז, צוזאַמען מיט זיין פאָטער, פאַרשיקט געוואָרן — אויפן חשד פון שפּיאָנירן דעם צאַריזם. זיין פאָטער איז דאָרט געשטאָרבן, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים האָט ער געטראָפן אַ קראַנק ווייב. אַ קורצע צייט נאָך דעם איז זי אויך געשטאָרבן און ער איז געוואָרן עפּעס וואַקלענדיק . . . ער איז געבליבן אַן אלמן מיט צוויי קינדער, האָט חתונה געהאַט מיט זיין שוועגערין ביילע־רבקה (אַן אלמנה), אָבער ער האָט זיין גלייכגעוויכט צוריק נישט באַקומען. אין ווייבס געשעפט האָט ער זיך עפּעס נישט אַריינגעפּאַסט, האָט ער זיך גענומען צו אַנדערע געשעפטן, ווי האָלץ־בראַנזשע. איז ער ממילא

געוואָרן ווי דערוויטערט פון דער שטוב און זיך אַרומגעטראָגן ווי אַ טראַגישע פיגור . . . דער ריס פון די פּאָר יאָר האָבן אויף אים אַזעלכע שפּורן געלאָזט, אַז ער איז געבליבן פּאָרמלאָז . . . זייער אַן איידעלער יונגערמאַן. פרום ביז משוגעת, קיינמאָל נישט יוצא זייענדיק מיטן ייִדיש־קייט, שטענדיק געבליבן נישט דערזאָגט, נישט דערזאָגט . . . נישט דערדאַוונט תהילים . . . צוליב דעם האָט ער זיך שטענדיק געגרייט — לויפנדיק צווישן געשעפט און בית־המדרש . . . ערלעך ביז נאַאיוויטעט, אַלץ אויפגענומען אַזוי פּשוט, אָן קונצן, אַז טיילמאָל האָט עס געמוזט אַרויסרופן אַ שמייכל . . .

*
**

אין דער אידילישער שטילקייט פון דעם דרימלענדיקן שטעטל, שאַרט זיך פון צייט צו צייט דורך אַ פּאָרל, אויף דעם שפּאַציר־וועג אויף יענער זייט בריק. משמעות, דער שפּאַציר איז שוין פאַרענדיקט און דער „קאַוואַליער" פירט אָפּ זיין „פרוילײַן" צו איר אַהיים. צוביסלעך ווערט אָט־די מאָדנע שטילקייט איבערגעריסן. עס ווערט פלוצלונג לעבעדיק אין מאַרק, עס באַווייזן זיך קצבים גייענדיק פון שעכט־הויז נאָך דער שחיטה, און עס גיסט זיך אַריין אַן אַנדער גרופּע יחידים, וועלכע גייען פונקט אַרויס פון פּועלי־ציון לאָקאַל, וואָס געפינט זיך ביי בערלינען אין הויף. עס הערט זיך בשעת מעשה אַ פאַרשיידנאַרטיקע ריידעריי. פון וויטנס הערט זיך אַ נערוועז האַלב־רעדן, האַלב־שרייען, פון שלמה סטאַוויצקי, וואָס האָט שטענ־דיק געהאַט פּרעטענזיעס צו יעדן. און ווייל ער האָט געהאַט אַ הייזעריקע שטימע און אָפט גע־שריען, האָט מען אים גערופן „שלמה קוטשער" . . .

ווי אַ שאַרפער קאָנטראַסט איז געווען זיין ברודער יודל סטאַוויצקי: נידעריקער פון אים, פעסט געבויט, איז אויף זיין פּנים תמיד געלעגן אַ שמייכל, געווען גוטמוטיק, גוט־ברודעריש — שטענדיק גרייט געווען אַנטקעגנצוקומען יענעם, ווען יענער האָט זיך אין הילף געניטיקט.

אין דעם הוא־האַ הערט זיך אַ שטילער, ברייטער רעדן, אָבער נישט גענוג קלאָר, ווי ער וואָלט עפּעס אין מויל געהאַט, דאָס איז געווען משה אלטער מייראַנץ, אַן אייגנאַרטיקער טיפּ. האָט שבת נאָכן עסן ליב געהאַט צו זיין אין בית־המדרש, זאָגן תהילים, אַריינקוקן אין אַ חומש מיט רש"י, זיך פרעגן פאַרוואָס עס שטייט נישט „ויהי ערב ויהי בקר יום ראשון" . . . זייענדיק אַ פּועלי־ציון האָט ער געוואָלט רעדן עברית. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געוואָלט ווייזן פאָרשריט אין עברית, און פלעגט אַרויסברענגען קאָמישע העברייאישע פראַזן.

אַ ברייט־שרייענדיקע שטימע הערט זיך פון ברוך רעבעק, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „ברוך גראָשן". פאַרוואָס גראָשן — האָט קיינער נישט געקאָנט דערקלערן. מ'האָט נאָר גע־וואוסט די גראָשנס. דער אַלטער „גראָשן" איז געווען אַ שטילער ייד מיט אַ ווייסער באָרד, ברייט־בייניק, מיטעלער וואוקס. דערפאַר איז די גראָשנטע געווען אַ באַוועגלעכע ייִדענע מיט אַ שאַרף צינגל. שטייענדיק אין מאַרק, צווישן די אַלע סטשעגאָווער האָט מען זי שטענדיק אַרויס־געהערט. פון צייט צו צייט פלעגט זי אַרויסלויפן מיט אַ גוואַלד: „מיין מאַן שטאַרבט!" און ווען מען איז אין געאייל אַריין אין שטוב, האָט מען געטראָפן דעם „שטאַרבנדיקן" מאַן ביי אַ גרויסער שיסל קליסקעלעך מיט מילך. דער סוף איז געווען, אַז ווען ער איז טאַקע געשטאָרבן, איז קיינער ביי זיין טויט נישט געווען, ווייל קיינער האָט שוין איר גוואַלד נישט געגלויבט . . . אַזוי האָבן אַלע איבערגענומען בירושה דעם נאָמען גראָשן. ווען אַ קינד פלעגט געבוירן אין דער פאַמיליע, פלעגט מען זאָגן: „דאָס שטעטל איז רייכער געוואָרן מיט אַ גראָשן" . . .

עס געדענקט זיך אַן עפּיזאָד וועגן ברוך גראָשן. אין זיין יוגנט האָט ער געהערט צו דער „ווייסער חברה". שבת נאָכן עסן פלעגט ווייסע חברה זיך צוזאַמענעמען און אַרויסגיין אויפן פעלד פירן מלחמה מיט שקצים. איינמאָל אין אַ שבת נאָכן עסן, איז אַזאַ „מלחמה" פאָרגעקומען אויפן פעלד, הינטערן בית־המדרש, ניט ווייט פון לייזערקעס סאָד. די שקצים האָבן געזיגט, האָבן נאָכגעיאָגט די ייִנגלעך מיט שטיינער און ברוך גראָשן מיט אביגדור יעטעס האָבן געזוכט שוץ אין בית־המדרש, אָבער די טיר איז געווען פאַרמאַכט מיט אַן אייזערנער שטאַבע.

ווי היינט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס בילד וויביידע געיאָגטע, באַוואָפנטע מיט שטיינער, שטייען, רייסן די שטאבע און שרייען „שמע ישראל״! . . .

שפּעטער איז ער פּאָוואזשנער געוואָרן, געוואָרן אַ קאוואליער און ווען ער האָט זיך הייס דערקלערט אין ליבע צו ראַציע די מאיר־קאָוועס איז ער אַ סטאַטעק געוואָרן. חתונה געהאַט, געוואָרן אַ סטשעגאָווער בעל־הבית און באַרייכערט די שטאָט מיט אַ פּאָר גראָשנס . . .

אָט־די, מיט נאָך יונגע חברה, זיינען שאַלנדיק אַדורך דעם ליידיקן מאַרק, אַריין צו מאיר ליפּשיצן אין דער קאַפע און דאָרט האָט מען זיך דערכאַפּט דאָס האַרץ: זומער מיט ליאָדעס, ווינטער מיט כאלווא און טיי, אָדער מיט זעמל און שילאוועקעס. דאָרט פלעגט זיך געפינען אַ שפּיל־לאָטעריע. דורך אַ דריי פון אַ ווייזער אָדער וואַרפן קלעצלעך האָט מען טיילמאָל (נאָר טיילמאָל) געקאָנט געווינען אַ שטיקל שאָקאָלאַד.

אין דרויסן פלעגט זיך אָפּט דרייען אַהין און צוריק ר׳ יחיאל־נתן בורשטיין, מענדל מלמדס אידעם וואו ער וואוינט דאָרט אין דער דירה פון מענדל מלמד, צוזאַמען מיט דער אלמנה יענטע. מענדל מלמד איז געווען אַ פּשוטער, ערלעכער ייד, געפירט אַ חדר פון חומש און רש״י. די וואָס האָבן פאַרענדיקט דעם חדר ביי מענדל־מאירן, זיינען אַריבער אין אַ העכערן חדר: אָדער צו שמשון גאָלדבערג, אָדער צו מענדל מלמד.

קיין ספּעציעלעס פון חדר געדענקט זיך נישט, יעדנפאַלס די מורא פון מענדל־מאירן איז דאָ מער נישט געווען. מען האָט געלערנט אין דער ערשטער שטוב. דער טיש איז געשטאַנען ביים פענצטער. די קינדער, וואָס זיינען געזעסן מיטן פּנים צום פענצטער, האָבן, ווען זיי האָבן נישט געוואָלט אַריינקוקן אין ספר, געקאָנט קוקן קעגנאיבער אויפן בית־הכסא, וואָס איז געווען אַרויפצוגיין אויף טרעפּ לאַנג איבער די דריי טירן. איבער יעדער טיר זיינען געווען אויסגע־שניטן קיילעכדיקע לעכער (ווענטילאַציע). יעדעס מאָל, ווען ס׳האָט ווער געעפנט די טיר אַריינ־צוגיין דערליידיקן אַ נאַטירלעך געברויך, זיינען פון די קיילעכדיקע לעכער איבער דער טיר, אַרויסגעפלויגן צעשראָקענע פייגל . . .

אינטערעסאַנט איז פאַר אונדז קינדער געווען דאָס צווייטע צימער. ס׳איז געווען זייער באַשיידן איינגעאָרדנט, אָבער אַזוי ציכטיק. די ווייס־געקאַלכטע ווענט, די ווייסע דעק אויף די בעטן, האָבן פאַרבלענדט די שטוב. אין ווינקל איז געשטאַנען אַן עטאזשערקע מיט פאַרשיידענע פאָרצעלייענע פיגורן, וואָס איך בין קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו קוקן אויף זיי. שוין אפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען כ׳פלעג אַריינקומען אין שטוב אַריין, האָב איך נאָך אַלץ גע־קוקט אויף די פיגורן מיט אָט יענע קינדערשע אויגן . . . אַמליבסטן איז אָבער ביי אונדז קינ־דער געווען דער הויף, אַ ספּעציפישער הויף. ערשטנס, איז ער געווען זייער גרויס און טיף. ער האָט זיך געצויגן פון מאַרק, אָנשפּאַרנדיק אויפן חזיר־מאַרק, וואָס אין דעם פראָנט הויז מיט די צוויי געוועלבער. דאָס לאַנגע הויז מיט דריי אַריינגאַנגען, לענג־אויס דער לינקער זייט פון הויף, איז געווען באַוואוינט דורכאויס פון יידן. אמת, ס׳האָט געוואוינט אין פראָנט הויז אַריינגאַנג אין אַ שטיבל אויך אַ קריסטין — אויף אַ רפואה . . . די פּאָר קריסטן זיינען געווען ווי אַסימילירט צווישן יידן. די טאָכטער פון יענער קריסטין, וואָס האָט געדינט ביי יידן, האָט געקאָנט מיט די יידישע קינדער אויך „מודה אני״ זאָגן . . .

אין דער רעכטער זייט פון הויף האָבן זיך געצויגן די שאָף־שטאַלן און אויך די קי־שטאַלן, ווייל אַ טייל פון די הויף־איינוואוינער האָבן געכאָוועט קי. קעגנאיבער איז געווען אַ געביידע מיט תבואה־שפּייכלערס אויפן בוידעם, פונוואַנען עס האָט שטענדיק געשמעקט מיט קאָרן־קערנער. איין טייל פון דער געביידע האָט געדינט אַלס האָלץ־סקלאד, וואו דער בעל־הבית ר׳ יהושע דאַמבראָווער האָט פאַרקויפט האָלץ, וואָס פויערים האָבן עס אויפן הויף צעהאַקט צום ברענען. דער הויכער, ברייט־ביינעקער יהושע דאַמבראָווער פלעגט שטיין ביי דער גרויסער וואָג און וואַרטן ביז מ׳האָט אָנגעלייגט האָלץ אויף דער וואָג. ווען די וואָג האָט געוויזן, אַז ס׳איז אַ פוד, האָט ער מיט אַ שטיקל קרייד געמאַכט אַ פאַסיקל אויפן בלעך אויבן — ווייל שרייבן

האָט ער נישט געקענט . . .

אַחוץ דעם זיינען געווען נאָך אינטערעסאַנטע זאַכן אויפן הויף פאַר חדר־יינגלעך, ווי, למשל, צו שטיין ביי דער טיר פון לייבוש פלאַט און קוקן ווי זיין ווייב זאַיט דורך די מילך. אינ־מיטן הויף איז געשטאַנען אַ הויכער סטויג היי — פאַשע פאַר די קי אין ווינטער. אויפן שפּיץ פון סטויג פלעגן חברה אַרויפזעצן אליה־לייבס זון, משה דעם משוגענעם, געבן אים אַ בעזים אין דער האַנט און אַ גאַנצן טאָג איז ער אַזוי געזעסן און געזאָגט אָן אויפהער: „תנו רבנן, תנו רבנן״ . . .

צייטן רוקן זיך און ברענגען מיט זיך ענדערונגען. דער הויף איז געבליבן אַ יידישער הויף, אָבער פּנימער האָבן זיך געביטן. די אַלטע בעלי־בתים זיינען אָפּגעשטאָרבן, און יידן מיט בערד זיינען געבליבן אין צוויי עקן פון הויף. אין פראָנט ר׳ אליה־לייב איידליץ, און אין דעם הויז צום חזיר־מאַרק צו — ר׳ מענדל־מלמדס איידעם, ר׳ יחיאל נתן בורשטיין — אַ זיי־דענער יונגערמאַן; שבת געגאַנגען אַ זיידענע קאַפּאָטע און אינדערוואָכן אַ אַלפּאַגע־כאַלאַטל. אין אַלגעמיין געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן „אייניקל״ . . . אויסגעאיידלט, מיט אַ ווייך־דורכזיכ־טיק פּנים און ווייכע הענט פון גאָרנישט טאָן. זיין גאַנץ טועכץ איז געווען איין טאָג אין דער וואָך, אין מאַרק־טאָג. דעמאָלט האָט ער געקאָכט גריץ פאַר די טאַרג־סוחרים, ספּעציעל אין ווינטער איז געווען אַ האָסא (אַ געיעג) אויף אַביסל וואַרעמע גריץ. אַ גאַנצע וואָך, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט ער זיך פאַרטיפט אין „סיפורי־צדיקים״ און אַרומגעגאַנגען פאַרדבקהט, שאַרנ־דיק לאַנגזאַם מיט די שטעק־לאַטשען. בכדי דאָך אויסצופילן די צייט, האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט קהלשע טעטיקייטן. ביסלעכווייז האָט מען אים גערן איבערגעגעבן די אַרבעטן און ער האָט דערגרייכט דעם ענדציל מיט דעם, וואָס נאָכן עולה זיין פון ר׳ יצחק באָגען קיין ארץ־ישראל, איז ער געוואָרן דער ממלא־מקומו — קהלה־פּרעזעס.

*
**

ווייט פון דעם פערד־מאַרק אָן שפּאַצירט, מיט געלאַסענע טריט, דער אייביק־אימפּולסיווער ר׳ משה שוחט. וואָס פאַר אומשטענדן עס זיינען אים ניט אויסגעקומען דורכצומאַכן, האָט ער זיי געקאָנט גובר זיין, אָבער אַ שטעמפּל האָבן זיי אויף אים אַרויפגעלייגט. ווערנדיק צוביסלעך גרוי פון פאַרשיידענע קליינלעכע און גרעסערע צרות, פון מחלוקתן (איז דען סטשעגאָווע נישט געווען אַ יידיש שטעטל מיט אַלע שטעטלעך צוגלייך?) א. אַז. וו. איז ער דאָך געבליבן ביי זיין געזונטן, שאַרפזיניקן הומאָר, תמיד שפּאַצירט מיט לאַנגע, פעסטע, שנעלע טריט, אונטערברו־מענדיק כסדר אַ ניגון . . .

אָט קומט ער אָן פון שעכט־הויז, אָפּגעפּוצט די חלפים, איבערגעטאָן זיך און ווי פאַרחלומט גייט ער אַהיים, קנייטשנדיק דעם שטערן איבער די בלויע אויגן, וואָס קוקן טיף און זעען כמעט נישט די טריט פאַר זיך. ער שפּרייזט דורכן מאַרק צו זיך אין שטוב אַריין. זיין ווייב, שיינטשע דעם שוחטס, ליגט אין בעט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און ביי אַ נאַכט־לאָמפּ לייענט זי פאַרטיפט אַ בוך. זי האָט אין משהלעס „גוטן אָוונט״ דערפילט בחוש עפּעס וואַק־לענדיקעס, ווי אויפגעטרייסלטע עמאָציעס. מיט אירע קלוגע אויגן פאָרשט זי זיין צעטומלטן בליק, ביז ער זעצט זיך אַוועק און דערציילט וועגן ברויזנדיקע ווינטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך טראָגן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג קעגן די יידן; ווי פאַרגיפטעט זיי ווערן פון דער פאַרשיידענער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, וואָס די ענדעקעס האָבן פאַרשפּרייט, איינשליסנ־דיק העצעס קעגן יידישער שחיטה . . .

*
**

אויסגעליידיקט ווערן די גאַסן, געסלעך און דער מאַרק. שטיל, דאָס שטעטלע שלאָפט, רוט זיך אויס פונעם קליינשטעטלדיקן הו־האַ און גרייט צו כוחות צו דעם שטילן, סאָלידן קליינ־שטעטלדיקן מאָרגן . . . די לבנה שוועבט געמיטלעך איבער די ריינע, נידעריקע הימלען, אַרומ־גערינגלט מיט בלאַסע, בלאַנקענדיקע שטערן. ווי אַ גוטמוטיקע מאַמע קוקט זי, די לבנה, אויף

די באַלאַדנטע פענצטער, וואָס אונטער זיי שלאָפן זיך רואיק די מענטשן אין די פינצטערע צימערלעך. וואו־נישט־וואו שפּיזלט זיך אַרויס דורך אַ פענצטער אַ בלאַס ליכט פון אַ קליין נאַפט־לעמפל (די לעצטע יאָרן האָבן אַ טייל סטשעגאָווער תושבים שוין געהאַט עלעקטרישע ליכט). דאָרט ליגט ווער אין בעט און לייענט ביים שיין פונעם נאַפט־לעמפל אַ בוך, אָדער אפשר איז גאָר ביי אַ קראַנקן געבליבן ברענגען אַ קין־לעמפל, ער זאָל קאָנען נעמען די מעדיצין ביי־נאַכט. די שטילקייט קאָן נאָר ווערן געשטערט פון אַן אויטאָ־געדויש, וואָס שניידט דורך דעם שאָסיי אָדער פון דעם קלאַפּן פון נישט אויסגעשמירטע רעדער פון אַ פויערשן וואָגן, וואָס פאָרט אין שטאָט אַריין פאַרקויפן דאָרפס־פּראָדוקציע און אַהיים ברענגען שטאָטישע סחורות.

טיילמאָל קאָן די לבנה דערזען נאָך האַלבע נאַכט דורכלויפן דעם מאַרק ר׳ שמואל בערישן. דאָס האָט מען אים אויפגעוועקט צו אַ קראַנקן, וואָס פילט זיך נישט גוט. ער קאָן אים מיט אַ גוט וואָרט אָדער מיט אַן עצה באַרואיקן. ר׳ שמואל בעריש קלערט נישט לאַנג, טוט זיך אָן אין געאייל, מעג עס זיין אין די פּראָסטיקסטע ווינטער־נעכט, און גייט, בעסער געזאָגט, לויפט . . . שוין זייענדיק אין דרויסן קנעפּלט ער זיך צו דעם פּאַלטן, פאַרגלעט זיך די באָרד מיט דער האַנט. גייענדיק שנעל, שפּרייט זיך די לאַנגע און ברייטע באָרד אים אויס אויפן האַרצן, ווי זי וואָלט אים געטוליעט, געוואַרעמט און אים געמונטערט אין זיין מענטשלעכער שליחות.

אין אויסנאַמס־פאַלן, ווען ר׳ בערישעס באַרואיקונגס־מיטלען האָבן נישט געקאָנט ווירקן, האָט מען געמוזט מטריח זיין דעם פעלדשער זאַלצבערג. ווען מ׳האָט אים אויפגעוועקט איז שטענדיק פאָרגעקומען אונטערן פענצטער אַ דינגעניש. קודם האָט, אָנשטאָט זאַלצבערגן, זיך אָפּגערופן זיין ווייב, מיט דעם שטענדיקן תירוץ: „מיין מאַן איז נישט אין דער היים, ער איז אַוועקגעפאָרן צו אַ קראַנקן״. דאָס האָט זי חס ושלום נישט געמיינט צוליב שלעכטקייט, נאָר ווייל ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש, האָט זי געוואָלט אים פאַרהיטן פון איבעריקער אָנשטרענ־גונג. ווען מ׳האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט און דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז זאַלצבערג זאָל דעם קראַנקן באַזוכן, דאַן האָט ער ערשט אָנגעהויבן אויספרעגן: „וואָס איז דעם קראַנקן? צי האָט ער פיבער?״ און ווען די פּאַקטישע לאַגע האָט באַרעכטיקט זיין טרחה, האָט ער זיך אָנגעהויבן לאַנגזאַם אָנטאָן. ווען ער איז שוין פאַרטיק געוואָרן, האָט ער נאָך געמוזט דורכגיין דעם קאָנטראָל פון זיין ווייב, צי ער איז גוט פאַרקנעפּלט, אים מיטגעגעבן אַ וואָלענעם שאַל אויפן האַלדז (ס׳רוב אַזעלכע פאַלן זיינען דאָך אין ווינטער געווען), און מיט אומצופרידנקייט און זאָרג אים מיטן בליק באַגלייט.

זאַלצבערג האָט זיך לאַנגזאַם דורכשפּאַצירט די גאַס ביז צו דעם קראַנקן, ער זאָל זיך חס־ושלום נישט צופיל אָנשטרענגען . . . פאַרמאָגט האָט זאַלצבערג צוויי פּראָפעסיעס: פעלדשער און פריזירער.

נאָענט פון מאַרק, אויפן מלאַווער וועג האָט מען געזען איבער אַ טיר הענגען דריי מעשענע טעלער (דער קריסטלעכער פריזירער קוויאַטקאָווסקי האָט נאָר צוויי טעלער געהאַט). אין אָוונט, אין דער פינצטער, האָט מען גלייך געקאָנט טרעפן צו זאַלצבערגן דורך דעם קלאַנג. ביי דעם לייכטסטן ווינטל האָבן די טעלער זיך צעשאָקלט און צעקלונגען. אַרויפגייענדיק אויף צוויי הילצערנע טרעפּלעך איז מען אַריין אין זאַלצבערגס מלוכה, אין פראָנט איז געווען די רעזירע. אין די וואָכן־טעג איז דאָס געשעפט כמעט שטענדיק געווען ליידיק. פון צייט צו צייט פלעגט ווער אַריינקומען זיך שערן אָדער ראַזירן. דאָרט פלעגט ער אויך אויפנעמען זיינע פּאַציענטן. ווען ס׳פלעגט ווער קומען מיט אַ פאַרטריבט אויג, מיט פאַרשטאָפּטע אויערן, פלעגט ער זיי אויפנעמען און אונטערזוכן אין דער רעזירע, אַריינלאָזן טראָפּנס אין די אויגן, אויסשווענקען די אויערן. ווען מען פלעגט קומען מיט אַ געשוויר, אָדער אַ מכה, פלעגט ער עס עפענען מיט אַ בריטווע, אויסקוועטשן דעם אייטער און פאַרבאַנדאַזשירן — אַלץ פאַר די אויגן פון די וואָס פלעגן קומען זיך ראַזירן אָדער שערן . . . ס׳האָט אויך געקאָנט פּאַסירן, ווען נאָך אַזאַ עפנט־לעכער אָפּעראַציע האָט ער געמוזט דערלאַנגען גיכע הילף איינעם פון די לעצטע פּאַציענטן,

וואָס צוקוקנדיק זיך צו דער לעצטער אָפּעראַציע, האָט זיך אים פאַרגלוסט צו חלשן . . .

דערפאָלג האָט דאָס פראָנט־צימער געהאַט ערב־שבת און ערב יום־טוב. דאַן האָט מען אַריינגענומען פון אַלע צימערן די שטולן, בענקלעך און בענק און אַרומגעשטעלט אַרום די ווענט. דאָס אַלץ איז נאָך געווען ווייניק פאַר די אַלע פריזיר־קליענטן. אָוועקצוהרגענען די צייט פון וואַרטן, וואָס האָט טיילמאָל געקאָנט געדויערן שעהן (וואָס האָט מען, משטיינס געזאָגט, גע־קאָנט פאַרשפּעטיקן . . . ), האָט די איין־און־איינציקע צייטונג נישט געקלעקט, שוין אַריינ־רעכענענדיק דאָס וואָס אַ טייל האָבן גענומען נישט קיין לעצטע צייטונג און האָבן זיך באַ־נוגנט מיט נעכטיקע לאָקשן. אָבער דערצו האָט שוין דער באַלעבאָס געזאָרגט, דער עולם זאָל זיך נישט לאַנגווײַליקן. אַ גאַנצע וואָך, אין דער צופיל פרייער צייט, האָט ער געלעזן די צייטונג מיט אויסערגעוויינלעכער אויפמערקזאַמקייט, האָט דורכשטודירט יעדן זאַץ, יעדעס וואָרט, אפילו די אַנאָנסן. טאָג נאָך טאָג געלייענט, אַדורכגעטראַכט דאָס געלייענטע, עס באַ־אַרבעט און אויף פרייטיק איז ער געווען צוגעגרייט צו אַמוזירן דעם וואַרטנדיקן עולם פאַציענטן. יעדעס שטיקל נייעס האָט ער איבערדערציילט, צעלייגנדיק עס אויף טעלערלעך און צוגעבנדיק אייגענע פּרושים . . .

לעצטנס, ווען די יוגנט איז געוואָרן אינטעליגענטער און האָט שוין אַליין געלייענט אַ צייטונג, האָט ער גענומען שטודירן די ראָמאַנען, וואָס האָבן זיך אומענדלעך געדרוקט (אויף קילאָמעטערס, ממש) אין דער צייטונג. דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ בקיאות, אַז ער איז געווען זיכער, אַז ער איז קאָנקורענטלאָז . . . און פרייטיק פלעגט ער דערציילן דעם עולם, אין אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט עס אַליין איבערגעלעבט אָדער עס אַליין פאַרפאַסט . . .

אויף לינקס האָט ער געהאַט זיין שלאָף־צימער, דאָס האָט אויך געדינט אַלס אויפנאַמס־צימער פאַר די קראַנקע, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט אויסטאָן ביים אונטערזוכן. דאָרט האָט ער אויך געמאַכט איינשפּריצונגען. דאָס האָט ער, ווייזט אויס, געהאַלטן פאַר אַזאַ וויכטיקער מע־דיצינישער פונקציע, וואָס מען טאָר עס נישט מינימיזירן און פלעגט עס מאַכן מיט באַזונדערן פּאַראַד אין דער רעזירע. אָבער זיין גאַנצע מאַיעסטעטישקייט האָט ער אַרויסגערופן קומענדיק צו אַ קראַנקן אין שטוב אַריין. ער איז זיך אַריינגעקומען אין שטוב מיט אַ ברייטן „גוט מאָרגן!", זיך אויסגעטאָן דעם הוט (ווי עס פּאַסט פאַר אַ דאָקטאָר), זיך אַוועקגעזעצט, זיך אויסגעפרעגט אויף דער קרענק, דאַן אָנגעהויבן אונטערזוכן, אַרויפלייגנדיק דעם פינגער פון דער לינקער האַנט אויף דער פּלייצע, אויף דעם אָרט קלאַפּן מיט דעם פינגער פון דער רעכטער האַנט, גע־נומען דאָס טרייבל, אַרויפגעשטעלט אויף דער פּלייצע און צוגעלייגט דאָס אויער צו דער צווייי־טער זייט טרייבל, זיך גוט צוגעהערט און . . . גאַרנישט הערנדיק, עס אַוועקגעלייגט און צו־געלייגט צו דער פּלייצע דאָס אויער. דאַן האָט ער ערשט געהערט. „ריכטיק הערן, הערט מען נאָר מיטן אויער, נישט דורך קיין פאַרמיטלונג" — פלעגט ער דערקלערן.

געענדיקט, פאַרשריבן אַ מעדיצין, געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי די מעדיצין צו נעמען, דאַן, אַלס דעזערט, פאַרפירט אַ שמועס וועגן פּאָליטיק א. אַז. וו. אַלס פעלדשער איז ער געווען זייער גוט, געהאַט אַ סך ידיעות אין מעדיצין און נאָך מער פּראַקטיקע. דאָס האָט געווירקט, אַז נישט נאָר דער סטשעגאָוּוער דאָקטאָר, נאָר אויך אַנדערע דאָקטוירים האָבן זיך מיט אים גערעכנט.

***

שטאַרקע איינדרוקן און זכרונות האָב איך פון דעם לעצטן טייל נאַכט. זייער אַ סך דער־מאָנען מיר יענע ווינטערדיקע פּראָסטיקע פאַרטאָגן, ווי אַ פולע זילבערנע בלאַנקענדיקע לבנה, באַמאַנטע אַרום מיט שטערנדלעך, האָט איבער מיר געשוועבט און מיך אָבזערווירט און באַ־גלייט מיין וועג. פאַרטאָג, שטיל, דאָס שטעטעלע איז פאַרוויקלט אין דעם געשמאַקן פאַרטאָג־שלאָף . . . אַזוי מיסטעריעז, דורכזיכטיק איז די לופט, אַז דו וואָלסט געקאָנט, אויסשטרעקנ־דיק די האַנט, דערגרייכן די אומענדלעכקייט . . .

איך שפּרייז אַרויס פון הויף אין גאַס אַריין, אַרויף אויפן שאָסיי, פאַרנעם זיך רעכטס, פאַר־

קירעווע זיך אויף לינקס קעגנאיבער דער שול־געביידע און גיי אַריין אין דעם געסל, וואָס איז ווי אַ לאַבירינט, אַ פאַרכשופטער . . . כמעט דאָס גאַנצע געסל איז פוןביידע זייטן אַרומגענומען מיט סעדער. אין די זומערדיקע פאַרטאָגן ווערט מען ממש פאַרשיכורט פון דעם שאַרפן פרוכטן־אַראָמאַנט, און אין אַ ווינטערדיקן פאַרטאָג פאַלט מען אַריין ווי אין אַ ווייסער וויזיע. אַלע דעכער זיינען באַדעקט מיט שניי און דיביימער אויפן הויף זיינען אין ווייסן איינגעהילט און איבער דעם אַלעם שיינט די בלאַסע, זילבערנע לבנה־ליכט. אָפּגייענדיק עטלעכע טריט, הערט זיך פון דער רעכטער זייט אַן אומהיימלעכער געשפּרעך וואָס דער משוגענער וולאַדיסלאַוו גאַלביצעווסקי פירט מיט זיך אַליין. ווי פרי מ׳זאָל נישט פאַרבייגיין, איז ער שוין אויף די פיס — גיט עסן די פערד, די קי, וואַרפט אַרויס דאָס מיסט פון שטאַל און הערט נישט אויף צו זיך צו רעדן. קינדער פלעגן שמועסן, אַז אַ דבוק רעדט פון אים אַרויס און אַז דאָס זאָל האָבן צו אים געקומען דורך דעם, וואָס ער איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ גרויסער אַנטיסעמיט און אַ רבי האָט אים פאַרשאָלטן . . . עלטערע האָבן דערציילט, אַז זיין פאָטער האָט אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג אים געגעבן אַ קלאַפּ מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ און ער איז צערודערט געוואָרן.

קעגנאיבער, לינקס פון געסל, לייכט זיך פון די פענצטער, ווי פרי מען זאָל נישט דורכגיין, פונקט ווי עס ווערט דאָרט פאַרהעלטנישמעסיק פריער פינצטער. דאָס איז די וואוינונג פון הרב ר׳ יעקב שלמה סימיאַטיצקי. ער זיצט שוין אין זיין בית־דין שטוב און לערנט. ער פלעגט באַטאָנען, אַז פאַרטאָג לערנט זיך אים אַמבעסטן. שוין די סיבה, וואָס ער איז געווען שוואַך און זייער נערוועז. נאָכן שלאָף זיינען אים די נערוון געווען רואיק, האָט ער געקאָנט רואיקער לערנען. דאַן פלעגט ער בודק זיין די חלפים פון שוחט, וויל אין אָוונט, ווען דער שוחט האָט אים די חלפים געברענגט, האָבן אים די הענט צוביסלעך געציטערט פון דער נערוועזיטעט. נערוועז צו זיין האָבן אים קיין סיבות נישט געפעלט: אַחוץ דעם וואָס ער איז אַ שוואַכער געווען, איז ער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט אין סטשעגאָווע די כסא־הרבנות אָנגעהאַלטן, געמוזט לעבן אין אַ געשפּאַנטער שטימונג. פשוט גערעדט: ער האָט זיך נישט געקאָנט אויסלעבן לויט זיין אייגענעם „איך“.

געקומען איז הרב סימיאַטיצקי צו אונדז פון אַ ליטווישן געגנט — פון גאַטש, ביאַליסטאָקער געגנט — איז ער פסיכיש נישט געווען אַריינגעוואָקסן אין דער פסיכאָלאָגיע פון אונדזער פויליש־יידישער אַטמאָספערע. פון דער נאַטור אַ מתבודד, בעת דאָס שטעטל איז געווען געוואוינט אַ פאַמיליאַרן צוזאַמענלעבן, דורכגענומען מיט געזעלשאַפטלעכקייט. יעדנפאַלס, זיין התבודדות האָט עפּעס מרה־שחורהדיקס געוואָרפן אויף זַלע. דער עיקר־העיקרים — ער איז געווען אַ ציוניסט בלב ונפש און אין שטעטל האָבן די דעה געהאַט די חסידים. זיי זיינען די דאָזיקע געווען און האָבן דאָך פאַראַכט דעם רבינס פקודות — אַנטי־ציוניזם . . . וואָלט ער געווען אַ קעמפערישער טיפּ און זיך איינגעשטעלט פאַר זיינע אידייען און אויפפאַסונגען, וואָלט מעגלעך זיך געמאַכט אַ שטיקל קאַמף און ער וואָלט, אַלס רעזולטאַט, געקראָגן אָנהענגער פון אַ געוויסן טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס זיינען געווען ציוניסטן, אָדער אָנהענגער פון ציוניזם. אַזוי ווי ער האָט דערצו קיין מוט נישט געהאַט, איז ער געבליבן קרח מכאן וקרח מכאן.

אַחוץ וואָס ער איז געווען אַ מומחה אין עניני הוראה, האָט ער אויך פאַרמאָגט אַנדערע פייאיקייטן: געווען אַ טאַלאַנטירטער בעל־דרשן, וואָס האָט אויף דעם געביט זיך דערוואָרבן אַ נאָמען נישט בלויז אין אונדזער שטעטל. זייער אָפט איז זיינע אַ דרשה געווען אַזוי פיין צוזאַמענגעשטעלט, אַזוי בילדלעך געשילדערט און פאַרגעבראַכט אין אַ שיינער, פליסיקער ליטווישער שפּראַך, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין אים איז אַ גרויסער טאַלאַנט פאַרלאָרן געגאַנגען אויפן געביט פון רעטאָריק און אימפּראָוויזאַציע. ער איז אויך געווען אַ גרויסער קענער פון לשון־קודש. זיינע פייאיקייטן אויפן ליטעראַריש־רבנישן געביט האָט ער אַרויסגעוויזן מיטן פאַרעפנטלעכן זיין ספר אויף דרוש, „בית יעקב“.

*
**

אין אַ הויז ווייטער לייכט זיך אויך אַ פֿענצטער. ר׳ מענדל־מאיר הויבט זיך אויף זייער פֿרי, איז זיך מכין, זאָגט אַביסל תהילים, דאַוונט בהשכמה און גרייט זיך צו דער עבודת הבורא פֿאַרצוזעצן די טעטיקייט פֿון ר׳ יהושע בן פּרחיה. דאַכט זיך, אַז אַזאַ חלק ווי מענדל־מאיר גרינבוים האָט אין יידישן סטשעגאָווע, האָט קיינער נישט. ס׳איז נישט וויכטיק צו וועלכער גייסטיקער אָדער קולטורעלער ניוואָ אַ סטשעגאָווער בחור האָט דערגרייכט, האָט ער אָבער דעם יסוד פֿון מענדל־מאירן געהאַט. ער האָט יעדן ייִנגל דעם ערשטן באַגריף פֿון צורת האות געגעבן. עס איז, דאַכט זיך, אין סטשעגאָווע קיין איין ייִנגל נישט געווען, וואָס איז זיין דרדקי־חדר נישט דורכגעגאַנגען. ביי אַלע דערוואַקסענע איז ער געבליבן אויף שטענדיק „דער רבי״.

— גוט מאָרגן, רבי! גוט שבת, רבי! — אַזוי פֿלעגט מען אים באַגריסן יאָרן־לאַנג נאָכן פֿאַרלאָזן זיין חדר.

איך שפּאַציר ווייטער אין דעם געסל. כ׳בין ווידער אַרומגענומען פֿון ביידע זייטן מיט באַשנייטע ביימער פֿון די סעדער. שטיל, אַ פֿאַרכשופֿטע שטילקייט. עס הערט זיך נאָר דאָס סקריפּען פֿון דער באַרירונג פֿון די שיך מיט דעם האַרט־געפֿרוירענעם שניי. די לבנה שלייכט זיך צום מערב און וואַרפֿט אַ לאַנגן שאָטן מיר פֿון פֿאָרנט. עס קרייצט דורך אַ גאָס אין דער ברייט. לינקס ציט עס צום מאַרק, רעכטס — צו ר׳ איטשע־מאיר פּיאָטרקאָווסקיס מיל. רעכטס, אין אַ ווינקל, שטייט אַ הויז וואָס געהערט צו אַ קריסט — שעדליצקי. געבויט דאָס הויז האָט אַ יידישער בוי־אַרבעטער — סטאַוויצקי, און די אויסנווייניקסטע טירן באַצירט מיט מגן־דודס, אונטערן פֿענצטער, אַ גרויסער מגן־דוד. טיילמאָל האָט עס געהאַט אַ באַרעכטיקונג, ווייל אין איין צימער, אין סאַמע ווינקל, איז אַ צייט געווען די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

איך גיי ווייטער פֿאָראויס. אויף רעכטס, אַ גרויסער הויף. דאָרט איז געווען דאָס חדר פֿון מענדל־מאירן, אין מיינע קינדער־יאָרן. ווען מ׳האָט נישט געלערנט, פֿלעגט מען זיך אויסזעצן אויפֿן הויף אויף די אייער־קאַסטנס, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען אַ גאַנצע וואָך און האָבן געהערט צו מענדל־מאיר׳ס שוואָגער, ר׳ בערל קויפֿמאַן. באַלד דערביי, דורכגייענדיק אַ טאָרף־שטאַל, איז מען צוגעקומען צו אַ גרויסן פּלויט. דאָ איז געווען אַן אַריינגאַנג אין בית־המדרש־הויף, וואָס די לבנה האָט שאַרף באַלויכטן. לינקס שטייט די מקוה — אַ לאַנגער, נידעריקער בנין פֿון רויטע ציגל, מיט אַ דאַך פֿון רויטע דאַכוואָוקעס. אַראָפּצוגיין אין דער מקוה איז געווען זייער טיף; פֿיל טרעפּ ביז צום וואַסער.

אַחוץ אַלס מקוה פֿלעגט מען זי אויך טיילמאָל נוצן פֿאַר אַנדערע צוועקן. ווען מ׳פֿלעגט ברענגען אַ בר־מינן פֿון אַ דאָרף צו באַגראָבן אויפֿן סטשעגאָווער בית־עולם, פֿלעגט מען אים ביז דער לויה לייגן אין דער מקוה אַריין, דאָרט געמאַכט די טהרה . . . אַ צוליג דערצו איז געווען אַ שטאַל, צוגעבויט צו דער מקוה, וואו ס׳איז געשטאַנען דאָס טהרה־ברעט. דאָס איז געווען גענוג, אַז חדר־ייִנגלעך זאָלן ביינאַכט מורא האָבן דורכצוגיין ביי דער מקוה. פֿיל האָט מיין פֿאָטער זיך באַמיט ביי מיר די מורא אויסצואוואָרצלען.

אַמאָליקע צייטן איז אויף דער מקוה געווען נאָך אַ שטאָק און דאָרט איז געווען איינגעאָרדנט אַ הכנסת־אורחים. איין פֿליגל פֿון דער מקוה האָט אַמאָל געזאָלט דינען אַלס אַ שוויץ־באָד, אָבער די איינריכטונגען זיינען קיינמאָל נישט פֿאַרטיק געוואָרן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די מקוה געוואָרן איבערגעבויט, אָן דער שוויץ־באָד און אָן דעם הכנסת־אורחים.

ווייטער אויף לינקס, צווישן דער מקוה און דעם בית־המדרש גרענעצט זיך מיטן בית־המדרש־הויף לייזעריקס סאָד. לייזעריק — ווער קאָן נישט און געדענקט נישט דעם נאָמען? לייזעריק איז געווען אַ שוסטער, אַ סאַדאָווניק, נאָר דער עיקר איז ער געווען באַקאַנט צוליב זיין צוגאָב־פּראָפֿעסיע — אַ כלי־זמר. ווי אַזוי האָט גאָר געקאָנט זיין אַ חתונה אָן לייזעריקן? ווען ס׳פֿלעגט פֿאָרקומען אַ חתונה, וואָס איז, פֿאַרשטענדלעך, אין סטשעגאָווע געווען אַלעמענס שמחה — האָט מען שוין אייניקע וואָכן פֿריער געהערט פֿון לייזעריקס פֿענצטער אַ געגרימפּל פֿון פֿידל־טענער. ער האָט דאַן אַראָפּגענומען דאָס פֿידל פֿון שראַנק, אָנגעצויגן די סטרונעס

און אָנגעהויבן רעפּעטירן. אין חתונה־טאָג האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין שבתדיקע מלבושים, זיך אָפּגעפּוצט די שטיוול און באַשטעלט באַהעלפערס, וואָס זיינען באַשטאַנען פון אייניקע דאָרפישע גויאישע „כלי־זמר": נאָך אַ פידל און אַ באַס, און מ'האָט געגרימפּלט.

לייזעריקס פּנים האָט געשיינט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, און וואָס ער האָט בישט דערשפּילט מיט די הענט האָט ער צוגעקלאַפּט מיט די פיס. איין זאַך — ער, לייזעריק, האָט עס געטאָן בשלמות, געגעבן דעם מאקסימום, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אויפגעלעבט איז ער גע־וואָרן ווען ער האָט אויפגעשפּילט ביי דער חופה: „חתן כלה מזל־טוב!"

אַחוץ קלעזמעריי און שוסטעריי האָט ער, לייזעריק, ליב געהאַט די נאַטור. ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט דינגען אַ סאַד און האַנדלען מיט די פּרוכט. — וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס ווען אַליין העלפט מען נישט צו צו דעם וואַקסן פון די פּרוכט? (איך מוז צוגעבן, אַז ביאַליקס „בשדה" איז אים געווען אומבאַקאַנט). ער האָט אָפּגעקויפט אַ שטח באַדן אונטערן בית־המדרש — צו קוסקאָווא־צו — און אָנגעהויבן באַארבעטן דעם פּלאַץ. וויפיל מי און האָרעוואַניע האָט לייזעריק אַריינגעלייגט אין דעם באָדן, ביז ער האָט אים פאַר אַ סאַד געמאַכט! יעדעס בוימעלע איז געוואָרן פון אים געצערטלט און געפלעגט ווי אַ קינד . . . ממש רירנדיק איז געווען זיין איבערגעגעבנקייט צו דעם סאַד. נאָך אַ טאָג אַרבעט ביי שוסטעריי, פלעגט ער גאַנצע אָונטן און טיילמאָל גאַנצע נעכט אַרבעטן ביים סאַד, אַרומאַקערן די ביימער, באַוואַסערן. ער פלעגט לויפן אין שעכט־הויז און ברענגען עמערס בלוט און דערמיט באַמיסטיקן די ביימער. אָבער ער האָט פיל נחת פון דעם סאַד געהאַט. די ביימער האָבן געגעבן זייער גוטע פּרוכט. ער האָט זיך אויסגעבויט אַ הייזקע אין ווינקל פון סאַד און זיך אַהין אַריבערגעצויגן פון זייער פריער־דיקער וואוינונג ביי פּיאַטרקאָווסקין אויפן הויף.

לייזעריק איז אין סטשעגאָווע געוואָרן דער יידישער אַגראָנאָם. ווען ס'פלעגט ווער זיך נויטיקן אין אַן אַגראָנאָמישער עצה, איז דער אַדרעס געווען „לייזעריק".

ווייטער אויף רעכטס, נאָכן הכנסת אורחים, ציט זיך אַ דראָטענער צוים ביזן ענד פון דעם הויף. דאָ גרענעצט זיך דער בית־המדרש־הויף מיט אַן אייגנאַרטיקן הויף און הויז. אין קעגנ־איבערדיקן ווינקל איז געשטאַנען אַ הויז אין פאָרם פון אַ „ד". דאָס הויז איז געווען געבויט אין אַן אייגנאַרטיקער פאָרם — דאָס איינציקע אין שטעטל מיט אַ געוויסן קינסטלערישן גע־שמאַק. יעדער פענצטער איז געווען באַצירט אויבן און אונטן מיט געשניצטע געזימסן.

אין די מלחמה־יאָרן איז געקומען קיין סטשעגאָווע פון יאנאָווא, ביי דער דייטשישער גרע־נעץ, אַן אינטערעסאַנטער טיפּ, ר' שמואל יונגוויץ (זיין ברודער איז דער באַוואוסטער יידי־שער אַקטיאָר בועז יאַנג אין ניו־יאָרק). דאָס איז געווען אַ טיפּ, וואָס פאַר אַזאַ שטעטל ווי סטשעגאָווע איז ער געווען ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעטע אַראָפּגעפאַלן: אַ הויכער, שיין־געבויטער, גלייכער ייד, מיט אַ שיין־געפלעגטער ווייסער באָרד (פאַרשטענדלעך, אין מיינע צייטן, ווי איך געדענק אים). אָנגעטאָן אין אַ דריי־פערטל ראָק, אַ שטייפן קאָלנער מיט אַ שוואַרצן שניפּס, שטייף־געפּרעסטע מאַנזשעטן, האָט מען אויף אים געקוקט ווער מיט פאַרערונג, ווער מיט שפּאָט (ווענדט זיך ווער דער קוקער איז געווען). אַחוץ זיין אויסערלעכן אויסזען איז זיין גאַנצע באַנעמונג, אויפפאַסונג, אַרט דענקען און רעדן געווען דעם שטעטל פרעמד. ער איז געווען צו־מאָדערן, „אייראָפּייאיש". זיין אייגנאַרטיקייט האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אויף דעם אויבנדער־מאָנטן הויז, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פון איינעם אַ פּלאָצקער ייד, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „שנאָרער".

דאָס הויז מיט דעם הויף האָט ער אַרומגעצאַמט מיט אַ הילצערנעם צוים אַזוי, אַז דאָס הויז איז שוין נישט געווען אַזוי רשות־הרבימדיק, וואו יעדער איינער קאָן אַריינקוקן גלייך אין פענצטער אַריין און זען וואָס אינעווייניק טוט זיך. דער פּלויט איז געווען עסטעטיש פאַרמירט מיט אַ טויער, אין אַ טאָפּלט רונדער פאָרם, אין דעם טויער — אַ פיין טירל מיט דראָט־שטאַ־כעטן פאַר מענטשן אַריינצוגיין. און אַזוי איז דער הויף געוואָרן אַ „רשות היחיד".

דעם הויף האָט ער פֿאַראַקערט, פֿאַרזייט קאַרטאָפֿל און אַנדערע גרינוואַרג. אינדערמיט געמאַכט אַ פֿיינעם קלאָמב, אַריינגענומען מיט אַ דראָטענעם צוים, אָרנאַמענטאַרטיק, און דאָרט פֿאַרזייט בלומען. דאָס הויז מיט דעם הויף האָבן געמוזט ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון יעדן פֿאַרבייגייער. דאָס גאַנצע הויז איז געווען באַוואוינט, נאָר דאָס ווינקל־צימער האָט אָפּט געדינט פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע צוועקן. עס איז אין דעם צימער געווען אַ חסידיש שטיבל. אַ געוויסע צייט איז דאָרט געווען אַ ישיבה און אַ זאַמל־פּונקט פֿאַר פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. די לעצטע צייט פֿון מיין זיין אין סטשעגאָווע איז אין דעם צימער געווען דער „החלוץ־המזרחי" מיט זיין ביבליאָטעק. אין פֿליגל פֿון הויז האָט געוואוינט יונגוויצעס איידעם, ר' אברהם בינעם מארגולין, אינגאַנצן אַן אַנדער טיפּ פֿון זיין שווער; יעדנפֿאַלס, אויסערלעך, אָבער זייער אַ זאָנדערבאַרער טיפּ; אַ ייד אַ בן־תורה און אַ משכיל, וואָס האָט זיין אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט דערשטיקט צוליב זיין פּרנסה. אַזוי ווי אין געשעפֿט האָט ער זיך נישט איינגעגעבן, איז ער געוואָרן אַ מלמד. אַלס אַזעלכער האָט ער זיך געמוזט רעכענען מיט די פֿרומע בעלי־בתים. נאָר ווען ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט און ניט געווען געשטערט, פֿלעגט ער רעדן וועגן ליטעראַטור און איז ווי ניי געבוירן געוואָרן. אפֿילו זיין ציוניזם האָט ער נישט געטאָרט אַרויסווייזן. אָבער ווען עס איז געקומען אַ מאָמענט און ער האָט עס מער נישט געוואָלט אונטערדריקן, האָבן זיינע ציוניסטישע שטימונגען אויפֿגעפּלאַצט און אַריבערגעפֿלאָסן איבער די ברעגעס.

אַזוי געדענקט זיך, מיט לאַנגע יאָרן צוריק, אַ ל"ג בעומר. די קינדער זיינען געגאַנגען מושטירט מיט בלאָ־ווייסע פֿענדלעך אין די הענט און אין דער קעמפּיסקאָ האָט אברהם בינעם גערעדט וועגן דעם נאַציאָנאַלן אינהאַלט פֿון ל"ג בעומר. און ווער געדענקט נישט זיין הייסע רעדע ביי דער פֿייערונג, אין טאָג פֿון דער דערעפֿענונג פֿון דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, ווען ער האָט אויסגעשריען: „הכל חייבין בחגיגה!" די צייט און באַדינגונגען האָבן זייער ווירקונג אויף אים אָפּגעשטעמפּלט. שווערע שפּורן זייענען אים פֿאַרבליבן פֿון די צייטן ווען ער איז געווען אין געפֿענגעניש, נאָך דעם וועלט־קריג פֿון 1918־1919, זיין ווייבס טויט און נאָך פֿאַרשיידענע צרות — פֿון דעם אַלעם איז ער געוואָרן אָפּגעלאָזן און האָט געפֿונען טרייסט ביי אַ גוט ביכל אָדער ספֿרל. דער הויף איז געוואָרן פֿאַרנאַכלעסיקט, דער באַרג מיסט האָט זיך צעשפּרייט וואָס אַמאָל איבער גרעסערע שטחים פֿון הויף. פֿונעם שיינעם עסטעטישן צוים אַרום הויז, איז שוין לאַנג קיין זכר נישט געבליבן, דער זשאַווער פֿון דער צייט האָט אים צעפֿרעסן. וועמען ס'האָט געפֿעלט אַ ברעט צו דער סוכה, אָדער אין אַ ווינטערדיקן פֿראָסט, ווען ס'איז שווער געווען צו באַקומען באַהייצונג און האָט זיך גענויטיקט אין ברען־האָלץ, האָט אַרויסגעריסן ברעטער פֿון יונגוויצעס צוים. ווי ציין אין אַן אַלט מויל אַזוי זיינען די ברעטער פֿון צוים פֿאַרשוואונדן געוואָרן. אַלס זכר לחורבן איז דער הויף געווען אַרומגעצאַמט מיט דראָטן, וואָס זיינען געווען צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט פֿון הויז, ווי זיי וואָלטן זיך איינגעקלאַמערט מיט ציין און נעגל אין אַן עבר, וואָס איז פֿאַרשוואונדן . . .

די נאַכט דערנעענטערט זיך צו איר ענדע. די לבנה רוקט זיך טיף צו מערב און וואַרפֿט איר שיין אויף דער טיר פֿון בית־המדרש און באַגלייט מיך אינווייניק אַריין, ביז איך צינד אָן דאָס עלעקטרישע ליכט און זעץ זיך־צו צו דער גמרא. איינער אַליין זיץ איך אין בית־המדרש. קיין מורא פֿאַר איינזאַמקייט האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט. דאָ בין איך נאָך באַאיינפֿלוסט פֿון דעם לבנה־צויבער. לערנענדיק, גיב איך פֿון צייט צו צייט אַ בליק אינדרויסן צו דער לבנה. אין בית־המדרש באַווייזן זיך די ערשטע בעלי־בתים, וואָס אויך זיי האָט נאָך די לבנה זייער וועג אין בית־המדרש אַריין באַגלייט: ר' מענדל טאַנדיטשאַרזש און ר' הענעך מייראַנץ. זיי זיינען טאָגטעגלעך געווען די ערשטע אין בית־המדרש. האָט איינער פֿון זיי זיך נישט באַוויזן, איז געווען אַ חשד, צי ווער פֿון זיי איז חס ושלום נישט קראַנק.

געווען אַ תמימותדיקער ייד הענעך מייראַנץ, וואָס אַחוץ מיט די ווייבער ביי די פֿיש האָט ער זיך מיט קיינעם נישט געקריגט, קיין סכסוכים נישט געהאַט. דאָך, ווען ער איז געשטאָרבן,

האָבן די זין, משה־אַלטער און דוד, בשום אופן נישט מסכים געווען, אַז מ׳זאָל אים מקבר זיין נעבן הענעך טשוויק (וואָלער), ווייל ער וועט נישט ליגן רואיק אין קבר נעבן אַ שכן, וואָס ער האָט ביים לעבן מיט אים זיך געקריגט און נישט געלעבט מיט אים בשלום . . .

דער צווייטער פון די ערשטע בית־המדרש באַזוכער — מענדל גלעזער — איז געווען אַ פול־שטענדיקער קאָנטראַסט פון הענעך פישער. דאָס איז געווען אַ ייד מיט געזונטן הומאָר, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער, ר׳ דוטשא, וועלכער פלעגט אין בית־המדרש שטיין איבערן „מגן אברהם" איינגעבויגן נאָענט צום ספר צוליב זיין קורצזיכטיקייט, כאָטש צו די אַכציקער האָט ער נאָך קייןברילן נישט געטראָגן. בשעת אליה־לייב פלעגט לייענען אין ספר, פלעגט ער צו אים אַריבעררופן: „אליה־לייב! שוין צייט צו מאַכן אַ „פזר". אָדער ער פלעגט מיט אי־ראָניע זאָגן: „אליה־לייב האָט שוין געבראַכט אַ וואַגאָן „דרגא תבירס".

זיין זון, מענדל טאַנדיטשאַרזש, זייענדיק פון די אַלטע סטשעגאָווער תושבים און מיט אַלע־מען אויסגעקאָכט, האָט יעדן פאַרשאַפט פאַרגעניגן מיט זיין געזונטן הומאָר, איז בכלל געווען אַ זואוילער ייד, אַ ייד וואָס איז צו יעדער צייט געווען גרייט יענעם צו העלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. איך האָב אַמאָל געפרעגט מיין פאָטער, פון וואָס עס נעמט זיך זיין ספּעציעל וואַ־רעמע באַציאונג צו מענדלען, האָט ער מיר דערציילט וועגן די אומשטענדן פון מיין זיידעס — ר׳ אברהם יצחק שוחטס — טויט, אין שייכות צו אַ העלדישן טאַט פון מענדל טאַנדיטשאַרזש. אָט איז די מעשה בקיצור: בשעת אַ באָמבאַרדירונג פון די רוסן אויף סטשעגאָווע, איז אַריין אַ באָמבע אין דעם הויז, וואו ס׳האָט געוואוינט ר׳ דוטשא (דאָרט האָט צו יענער צייט אויך גע־וואוינט שרה די בעקערין. איר מאַן לייבקע איז דאַן געווען אין קריג). ווען מיין זיידע האָט געהערט, אַז עס ברענט נעבן אונדז (מיר האָבן דאַן געוואוינט ביי בראַמאַרסקין), איז ער געלאָפן ראַטעווען זיין בן־יחיד, מיין פאָטער. אין דעם מאָמענט האָט די באָמבע נעבן אונדזער טיר אויפ־געריסן און אים געטויט. מענדל טאַנדיטשאַרזש, ראַטעווענדיק די ווירטשאַפט פון דער ברע־נענדיקער וואוינונג פון זיין פאָטער, שלעפּנדיק די פּעק בעטגעוואַנט און הערנדיק, אַז ר׳ אברהם־יצחק איז געפאַלן, האָט ער אַוועקגעוואָרפן די פּעק פון זיין פאָטער און געלאָפן ראַטעווען מיין זיידן. אָט־די מסירת־נפש זיינע האָט מיין פאָטער שטענדיק געדענקט.

ווען ס׳איז נפטר געוואָרן ר׳ מענדל מלמד, וואָס איז אייגנצייטיק געווען גבאי פון בית־המדרש און זוכנדיק אַ קאַנדידאַט אַלס גבאי, האָט מען אויסגעפונען אַלס פּאַסיקסטן קאַנדידאַט ר׳ מענדל טאַנדיטשאַרזש. מענדל וועט פאַרטרעטן מענדלען . . .

***

די לבנה רוקט זיך אַלץ טיפער צו מערב, אַוועק פון שטעטל, און כאַפּט פאַרן אַוועקגיין אַ בליק אויף דעם אַנדערן יידישן טייל פון סטשעגאָווע — אויף דעם טייל, וואָס פאַרחתמעט אויף אייביק די פריידן און די ליידן, די ליבע ווי די שנאה — דעם סטשעגאָווער בית־עולם.

אין אָט־דעם וואונדערלעכן אָוונט אויף דער תל־אביבער טעראַסע, קוקנדיק אויף דער לבנה, האָב איך מיטשפּאַצירט מיט איר אויף דעם סטשעגאָווער בית־עולם. איך האָב דאָך דעם בית־עולם אַזוי גוט געקענט, אַזוי פיל פאַרבראַכט אויף אים, ווייל אַ היבשן חלק האָבן מיר דאָרט געהאַט . . . מיר האָבן דאָך מיט באַזונדערער פּיעטעט געפלעגט די קברים אַזוי, אַז ס׳האָט זיך געשאַפן אַזאַ אינטימער קאָנטאַקט צווישן שטוב און בית־עולם . . .

נאָך דעם זיידנס טויט פלעגט די באָבע יעדן ערב ראש־חודש באַזוכן איר מאַנס קבר אויפן בית־עולם. אויף די עלטערע יאָרן, ווען זי איז שוין שוואַך געוואָרן, פלעגט זי מיטנעמען מיין עלטסטע שוועסטער, גיטעלע. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף איר, איז איר לייכטער געווען דורכצומאַכן דעם וועג פון צוויי קילאָמעטער אַהין און צוריק. מיין שוועסטער פלעגט מיר דערציילן, ווי רירנדיק אָט־די באַזוכן זיינען געווען. ווי אַ פאַרליבטע פלעגט די באָבע זיך וואַרפן אויפן קבר און וויינענדיק שעפּטשען אין קבר אַריין: „אברהם יצחקל! איך קען אָן דיר נישט לעבן. נעם מיך צו דיר, נעם מיך צו דיר!"

אין די מאָמענטן האָט זי זיך דערמאָנט, און ס'איז געווען פאַרשטענדלעך וואָס זי האָט דער־ציילט, ווי אַלס מיידל פלעגט זי שטיין אונטער דעם פאָרהאַנג ביים פענצטער און שעה'ן גאַנצע וואַרטן, אַז דער שיינער, איידעלער, קלוגער אברהם־יצחק וועט דורכגיין און זי וועט קאָנען וואַרפן אויף אים אַ בליק, האָפנדיק אַז זי וועט זוכה זיין צו ווערן זיין ווייב. זי האָט זוכה געווען . . . אַזאַ ריינע ליבע, אַזאַ איבערגעגעבן אידעאַל פאַמיליען־לעבן איז צווישן זיי געווען און אַזוי טראַגיש, יונגערהייט, איז ער פון איר אַוועקגעריסן געוואָרן אין עלטער פון 54 יאָר. מיט זיין טויט האָט זיך איר פערזענלעך לעבן ווי פאַרענדיקט. זי האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויף איר טויט, ווען זי וועט קאָנען זיין צוזאַמען מיט אים . . .

ווען איך האָב געזען מיין באָבע אויפן טויטן בעט, אין דעם ווינטערדיקן שבת נאָכמיטאָג, ווען אַלע אַרום האָבן יאָמערלעך געוויינט, און איר פּנים איז טויטערהייט געווען אַזוי פאַרייניגערט, אַזוי אָן קנייטשן האָט אין מיין קינדערשער נשמה זיך דערוועקט אַ געפיל, וואָס איז געווען אין שאַרפן קאָנטראַסט צו די געוויינען אַרום. אין איר לויטערן, צופרידענעם פּנים האָב איך דערזען, ווי זי איז צו איר ציל דערגאַנגען: זי האָט זיך ווידער באַהעפט מיט איר טייערן, ליבן אברהם יצחקל — — —

ווען אין אייניקע וואָכן אַרום איז צוגעקומען נאָך אַ פאַמיליען־קבר פון מיין שוועסטערל, און אין אַ יאָר אַרום אויך דער קבר פון דער מומע גיטעלען, האָבן מיר אָנגעהויבן צערטלען די קברים. פון ווייטנס האָט מען געזען קוסטעס בוימער, ווי אַאַזיסן אין אַ מדבר, דאָס זיינען געווען די קברים פון אונדזער פאַמיליע. צוערשט האָט מען געפלאַנצט טאָפּאָליעס. אָפּגעגעבן דערמיט האָט זיך דער פעטער משה שוחט, מיין ברודער פייוול און איך. מיר זיינען געווען בסך־הכל קינדער פון 10 און 12 יאָר. אַזוי ווי מיר האָבן אַבסאָלוט נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן אַגראָ־נאָמיע, האָבן מיר זיך אַרויסגעהאָלפן מיט לייזעריקן. ער פלעגט מיט אונדז מיטגיין אויפן בית־עולם. אַזוי ווי ער איז געווען אַ כהן, פלעגט ער שטיין בלייבן מחוץ לגדר און דורך דעם צוים געבן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו פלאַנצן. בשכר זה האָבן מיר געפלאַנצט בוימער אויך אויפן קבר פון זיין זון, וואָס איז, אַלס קינד טראַגיש געשטאָרבן, זייענדיק אין אַ סאָד האָט עס זיך דער־שטיקט מיט אַ פלוים. ביז מען האָט דאָס קינד געבראַכט אין שטאָט צום דאָקטאָר, איז שוין געווען צו שפּעט און עס נישט געקענט דערראַטעווען . . .

מיר האָבן, לויט זיינע דירעקטיוון, געפלעגט די טאָפּאָליעס צוויי מאָל אין וואָך. יעדן זונטיק און דאָנערשטיק פלעגן מיר דריי גיין אויפן בית־עולם, מיטנעמענדיק פונעם טייך דריי עמער וואַסער, וואָס מיר האָבן געשלעפּט גאַנצע צוויי קילאָמעטער און באַגיסן די פאַרפלאַנצטע בוימער. דאַן פלעגט מען גיין נאָך אַ שטיק וועג, וואו ס'איז געווען אַ וואַסער־סטרוגע און ברענ־גען דריי עמער וואַסער. אַזוי אַ גאַנצן זומער. אָבער ווען די טאָפּאָליעס האָבן דערגרייכט צו אַ געוויסער הויך, זיינען זיי פאַרטריקנט געוואָרן. אונדזער אַגראָנאָם, לייזעריק, האָט דאַן פעסט־געשטעלט, אַז דער באָדן אויפן בית־עולם איז זאַמדיק און דערפאַר צו מאָגער. אויפן צווייטן סעזאָן האָבן מיר פאַרפלאַנצט אקאַציעס און לויט זיין עצה האָט מען מיטגעבראַכט ליים און אויסגראָבנדיק די גריבער פאַר די פלאַנצן, האָט מען אויסגעמישט די זאַמד מיט דער ליים און אַזוי געמאַכט דעם באָדן פעטער. דאָס האָט געווירקט און די אקאַציעס זיינען זיך שיין צעוואַקסן.

נעבן מיין זיידנס קבר זיינען די אקאַציעס זיך צעוואַקסן ב״ז איבערן דאַך פון אוהל. ביי דעם פאָרל־קבר פון דער באָבען מיט דער מומע גיטעלען, האָט דער קוואַדראַט אַרומגענומען פיר שיינע אקאַציעס. אַחוץ די אקאַציעס האָט מען אויך דאַן געפלאַנצט קאַשטאַן־בוימער.

עס דערמאָנט זיך אַן אינצידענט, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן. איך בין געווען אויף דער אַנדערער זייט בית־עולם, פלאַנצנדיק קאַשטאַנעס אויפן קבר פון מיין שוועסטערל. אַלע זיינען געווען קאָנצענטרירט ביים זיידנס קבר, ווען מיין ברודער האָט מיך פלוצלונג דרינגנ־דיק גערופן. כ׳בין שנעל צוגעלאָפן צום זיידנס קבר — און האָב דערזען די גאַנצע פאַמיליע: מיינע טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער, משהלע שוחט, שיינטשע, באַלטשע, די מומע חנה־

ביילע מיט דעם פעטער יצחק פרידמאַן, ווי זיי שטייען איינגעבויגן איבערן קבר און קוקן מיט אַ מיסטעריעזן בליק אויף אַ געוויסן פונקט וואו איך האָב דערזען אַ לאָך אין זייט פון דעם קבר. וואָס האָט פּאַסירט? — עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בשעתן גראָבן אַ גרוב צו פלאַנצן אַ בוים, האָט דער שפּאַדל זיך אָן עפּעס אָנגעשטויסן און ביים אַרויסנעמען די זאַמד האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ווינקל פונעם אָרון. אויף איין זייט נעבן אוהל איז דער קבר אונטערגעשווענקט געוואָרן פון דעם רעגן, וואָס פלעגט אַראָפּרינען פון אוהל־דאַך אויף אַזוי פיל, אַז מיט איין ריר פון שפּאַדל האָט דער אָרון זיך אַנטפּלעקט. ווי היינט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס בילד. איצט, נאָך אַכט־ניין יאָר שטייען מיר ווידער אַזוי נאָענט צום טייערן טאַטן. אָט זעט מען די פעסטע ברעטער, וואָס אונטער זיי ליגט דער טייערער, טראַגיש־אומגעקומענער טאַטע. שטרעק אויס די האַנט, הויב אונטער דאָס ברעט און דו זעסט אים . . .

מיין פאָטער, וואָס בשעת דער לויה איז ער געשטאַנען אָן אַ זייט און פאַרצווייפלט יאָמערלעך געוויינט און זיין טאַטן אין קבר נישט געזען, האָט ווי אַ מאַגנעט אים געצויגן צו דער נאָענטקייט פון דעם אָפענעם קבר. אַ לאַנגע צייט איז מען אַזוי געשטאַנען פאַראייניקט, דערנעענטערט, אָפּגעווישט אינגאַנצן דעם צייט־שטח צווישן לעבן און טויט . . . געקומען צו זיך איז דער פעטער משה. — פאַרפאַלן! האָט ער געזאָגט. געפּרוּווט אַרונטערשטעקן די האַנט אונטערן זאַמד אויפן אָרון, זוכנדיק עפּעס. שטיל, גאָרנישט רעדנדיק, גענומען דעם שפּאַדל אין דער האַנט און פאַרשאָטן דעם קבר אויף אייביק . . .

אויפן וועג צוריק האָט ער דערציילט וואָס ער האָט געזוכט: אַזוי ווי דער זיידע איז דאָך געווען אַ הרוג, און אַ הרוג מוז מען דאַך, לויט דעם דין, באַגראָבן מיט די מלבושים; און היות עס איז קיין בלוט־שפּור אויף אים נישט געווען, האָט דער רב געפּסקנט, אַז מ'זאָל אים נישט מטהר זיין און באַגראָבן אין תכריכים, נאָר די קאַפּאָטע מיט די שטיוול אים מיטגעבן אין קבר אַריין. די קאַפּאָטע האָט מען אויסגעשפּרייט אויפן אָרון און די שטיוול געלייגט צופוסנס. ער האָט דעריבער געטאַפּט אונטערן זאַמד, אויסצוגעפינען, צי עס זיינען נאָך געבליבן שפּורן פון דער קאַפּאָטע. ער האָט דעציזירט שנעל דעם קבר צו פאַרשיטן, ווייל צופיל האָט אים, ווי אַנדערע, געצויגן צו עפענען דעם קבר, אָבער דער דין דערלויבט נישט. אַ לאַנגע צייט איז מען אין אונדזער פאַמיליע אַרומגעגאַנגען ווי מיט אַ מיסטעריעזן סוד . . .

פון אַלע באַזוכן און אַרבעטן אויפן בית־עולם איז ער מיר געווען זייער, זייער באַקאַנט. און איך שפּאַציר־מיט, אין מיין דמיון, מיט דער לבנה. אָט קום איך אַריין אין טויער. אַ גלייכער וועג שניידט דורך דעם בית־עולם פון טויער אויף מערב, ביז קעגנאיבער אויף מזרח. דער וועג טיילט אָפּ די רעכטע זייט, וואו מ'האָט מקבר געווען מענער און די לינקע זייט, וואו מ'האָט געבראַכט צו זייער אייביקער רו פרויען.

באַלד ביים טויער, אויף רעכטס, גייענדיק ביז דעם ווינקל, ליגן באַגראָבן יידישע סאָלדאַטן פון דעם וועלט־קריג 1918־1914. די סאָלדאַטן פלעגן אָפּמאַכן צווישן זיך, אַז ווען איינער פון זיי וועט פאַלן, זאָל דער צווייטער אים באַגראָבן און אויפשטעלן אויפן קבר אַן אויפשריפט, אַז דאָ איז באַגראָבן אַ ייד. נאָך דעם קריג פלעגט מען טרעפן אין די געגנטן פון די שלאַכטן אַזעלכע קברים. מען האָט זיי עקסהומירט און געבראַכט צו קבורה אויפן בית־עולם. פון אויבן אָן, צו מזרח, שטייט דער אוהל, וואו אינעווייניק ליגט באַגראָבן ר' פּנחס פּיאָטרקאָווסקי, דער פאָטער פון ר' יצחק־מאיר פּיאָטרקאָווסקי; ר' משה באָגען, ר' יצחק־מאירס שוואָגער און דער פאָטער פון ר' יצחק באָגען.

ביי יעדער לויה, ווען מען פלעגט עפענען דעם אוהל אַרויסצונעמען די „מטה", פלעגט ר' יצחק־מאיר פּיאָטרקאָווסקי אַריינגיין און וואַרפן אַ בליק אויף דעם פלאַץ, וואָס איז געבליבן פאַר אים. ער האָט אָבער נישט זוכה געווען צו ליגן נעבן פאָטער. ער איז פּלוצלונג געשטאָרבן אין וואַרשע ביי דער חופה פון ערשטן אייניקל, נעכע פּיאָטרקאָווסקי. אַרום דעם אוהל איז דער פלאַץ פאַר מיוחסים, שיינע יידן און כהנים.

דער שפּאַציר אויפֿן בית־עולם דעראינערט מיך אַזוי פֿיל: אָט גייט דורך פֿאַר מיינע אויגן דאָס גאַנצע סטשעגאָווע — פֿון מיינע קינדער־יאָרן אָן — יעדער קבר, יעדע מצבה שטייט מיר פֿאַר די אויגן, ווי כ׳וואָלט דאָרט איצט געווען. אָט ביי דער טיר פֿון אוהל איז דער קבר פֿון ר׳ שמואל יונגוויץ. דערנעבן ליגט מיין חבר מאָטל סטשיזא, אין פֿראָנט צו מזרח — ר׳ הענעך זילבערשטראָם און ר׳ מענדל־מלמד; אָן דער זייט מיין זיידע — ר׳ אברהם־יצחק שוחט; דערנעבן, אַ שווער מיט אַן איידעם, וואָס זיינען אין איין טאָג געשטאָרבן: ר׳ יעקב סקאָווראָן און זיין איידעם פֿרענקל.

איך שפּאַציר ווייטער און לייען מצבות: ר׳ חיים בערלין, אַראָפּ־צו אַ קבר פֿון ר׳ שמחה־יואלן מיט דער ווייסער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד. אין דעם געגנט פֿון אוהל איז דאָ אַ ווינקעלע, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער פֿאַמיליע־צוגעבונדנקייט. איך מיין דערמיט אַ קבר אין דער ברייט. ווען איינער פֿון די מדזעווערס איז געשטאָרבן און מ׳האָט אים דוקא געוואָלט לייגן נעבן זיין פֿאָטער און קיין פּלאַץ איז נישט געווען, האָט מען אים געלייגט אין דער ברייט, צופֿוסנס פֿון זיין פֿאָטער. נישט ווייט פֿון דאָרט אַ מצבה אויף יידיש: אהרן הכהן ביזבערג. דערנעבן אַ יידישע מצבה פֿון זיין שכן פּינקערט, קעגנאיבער, ביי דער פּרויען־אָפּטיילונג, אויך אַ פֿאַמיליע־ווינקעלע: ברײנע עטא, צופֿוסנס פֿון איר מוטער. נישט ווייט פֿון דאָרט מיין באָבע, מיט איר טאָכטער גיטעלע, און דערביי — אין דער זעלבער שורה — מיין צווייטע באָבע (ביידע מיינע באָבעס זיינען געווען שוועסטער). נישט ווייט פֿון דאָרט טשאַרנא לאַנקא מיט איר טאָכטער גאָלדע. אָט־אַזוי פֿלעגן זיך קאָנצענטרירן פֿאַמיליען־ווינקעלעך אויפֿן בית־עולם . . .

*
**

אַ שוועסטערל האָב איך געהאַט, אַ זעלטן קינד געווען: אַ שוואַרצן געלאָקטן קאָפּ האָר, מיט אַ פּאָר בלויע אויגן, קלוג ביז גאָר. גוט, ווי אַ גוטער מלאך. דאָס קינד איז געווען דאָס ליבלינג אין שטוב. מיר אַלע קינדער זיינען צו איר אַזוי צוגעבונדן געווען. אַחוץ איר גוטסקייט און קלוגשאַפֿט, איז פֿון קינדהייט אָן האָט זי נאָר גערעדט, געטראַכט און געחלומט וועגן ארץ־ישראל און דאָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי איר, ווען זי האָט נאָך נישט דייטלעך גערעדט. עס האָט ביי איר אָנגענומען אַזעלכע פֿאָרמען, אַז מען האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין פֿון וואַנען עס נעמען זיך צו אַזאַ קליין קינד אַזעלכע געדאַנקען. איז עפּעס צעבראָכן געוואָרן, האָט זי געזאָגט, אַז עס לוינט זיך נישט צורעכט צו מאַכן, „בעסער צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל״. ס׳איז, געדענק איך, איינגעפֿאַלן אַ טייל וואַנט אין קיך, האָט זי געזאָגט: „גוט אַזוי! ווען ס׳וועט איינפֿאַלן די גאַנצע וואַנט, וועט מען מוזן פֿאָרן קיין ארץ־ישראל.״ איז געווען קאַלט — „אין ארץ־ישראל איז דאָ אַ וואַרעמע זון, זאָל מען אַהין פֿאָרן״. זי האָט אַזוי פֿיל גערעדט פֿון דער ארץ־ישראלדיקער זון, ביז זי איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון דער גלותדיקער זון. ווי די זון וואָלט צוליב אייפֿערזוכט זיך אין איר נוקם געווען. פּלוצלונג איז זי פֿון אַ זון־שלאָג געשטאָרבן . . .

ווי אַ דונער האָט די קאַטאַסטראָפֿע געטראָפֿן אונדז אַלעמען. מיין טייערע, געטרייע מאַמע, אַזוי פֿיל צרות האָט זי אין לעבן דורכגעמאַכט: גויט, קרענקען, קינדער געשטאָרבן. פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע האָט זי צוזאַמענגעבראָכן, זי האָט אַ האַרץ־פֿעלער באַקומען, זי האָט בשום אופֿן זיך נישט געקאָנט טרייסטן. נישט ווייט פֿון פּלויט, צפֿון־וויַיז, דאָרט וואו מען איז מקבר קינדער, ליגט מיין טייער שוועסטערל. ווען כ׳פֿלעג אויפֿן בית־עולם זיין, האָט מיך צו איר קבר געצויגן. קאַשטאַנעס האָב איך געפֿלאַנצט אויף איר קבר. די ערשטע זאַך, קומענדיק אויפֿן בית־עולם, איז ביי מיר געווען צו באַזוכן איר קבר. יעדעס מאָל פֿלעג איך קאָנטראָלירן וויפֿל די קאַשטאַנעס זיינען צוגעוואָקסן, כ׳האָב זיך געפֿרייט מיט יעדן צענטימער וואָס זיי זיינען העכער געוואָרן.

איין טאָג, ערב מיין עליה קיין ארץ־ישראל, בין איך געווען אויפֿן בית־עולם זיך געזעגענען. כ׳האָב דורכשפּאַצירט דאָס גאַנצע בית־עולם, ביי פֿיל קברים זיך אָפּגעשטעלט און זיך פֿאַרטראַכט, אַ סך דעראינערונגען האָבן מיר פֿיל קברים געגעבן: אָט שטיי איך נעבן קבר פֿון

מיין רבי מענדל־מלמד, נעבן אים ר׳ הענעך זילבערשטראָם, וואָס פלעגט לערנען מיט אונדז אַ שיעור און שפּעטער, ווען כ׳האָב געזוכט העברייאישע ליטעראַטור, האָב איך פון זיין ירושה געבאָרגט שיפּמאַנס „בכורים״. איך שטיי ביים קבר פון דעם נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם ר׳ פייוול נאָוואָגראָדסקי, וואָס זיך אָפּרייסן פון די געשעפטן און קומען אין בית־המדרש אַריין מיט אונדז אַ שיעור לערנען, איז געווען זיין גרעסטער פאַרגעניגן. ר׳ יצחק ראָזנס קבר. סך־הכל אַ פּאָר יאָר אין סטשעגאָווע געווען און מיר, בחורים, זיינען צוגעבונדן געוואָרן צו אים. טראָץ דעם קאַלאָסאַלן קאָנטראַסט פון עלטער, אויפפאַסונג (אפילו די „אגודת ישראל״ איז ביי אים נישט כשר געווען), האָט אונדז צו אים געצויגן, צו הערן פון אים אַ שמועס.

אַזוי האָב איך שפּאַצירט און זיך זייער אָפּט פאַרטראַכט ביי מצבות. טייל האָבן מיר נאָר דעראינערט עפּיזאָדן, אָבער אַלעס צוזאַמען איז עס געווען מיין סטשעגאָווע — סטשעגאָווע דאָס שטעטל, וואָס אין דעם בין איך געבוירן געוואָרן, דערצויגן געוואָרן און געלעבט אין דעם און מיט דעם — מיט אָט־דעם שטעטעלע געזעגן איך זיך איצט אויף שטענדיק . . .

***

לאַנג בין איך געשטאַנען ביי די קברים פון מיין פאַמיליע. לסוף בין איך צוגעגאַנגען צו מיין שוועסטערלס קבר, אָפּרייסן האָב איך זיך פון דעם קבר׳ל ניט געקאָנט. — „אָט פאָר איך אַהין אין דעם לאַנד וואָס דו האָסט עס אַזוי אויסגעבענקט; אָט וועט מיך די ארץ־ישראלדיקע זון וואַרעמען, און דו, שוועסטערל, האָסט אַזוי טרויעריק געפונען דיין פּלאַץ אין דער קאַלטער גלותדיקער ערד״ . . . איך וואַרף דעם לעצטן בליק אויף מיין שוועסטערלס — רחל דבורהלעס — מצבה, מיין אַרבעט, און איך לייען: „אשר נקטפו ימיה — בשנה הששית לחייה״.

***

שטיל שאַרט זיך די לבנה אַוועק פון בית־עולם, וואָס איז איינגעהילט אין אייביקן שלאָף, און גיט ביסלעכווייז איבער די ממשלה דער אויפגייענדיקער זון. דאָס בית־המדרש איז ווי אויפגעלעבט געוואָרן, דער עולם קומט זיך צוזאַמען דאַוונען און פאַרן דאַוונען כאַפּט מען אַ שמועס וועגן פּאָליטיק, מסחר א. ד. גל. עס הויבט אָן הערשן דער קליינשטעטלדיקער באַשיי־דענער הו־הא, ראַשיק, אונטער דעם אויפרייסנדיקן בליק פון דער זון . . .

יענעם אָוונט, קוקנדיק אויף דער לבנה, האָב איך נאָך אַמאָל מיטגעלעבט מיין שטעטל און האָב לסוף זיך אינגאַנצן פאַרגעסן וואו איך שטיי און וואו איך האַלט. איך האָב פאַרטראַכטער־הייט אויפגעהויבן די אויגן צו דער לבנה איר עפּעס צו פרעגן, אָבער זי האָט אונטער אַ וואָלקן זיך באַהאַלטן.

— וואָס שעמסטו זיך פאַר מיר? וואָס באַהאַלטסטו פאַר מיר אויס?

איך האָב געוואַרט ביז די לבנה האָט זיך צוריק באַוויזן און איר געפרעגט: „זאָג מיר, לבנה, וואָס פאַר אַ גרוס גיסטו מיר אָפּ פון מיין שטעטעלע סטשעגאָווע? צי האָסטו אויף דיין שפּאַציר איבערן מאַרק וועמען געטראָפן? ווען נישט אין גאָס איז, אפשר, אַריינבליקנדיק אין די פענצ־טער? צי קאָנסטו מיר עפּעס דערציילן, אָדער, לכל הפחות — וואָס קאָנסטו מיר דערציילן פון דיין לעצטן פאַרטאָגיקן שפּאַציר פון בית־עולם? זיינען עפּעס דאָרט פאָרגעקומען ענדערונגען?

איך קוק זיך איין אין דער לבנה און וויל פון איר אָן ענטפער לייענען. און מיר דאַכט זיך, אַז די לבנה האָט מיר טרויעריק מיט דעם קאָפּ צוגעשאָקלט און, אַלס באַשטעטיקונג האָבן די שטערן אַרום אויך ווי זיך איבערגעוואונקען . . .

די לבנה מיט די שטערן האָבן מיך באַדויערט.

יצחק און טריינע טאנדיטשאַרזש־פּיעכאטקע (תל־אביב, ישראל)

# אָט אַזוי האָט אונדזער שטעטל געלעבט

יום י״א אדר, תש״י (דעם 19טן פעברואַר, 1950)
תל־אביב, מדינת ישראל,
יזכור אלוקים את נשמת הקדושים,
ונקיתי, דמם לא נקיתי.
מוקדש לזכר הורי, אחי ואחיותי.

מיט אַ צובראָכן האַרץ, מיט טרערן אין די אויגן, נעמען מיר זיך באַשרייבן אונדזער ליב שטעטעלע סטשעגאָווע — וואו אונדזערע וויגעלעך זיינען געשטאַנען, וואו מיר זיינען דערצויגן געוואָרן מיט גרויסער ליבע צו יעדן הייזל, צו יעדן שטיינדל, וואו מ׳האָט די יוגנט־יאָרן פאַרבראַכט.

כאָטש ס׳איז אָנגענומען ווי אַ כלל, אַז די טויטע ווערן פאַרגעסן, איז עס אָבער ניט חל אויף אונדזערע טייערע, אונדזערע נאָענטע. זיי זיינען פאַר אונדז נישט טויט און מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי זיינען נישטאָ מיט אונדז, אָבער זיי באַגלייטן אונדז אומעטום און מיר זעען זיי, ווייל פון זיי האָבן מיר די יניקה. זיי האָבן אונדז דערצויגן, געלערנט אונדז ליב צו האָבן אונדזער פאָלק און לאַנד.

אין דעם קאַמף פון די רוסן מיט די דייטשן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט איליא ערענבורג זיך אויסגעדריקט: אַ פאָלק מוז געדענקען צוויי זאַכן: 1) ליב צו האָבן און קעמפן פאַר זיין פאָלק; 2) פיינט צו האָבן די שונאים פון פאָלק. דאָס איז גילטיק אויך פאַר אונדז. און בפרט דאַרפן מיר שטענדיק געדענקען דעם פסוק פון דער תורה: „זכור את אשר עשה לך עמלק ואל תשכח״. נישט פאַרגעסן די עמלקים פון אונדזער צייט, די נאַציס, וועלכע האָבן אַזוי ברוטאַל אומגעבראַכט אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער. זאָלן אָט־די געשריבענע ווערטער דינען אַלס מצבה פאַר זיי לזכרון עולם.

און איצט וועלן מיר פּרוּוון, כאָטש טיילווייז, אונדזער ליב שטעטעלע סטשעגאָווע באַשרייבן; פּרוּוון כאָטש וויפל ס׳איז אונדז מעגלעך, שילדערן די אַטמאָספערע, דעם גייסט פון אונדזער אומגעקומענעם שטעטל סטשעגאָווע.

פרייטיק נאָכמיטאָג. פון יעדער יידישער שטוב טראָגט זיך דער ריח פון די געשמאַקע שבתדיקע מאכלים. אונדזערע מאַמעס טראָגן די חלות פון די בעקער און די יינגלעך פון חדר הויבן אָן צו ווערן פריי פון דעם רבינס עול, וואָס זיי טראָגן אַ גאַנצע וואָך. עס טראָגן זיך „געוואַלדן״ פון קינדער, וואָס די מאַמעס שלעפּן אַריין אָפּצוואַשן לכבוד דעם אָנקומענדיקן שבת, און פון דער מקוה זעצט אַרויס דער רויך פון קוימען און די עלטערע יידן זעט מען שוין גיין מיט פעק וועש אונטערן אָרעם. דאָס גייען זיי זיך טובלען לכבוד שבת. אויף די הויפן זעט מען אויסגעשטעלט רייען מיט שיך, גרייט צום פוצן און רייניקן. און אָט זעט מען לויפן אַ יידענע אין געוועלב אַריין עפּעס קויפן, וואָס האָט איר נאָך אויסגעפעלט צום שבת. און אָט זעט מען שוין גיין ר׳ ישראל ראָזענען מיטן נאַסן האַנטוך אויף זיין האַלדז אַרומגעוויקלט, זיין שיינע באָרד האָט דער ווינט אויףביידע זייטן צעשפרייט און ער גייט איילנדיק, אַ סימן אַז ס׳איז שוין שפעט און ס׳הערט זיך שוין דאָס צומאַכן זיך פון די געוועלבער. עס הויבן זיך אָן באַווייזן קינדער מיט אויסגעצוואָגענע קעפּלעך און אויסגעפוצטע, ווי זיי גייען מיט זייערע טאַטעס, וועלכע האָבן אָנגעטאָן די סאַמעטענע היטלען מיט זיידענע קאַפּאָטעס. די מאַמעס, שיינענדיקע, אין די שייטלעך מיט די ווייסע שירצלעך, גרייט ליכט צו צינדן. דער עולם גייט אין שול אַריין.

צווישן עולם גייט זיך לאַנגזאַם און זיכער דער רב פון שטאָט, ר׳ יעקב שלמה סימיאַטיצקי, אַזוי ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מרא דאתרא, מיט זיינע פיר זין: לייבל, דער תלמיד־חכם; שמואל,

וועלכער האַלט זיך פאַר אַ משכיל; הערשל, אַ סטודענט, וואָס לערנט אין וואַרשע און קוקט שוין אויף דעם שטעטעלע פון אויבן אַראָפּ, און אהרן יונה, דער ייִנגסטער, וועלכער זוכט זיך ערשט זיין וועג אין לעבן.

אין שול פאַרנעמט זיך יעדער זיין „שטאָט" לויט זיין שטאַנד, מיטן דעם רב אויבן־אָן, און ר' יצחק פּיאָטריקאָווסקי לעבן אים.

גאַנץ אָפּט זיינען געקומען די איידעמס פון לאָדזש און פון וואַרשע צוגאַסט, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט ווי סאָלדאַטן אַ קאָמאַנדיר, מיט זיינע זין אַנשל און יחיאל אָן דער שפּיץ, וועלכער איז אויך געווען פּרעזעס פון אונדזער קהילה.

מנחה דאַוונט סתם אַזוי אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, ווער אַ יאָרצייט, ווער האָט סתם ליב צו זיין אַ חזן. אָבער מקבל־שבת זיין גייט אַרויף אויף דעם באַלעמער ר' משה שוחט מיט זיין שטאַרקער שטימע און זינגט אויס ווי אַ מאַרש „לכה דודי" און דער עולם זאָגט זיך „גוט־שבת, גוט־שבת", און מ'גייט אַהיים.

אָבער נעבן דער שול שטייט אַ הויז און דאָרט וואוינט די משפּחה מארגולין מיט דער טאָכטער הענטשע אין דער שפּיץ, און אַלע חברות קומען צו איר בעת מען דאַוונט און נישט ווילנדיק וואַרפט נישט איינער אַן אויג אַהין . . . ווייל דעמאָלט זיינען די טאַטעס פאַרנומען מיטן דאַוונען אין שול און יעדער טאַטע גייט זיך אַהיים מיט זיינע קינדער. פון יעדער שטוב הערט זיך דאָס זמירות־זינגען, וואָס ווערט באַגלייט פון צייט צו צייט מיט פּאָליטישע דיסקוסיעס לויט די אַק־טועלע פּראָבלעמען פון דער צייט, וואָס שווימען אַרויף אין אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן. נאָר פון איין שטוב הערט מען נישט קיין שבתדיקע זמירות, דאָס איז די שטוב פון יעקב־משה וויעלגאלאסקי, וואָס אַהין קומט אַריין די אַמאָליקע בונדישע גרופּע, ווי תמר איידליץ, אהרן שאַפּיראָ און אַנדערע, אמת, עס זיינען געווען מער חברים פון זיי, נאָר אַ סך זיינען אַוועק קיין אַמעריקע און אַנדערע האָבן געביטן די פּאָליטישע איבערצייגונגען. אייניקע האָבן אָנגעהויבן פירן פרומע ייִדישע הייזער. פון צייט צו צייט קומט אַריין יהושע גראָסבארד פון טשעכאנאוו, זיך צו באַטייליקן אין די דיסקוסיעס און העלפט גלייכצייטיק אויסטרעטן די סטשעגאָווער בלאָטעס, מיט וועלכע אונדזער שטעטעלע איז געווען גאַנץ געשמאַק געבענטשט.

נאָכן עסן האָט זיך די יוגנט געלאָזט אין גאַס אַריין: פינצטער אַרום און אַרום, נאָר פון די הייזער שטראַלט אַרויס אַביסל ליכט, זעען זיי אַלע אויס ווי שאָטנס. פון די פינצטערע געסלעך, אָנהויבנדיק פון דער גאַס וואו די מיל איז געשטאַנען, דאָרטן האָט מען שוין געזען ווי די פּאָרלעך טרעפן זיך צוזאַמען; ווי יעקב אהרן שאַפּיראָ גייט אַזוי שווער מיט זיין דיקן קערפּער און באַוועגט זיך לאַנגזאַם. ער גייט צו הענטשע מאַרגולין און ביידע זעט מען דערנאָך גיין דורך דעם גרויסן בלאָטיקן מאַרק, ווי פון מאיר ליפּשיצעס קאָפּעי כאַפּט זיך אַרויס אַ שטראַל און באַ־לייכט דעם פינצטערן דרויסן, ווען ס'עפנט זיך די טיר בעת ס'גייט ווער אַהין אַריין. פון דעם זעלבן געסל זעט מען ווידער דאָס צווייטע פּאָרל — בראָנטשע באָגען מיט אלחנן סטאַוויצקי, און זיי טרעפן זיך שוין מיט די חברות, ווי ביידע טרייִנעס פּיעכאָטקע און דבורה־שפרה גוטמאַגן און טאָבע גיפּס, וועלכע האָט ערשט געמאַכט אירע ערשטע טריט אין גאַס, נאָך איר צוריק־קומען פון ארץ־ישראל. און פון די אַנדערע גאַסן האָט מען ווייטער געזען משה טאוב מיט אסתר סטאַוויצקי, און נאָך ווייטער האָט מען געקאָנט זען שפּאַצירן אויף דעם שאָסעי אַ גרופּע ייִנגלעך, ווי איטשע־אברהם פלאנסקער, דוד זילבערשטראָם, שמעון וויור, און פון די מיידלעך אַ באַזונדער גרופּע — פעלע פּיעכאָטקע, חנה פלאָנסקע, חנה לעווקאָוויץ מיט פייזל ראָזענבערג און דוד לעווקאוויץ מיט רחל זילבערשטראם. אַזוי האָט מען זיך שפּאַצירט אויף דעם מלאַווער וועג ביז צום וועלדל.

אויך דאָס וועלדל אַליין איז געווען אַ שטיק פון דעם לעבעדיקן שטעטעלע. שבת, 11 אַזייגער פאַר מיטאָג, ווען דער צווייטער מנין גייט פון שול, זעט מען שוין טראָגן די טשאָלנטער פון די בעקערייען. און די בעקערס, ווי בן־ציון לאקריץ, בערלין, לייבקע פינקעלשטיין און די אַזוי־

גערופענע אימניצקער, זיינען געווען שטאָלץ, וואָס זיי באַזאָרגן די יידן מיט עסן לכבוד שבת. ביים עסן דעם טשאָלנט האָט מען אין פאַרשידענע הייזער געקאָנט הערן שאַרפע דיסקוסיעס, וועלכע האָבן זיך דערנאָך איבערגעטראָגן אין גאַס אַריין. אויף די טראָטואַרן, פון ביידע זייטן גאַס, זעט מען פאַרשיידענע גרופעס — פּאָליטישע, ליטעראַרישע און דראַמאַטישע — אַ גרופּע אַלגעמיינע ציוניסטן מיט מענדל־זעליג גוטמאָרגן אין דער שפּיץ אַלס פּרעזעס, מיטן „הנוער־הציוני״; אויף דער צווייטער זייט מאַרק, לעבן טשיזיקס הויז, אַ גרופּע פון פּועלי־ציון מיט נח יזרעאל אַלס פּרעזעס, מיט די יוגנט־פרייהייט. נעבן זיי האָט דיסקוטירט אברהם פּינקערט מיט דער הילף פון זיינע חברים און חברות. אין סאַמע פּולן ברען פון דעם וויכוח האָט זיך געעפנט די טיר פון די סטשעגאָווער סטראַזשאַצקי־רעמיזע, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק און די דראַמאַטישע סעקציע האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמענקומען. דער דראַמאַטישער קרייז האָט פאַר־איייניקט אַלע גרופּירונגען, ווייל די זעלבע מענטשן, וואָס זיינען געווען אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן פון שטאָט, זיינען אויך געווען אַקטיוו אין דעם דראַמאַטישן קרייז. מ׳דאַרף דאָ דערמאָנען דעם רעזשיסאר ארעק גרינבערג פון מלאווע. אויך ער האָט אונדז אַ סך געהאָלפן ביי די פאָרשטעלונגען.

דער צוזאַמענשטעל פון דראַמאַטישן קרייז איז באַשטאַנען פון: שרהטשע שאַפּיראָ אַלס סופלאָרקע, תמר איידליץ, טוביה רעמבום, יעקב־אהרון שאַפּיראָ, יצחק טאַנדיטשאַרדזש, בראָנטשע באָגען, רחל קלאַפּמאַן, אסתר סטאַוויצקי, פייוול ראָזענבערג, אלימלך קליין און משה טאוב. טראָץ דעם קליינעם אַנסאַמבל האָבן מיר אויפגעפירט גאַנץ ערנסטע און שיינע זאַכן מיט גרויס דער־פאָלג. געענדיקט די רעפּעטיציעס איז יעדער איינער אַהיים געגאַנגען הערן די טאַטעס הבדלה מאַכן און באַלד האָט מען זיך געגרייט צום קעסטל־אָוונט, וואָס איז אַלע שבת־צו־נאַכט פאָרגע־קומען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויף די קעסטל־אָוונטן זיינען באַהאַנדלט געוואָרן פּאָליטישע און ליטעראַרישע פראַגן, אויך פאַרשיידענע פּראָבלעמען. די יוגנט האָט געהאַט אַ גרויסן געוווס דערפון. די קעסטל־אָוונטס האָבן זיך פאַרצויגן ביז שפּעט ביינאַכט.

זונטיק אין דער פרי האָט מען געזען די סוחרים וואָס גרייטן זיך פאָרן קיין מלאַווע צו ברענגען סחורות אויף דעם טאָרג (מאַרק־טאָג). ווער ס׳האָט מיטגעשיקט אַ בריוו, אַ פּעקל, און ווער ס׳איז געקומען סתם אַזוי, אַרויסצובאַגלייטן דעם אויטאָ. און ווען דער אויטאָ איז אָפּגע־פאָרן, איז געבליבן שטיין אַ גאַנץ היבש קרייזל מענטשן פון די, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן גאַנץ פרי. דערנאָך האָט מען געהערט דאָס אויפקלאַפּן די אייזערנע שטאַבעס פון די געוועלבער אַרום מאַרק, פון משה־בער פלאַנסקער, הערש־בער זשיכלינסקי, זלמן דאַווידאָוויץ, בן־ציון לאַקריץ, אליעזר גיפּס און אַנדערע. שפּעטער האָט מען געזען גיין דאַוונען מיט די טליתים אונטער די אָרעמס: יחיאל־מאיר גוטענבערג, אריה־לייב איידליץ, דעם גבאי פון דער „חברה־קדישא״, ר׳ יצחק פרידמאַן. דערנאָך האָט מען געזען פון מאַרק, ביי די טרעפּלעך פון די געוועלבער עלטערע יידן און אויך די יוגנט, וועלכע האָבן זיך געוויצלט און געשטיפט און סתם געשמועסט, און אַזוי האָט מען געוואַרט ביז פאַרנאַכט, ווען דער אויטאָ איז צוריקגעקומען פון מלאַווע און געבראַנגט די צייטונגען. ווער ס׳האָט זיך גענומען לייענען אַ צייטונג, ווער אַ בוך און ווער גאָר אַ קערטל, ווער טאַנצן און ווער ס׳האָט זיך אַוועקגעלאָזט סתם מעסטן ווייטער די גאַסן פון שטעטל.

מאָנטיק אין דער פרי, באַלד פון דער נאַכט, האָט זיך געהערט דאָס געשריי און געפּילדער פון די מענטשן, וואָס זיינען געקומען אויף דעם סטשעגאווער מאַרק, פון אַלע זייטן וועגן, ווי מלאַווע, ראַטשוינז, טשעכאַנאָוו, שרענסק, ראַדזאַנאָוו, גלינאָוויעצק, זיינען אָנגעקומען וועגן מיט פאַרשיידענע סחורות און דער מאַרק איז געוואָרן פאַרפולט און די יידן זיינען אַרויס האַנדלען אין גאַס.

דאָס ערשטע האָט מען געזען אַרויספאָרן בערל קלאַפּמאַן און דוד טיק מיט גרויסע קאַסטנס און פאַרנומען דעם אויבנאָן אין מאַרק ביי דעם צלם איינצוקויפן פּוטער, אייער, עופות.

נאָך זיי זיינען געקומען די איבערקויפערס, וואָס האָבן געקויפט פאַר זיי, ווי אסתר אויזעראָוויץ, בלימה יאַקובאָוויץ, איטע קאַזמירעק. די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פון די תבורה־סוחרים, ווי שלמה סקאָוראָן, אברהם טשיזיק, יעקב אהרון שאַפּיראָ, בייניש און בערל נאשעלסקי. די דריטע גרופּע איז געווען: די קעלבער און ראָכוואַרג־סוחרים, ווי ברוך רעבעק, זעליג אויזעראָוויץ, משה אַלטער מייראַנץ, און די לעצטע זיינען געווען די סוחרים פון די גרויסע שווערע בהמות און אָקסן, ווי אסתר לעווינסקי (באַקאַנט אַלס טאָקעטשינע) מיט איר איידעם און זון, אידל און אהרן שאַפּיראָ, שלמה סטאַוויצקי מיט זיינע ברידער און פּינחס, לייבוש דוגא און הענעך כרמל. אויך די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס האָט מען געזען אין מאַרק איינקויפן אויף דער גאַנצער וואָך.

צווישן די אַלע פרויען האָט זיך ספּעציעל באַמערקט די פרוי זאַלצבערג (דעם סטשעגאוווער פעלדשער'ס פרוי), קויפנדיק אַ פעטע הון, נישט קענענדיק דורכקומען מיט דעם פּרייז, פלעגט זי זאָגן: „נו, מיין מאַן וועט דערפאַר דיר אויך רעכענען ביליקער אַז דו וועסט קראַנק זיין". אַזוי איז אַ גאַנצן טאָג געווען אַ געשריי, אַ געפּילדער פון די פּויערים פון דער גאַנצער אומגעגנט, וואָס זיינען געקומען קויפן פון די יידן און פאַרקויפן די יידן פאַרשיידענע סחורות.

פאַרנאַכט האָבן זיי שוין געוואַרט אויף די פּריש־געבאַקענע גריסקעס פון די יידישע בעקערס און נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אָפּליידיקן דער סטשעגאָווער מאַרק און די וועגן פון אַלע זייטן זיינען ווידער פול געוואָרן מיט וואָגנס, וואָס זיינען צוריקגעפאָרן אַהיים, יעדערער אין זיין שטאָט אָדער דאָרף

אָבער דער מאַרק איז נאָך אַלץ נישט ליידיק געוואָרן, ווייל אונדזערע סטשעגאווער מאַרק־סוחרים האָבן זיך ערשט רואיק און געמיטלעך גענומען צוריק אַריינטראָגן זייערע סחורות אין די געוועלבער. דאָס ערשטע האָט מען געזען צוריקטראָגן די קאַסטנס מיט היטלען אבא נאוואָגראַדסקין מיט זיין אַרבעטער אליהו ויור; דוד סאָקאָלאָוו און טאָבע ראָזען און יצחק סקאַוראָן מיט זייערע מאַנופאַקטור־סחורות; משה לעווין און אסתר סטאַוויצקי מיט פאַיאַנס־סחורות; משה קאָלאקאווסקי, בנימין גאלאס און יצחק יאַבלאָגאווסקי — מיט שטיוול.

נאָכן אָפּיציעלן מאַרק האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער יריד ביי דוד טיק אויף דעם הויף, ווייל דער הויף האָט פאַרבונדן סטשעגאווע מיט וואַרשע אין האַנדל־ענינים דורך דעם לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט אַוועקגעפירט סחורות קיין וואַרשע און צוריקגעבראַנגט פון וואַרשע סחורות פאַר דעם שטעטל.

דינסטיק איז געווען שאַ־שטיל אין שטעטל. ווער פון די סוחרים איז געפאָרן נאָך וואַרשע, לאָדז, אָדער מלאווע ווידער איינקויפן סחורה, און די יוגנט האָט פאָרגעזעצט אירע טעטיקייטן: דורכגעפירט אַן אַקציע פון געלט־זאַמלען לטובת „קרן קימת לישראל" און אָפּגעוואַרט דעם אויטאָ מיט די צייטונגען. גאַנץ אָפט איז אויך געקומען אין שטעטל אַריין אַ רעדנער, אַ לעקטאָר, אַ ליטעראַרישע אָדער פּאָליטישע פאָרלעזונג געבן. דאַן, נאָך אַזאַ פאָרלעזונג, איז ווידער געווען פריש מאַטעריאַל מיט וואָס אויסצופילן די צייט. פון צייט צו צייט איז אויך געוואָרן איינגע־אָרדנט פאַרשיידענע פאָרשטעלונגען פון אַריינגעפאָרענע אַרטיסטן אָדער רעציטאַטאָרן.

מיטוואָך אין דער פרי האָט מען געזען אונדזערע סוחרים פאָרן מיט סחורה נאָך גלינאָוויעצק (אַ דערפל נעבן סטשעגאווע). אין גלינאָוויעצק האָבן אויך געוואוינט אַ מנין יידן. דאָרט איז געווען אַ גרויסע צוקער־פאַבריק, וועלכע האָט געשפּייזט מיט צוקער די גאַנצע אומגעגנט. אונ־דזערע סוחרים זיינען געפאָרן צו פאַרקויפן מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע, פאַיאַנס און אַנדערע סחורות. שפּעטער, אַרום 9 אין דער פרי, האָט מען געזען פאָרן ר' משה שוחט (וואָס איז געפאָרן שעכטן צו באַזאָרגן פלייש פאַר די יידן אויף שבת), און ר' אברהם סטזשישע מיט זיין בריטשקע. און אַמאָל איז זיך סתם אַזוי ווער מיטגעפאָרן מיט זיי, אויסצופילן די צייט. אייניקע פון די שטעטלדיקע באַלעבאַטים האָבן זיך פאַרנומען מיט קהלשע ענינים. מ'דאַרף זאָגן, אַז אויב היינט זעט מען, אַז ס'איז פאַראַן ספּעציעלע הילף און גאַנצע אַפּאַראַטן וואָס זיינען זיך מתעסק וועגן

דעם, דערמאָנט עס אָן אונדזערע סטשעגאָווער יידן, וואָס האָבן עס געטאָן אָן שום באַצאָלונג, אָן שום טומל, נאָר טאַקע לשם מצווה. די דריי אַלטע יידישע טראַדיציעס: רחמנים, ביישנים און גומלי־חסדים, זיינען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער שטעטל סטשעגאָווע.

ס'איז געווען אַ גמילות־חסדים קאַסע, אַ ביקור־חולים־פאַראיין, אַ פרויען־פאַראיין, וואָס איז געווען זייער טעטיק און האָט אַ סך געהאָלפן קראַנקע און שוואַכע. סטשעגאָווע האָט אויך געהאַט זייער אַ שיינעם בנין: אַ הכנסת־אורחים, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַדאַנק דער איניציאַטיווע פון אברהם פּיאָטרקאָווסקי (אַנשל פּיאָטרקאָווסקיס אַ זון). דער פאַקט איז, אַז אַ קינד פון אַ זייער רייכער היים האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ בנין איז זייער נויטיק און ער אַליין איז אַלע דאַנערשטיק אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט זאַמלען געלט ביי אַלע יידן און אַזוי־אַרום אויפגעשטעלט אַ הויז, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער גאַנצער געגנט. די אָרעמע לייט האָבן זיך טאַקע מחיה געווען. זיי האָבן געהאַט אין דעם הויז אַ היים זיך אָפּצורוען, און אין ווינטער — זיך אָנצוואַרעמען און יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין בעט.

דאָס ווייזט, אַז דאָס שטעטעלע האָט געזאָרגט אויך פאַר אַזעלכע עניים. און ווען ס'איז געקומען פורים־צייט, זיינען די דאָזיקע פון שטאָט, ווי ר' פּייוול נאָוואָגראַדסקי און אַנדערע אריינגעגאַנגען צו ר' אליעזר גיפּס, וועלכער איז געווען דער גרעסטער מאַנופאַקטור־סוחר אין שטאָט און געגומען ביי אים פאַרשיידענע סחורות פאַר אָרעמע קינדער, אַז זיי זאָלן האָבן אויף פסח וואָס אָנצוטאָן, און אַלעס בחינם. און ווינטער האָט מען געזאָרגט, אַז די אָרעמע מענטשן זאָלן האָבן מיט וואָס צו דערוואַרעמען זייערע הייזער — און נאָך אַזעלכע זאַכן.

אין אַזעלכע אַקציעס האָט אויך די יוגנט גענומען אָן אַקטיוון אָנטייל. איך אַליין געדענק, אַז ווען מיין פאָטער, ע"ה, איז אַמאָל, 2 אַזייגער ביינאַכט, אַוועקגעפאַלן, בין איך געלאָפן צו ר' שמואל בעריש ראָזענבערג (ער איז געווען דער גבאי פון ביקור־חולים און אַ פריינט פון יעדן ייד), איז ער אַרויס פון דער וואַרעמער בעט און איז באַלד געקומען, נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן פראָסט אין דרויסן. דאָס באַווייזט, ווי אַזוי איינער איז געווען פאַרבונדן מיטן צווייטן.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער פאַקט: ווען דער אויטאָ איז געקומען פון וואַרשע איז בערל קלאָפּמאַן, זייענדיק מיד פון דער רייזע, נישט אַוועק צו זיך אין שטוב אָפּרוען, נאָר איז קודם אַוועק צו מיין טאַטנס בעט זען וואָס ער מאַכט און האָט מיטגעבראַכט מאַראַנצן פון וואַרשע.

אָט אַזוינע זיינען געווען אונדזערע סטשעגאָווער יידן.

דאָנערשטיק, באַלד אין דער פרי, זעט מען שוין ווי ר' הענעך מייראַנץ (דער פישער) לויפט נאָך מאַנצעווע צו ברענגען פיש פאַר די יידן אויף שבת. אונדזערע מאַמעס נעמען זיך גרייטן איינצוקויפן אויף שבת. פון די שפּייז־געוועלבער זעט מען טראָגן טאָרבעס מעל אויף חלות, קיכלעך, פלעצלעך און פון צייט צו צייט לויפט מען קוקן, צי מ'זעט שוין דעם רויך פון די בעקערייען־קוימענס.

אַרויסקוקנדיק אין גאַס זעט מען ווי ר' הענעך מייראַנץ לויפט אַ פאַרסאָפּעטער מיט אַ גרויסן לעבעדיקן פיש אין הויף אַריין צו ר' יצחק מאיר פּיאָטרקאָווסקי, ז"ל, און איין פרוי זאָגט צו דער צווייטער: „ס'איז שוין דאָ פיש אויף שבת". דער עולם לאָזט זיך אַוועק נאָך פיש, און ביסלעכווייז ווערט אַ פיש־מאַרק. און צווישן די פרויען, וואָס קומען קויפן פיש, באַווייזט זיך אסתר אויזעראָוויץ, וועלכע אָנאָנסירט: „פרויען, האָב איך היינט פלייש — איז נאָך אַזעלכעס נישט געווען!" און פון די פיש גייט מען איינקויפן פלייש, און אַז ס'איז דאָ פיש מיט פלייש אין שטוב, גייט שוין די אַרבעט, צוצוגרייטן לכבוד שבת, אַוועק אין פולן גאַנג.

און אַז ס'איז שוין דאָ קמח — מוז מען זאָרגן פאַר תורה.

פינף אַזייגער פאַרנאַכט איז געוואָרן געעפנט די שטאָטישע אומפּאַרטייאישע ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט מער ווי 2 טויזנט בענדער און זייער אַ שיינעם לאָקאַל. אויף די ווענט האָט מען געזען די בילדער פון אונדזערע יידישע שרייבער. די ביבליאָטעק האָט פונקציאָנירט דריי מאָל אַ וואָך. ווען זי איז געווען אָפן זיינען געקומען די לייענער איבערבייטן זייערע ביכער. כמעט

די גאַנצע יוגנט האָט געלייענט ביכער, ווייל אַלע זיינען דאָרט געווען מיטגלידער.

פאַרשיידענע אָוונטן זיינען געוואָרן איינגעאָרדנט לטובת דער ביבליאָטעק, צו פאַרגרעסערן זי. עס איז זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען די יוגנט, וואָס אין גאַס פלעגט זי אָפט פירן הייסע וויכוחים צווישן זיך אַזוי ברויזנדיק און שטורמיש, אָבער אין ביבליאָטעק איז געווען, ווי שלמה המלך האָט געזאָגט: „דברי חכמים בנחת נשמעים”. דאָרט האָט זיך געפילט אַ גאַנץ אַנדערע אַטמאָספערע — אַ ליטעראַרישע, מיט אַ מין דרך־ארץ. שטיל, רואיק האָט זיך יעדער איינער גענומען דעם קאַטאַלאָג און געזוכט פאַר זיך אַ בוך לויט זיין געשמאַק, לויט זיין גייסט. ס׳האָט זיך אָפט פאַרבונדן אַ ליטעראַרישער שמועס וועגן פאַרשיידענע שרייבער און ביכער. מ׳האָט געהאַט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן פאַרשיידענע ווערק, וואָס זיינען נאָר־וואָס דערשינען. און אַזוי איז מען געזעסן און געשמועסט ביז די גאַנצע ביבליאָטעק איז געוואָרן אָנגעפילט מיט די לייענער.

שפּעטלעך האָט מען געקאָנט זען אַריינקומען ריווטשע זילבעשטראַם (די טאָכטער פון ר׳ הענעך זילבעשטראַם, אַ ייד, אַ משכיל שוין צו יענער צייט). ריווטשע האָט נישט גענומען קיין אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן, נאָר בלויז ליטעראַטור האָט זי אינטערעסירט. שטיל, באַשיידן גערעדט, זיך גערעכנט מיט יעדן וואָרט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ באַלעבאַטישער טאָכטער. און אַזוי דאָרט זיצנדיק, האָט מען שוין געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי און מיט וואָס אויסצופילן דעם קומענדיקן שבת.

אָט אַזוי, מער־וויניקער, האָט זיך אונדזער טייער שטעטעלע סטשעגאָווע געלעבט, מיט אירע מעלות און חסרונות.

דר. אלמוני, אַ שליח פון „קרן קימת לישראל”, האָט אַמאָל, נאָך אַ פאַרלעזונג אין שטעטל, זיך אויסגעדריקט:

„איך פאָר אַרום אין אַ סך שטעטלעך און טרעף זיך מיט אַ סך מענטשן, נאָר אויף יעדן פּלאַץ טרעף איך שטעט און מענטשן, אָבער דאָ, אין סטשעגאָווע, זיינען דאָ מענטשן און אַ שטאָט. אַזאַ באַהאַוונטע יוגנט איז שווער צו געפינען.”

און באמת, ס׳איז ניט געווען קיין זאַך אָדער געשעעניש אין דער יידישער און אַלגעמיינער וועלט, וואָס מיר, סטשעגאָווער יידן, זאָלן נישט נעמען קיין אָנטייל אין זיי. מיר האָבן זיך גע־פרייט מיט דער פרייד פון יעדן איינעם, אָבער אויך אָנטייל גענומען אין די ליידן. ווען מ׳האָט באַדאַרפט פּראָטעסטירן קעגן דער ענגלישער מאַכט, וואָס איז זיך שלעכט באַגאַנגען לגבי די יידן אין ארץ־ישראל, האָבן אויך מיר זיך באַטייליקט אין די פּראָטעסט־אַקציעס. און ווען מ׳האָט באַדאַרפט שיקן געלט קיין ארץ־ישראל, האָבן מיר געשיקט. די סטשעגאָווער „קרן־קימת לישראל”־קאָמיסיע האָט יעדעס יאָר געזאַמלט באַדייטנדיקע סומעס געלט, וואָס איז לויט דער פּראָפּאָרציע פון אַזאַ שטעטעלע געווען זייער שיין.

ווען ס׳האָבן אויסגעבראָכן די געשעענישן אין ארץ־ישראל, איז די גאַנצע יוגנט גרייט געווען צו גיין מיטקעמפן פאַר אונדזער היים.

ליידער, האָט נאָר אַ זייער קליינער טייל פון דעם סטשעגאָווער יידנטום זוכה געווען צו זען דעם געבורט פון אונדזער מדינת ישראל, ווייל דאָס גאַנצע שטעטעלע יידן, אַלט און יונג, איז געוואָרן טראַנספּאָרטירט נאָך דעם נאַצישן גיהנום אין אָשוויענטשים, וואו זיי האָבן אויסגעהויכט זייער שיין לעבן, צוזאַמען מיט 6 מיליאָן יידישע קדושים, וואָס צווישן זיי זיינען אויך געווען אונדזער ליבע מוטער, ברידער און שוועסטער, און די גאַנצע משפחה. פאַר אונדז איז נאָר גע־בליבן זיך צו דערמאָנען אין דעם געוועזענעם שטעטעלע סטשעגאָווע.

חבל על דאבדין!

אַ גרופּע פון סטשעגאָווער „בונד"



גרופּע השומר הלאומי פון סטשעגאָווע



רעכל נאָוואָגראָדסקי־סטיינמאַן (ניו־יאָרק)

# מיין שטעטל סטשעגאָווע, ווי איך געדענק עס

**א**יך געדענק סטשעגאָווע, דאָס שיינע שטעטעלע, וואו מיינע עלטערן האָבן חתונה געהאַט, וואו אַלע מיינע ברידער און שוועסטער זיינען געבוירן געוואָרן; וואו מיר פלעגן קלעטערן אויף די גרינע בערג און זיך געבאָדן אין די שיינע טייכלעך; וואו מיר פלעגן זיך שפילן אין די פרעכטיקע „קעמפּיסקאָס״; וואו מיר האָבן געלעבט אין פריינטשאַפט מיט אַלע שכנים. אָט־די אַלע וואונדערלעכע פאַרווײַלונגען דערמאָנען ווי מיר האָבן פאַרבראַכט אונדזער יוגנט.

איז געקומען דער זומער, געדענק איך, ווי איך בין געשוואומען אין טייך, מיט אַ פאַרטוך אָנשטאָט אַ באָד־קאָסטיום. עס געדענקט זיך, ווי אַרום 4 אַזייגער פאַרטאָג פלעגט יוסף ביזבערג קומען צו אונדז אין הויז, וואו מיין טאַטע פלעגט מיט אים לערנען אַ בלאַט גמרא. מיין פאָטער האָט געאַכטעט און ליב געהאַט יוספן און האָט זייער געגאַרט צו באַפרידיקן זיין אייגענעם דאָרשט צו לערנען נאָך און נאָך דעם תלמוד (גמרא). אָבער ווײ, ווײ — דער אייגנאַרטיקער גמרא־ניגון ביים לערנען תלמוד, האָט אונדז די קינדער, נישט געלאָזט שלאָפן.

נו, און אַז ס׳איז געקומען דער ווינטער! עס דערמאָנען זיך די פאַרטאָגן ביי די ביזבערגס אין דער היים, ווען מיר פלעגן זיך אויפכאַפּן ציטערנדיק פון קעלט און שרה־וויטע פלעגט אויפשטעלן, מיט אַ באַזונדערער צערטלעכקייט, העל־בלויע פאַרצעלייענע פיליזשאַנקעס מיט הייסער באַווארקע. לעבן יעדער, מיט באַווארקע־אָנגעפילטער פיליזשאַנקע, איז געלעגן אַ שטיקל צוקער. ווי מחיהדיק און געשמאַק דאָס איז געווען! דאָס האָט געגעבן דעם ריכטיקן טאָן פאַר דעם טאָג, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

היינט די שול אין וועלכער מיר האָבן געלערנט — אורישעס שול — וואָס איז באַשטאַנען פון איין קלאַס־צימער, וואו מיר האָבן זיך געלערנט שרייבן (יידיש און פויליש) און אַריפמעטיקע. אין אַריפמעטיקע האָב איך זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגלייכן מיט פייגלען. אוריש איז געווען אַ זעלטענער טיפּ — ווירדיק, בכבודיק און געהאַט אַ מענטשלעך־וואַרעמע באַציאונג — אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. ווען מיר האָבן אים באַגעגנט אין גאַס, פלעגן מיר זיך פאַרנויגן פאַר אים און געמיטלעך זיך מיט אים דורכשמועסן. אַנדערש איז געווען אין חדר, וואו דער מלמד, אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, האָט געהאַט אַ טבע, צו קנייפּן די מיידלעך אין דעם הינטערשטן חלק און שלאָגן די יינגלעך מיט אַ קאַנטשעק. און אַ צווייטער מלמד, פון וועלכן עס האָט זיך שטענדיק געטראָגן אַ גערוך פון ציבעלעס — ער פלעגט קיינמאָל ניט שלאָגן.

איך געדענק די מאָנטיקס. מאָנטיק איז געווען מאַרק־טאָג, און דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרהאַוועט; פויערים פון די אַרומיקע דערפלעך, הענדלער פון די דערבייאיקע שטעטלעך פלעגן קומען אין מאַרק מיט אַלערליי זאַכן — תבואה, גרינסן, עופות, זאַכן וואָס מ׳האָט אַליין אויסגעאַרבעט און דער טאָג איז געווען פול מיט האַנדל־וואַנדל. מיין מאַמע האָט איינגעהאַנדלט פּוטער און אייער, איך פלעג פאַרקויפן קוואַס, וואָס איך פלעג האַלטן אין אַ קאַן אָנגעפילט מיט אייז און פאַרקויפן אַ גלעזל קוואַס פאַר אַ גראָשן. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען צו קויפן אַ פלאַש מיט קוואַס.

אויסטערליש איז געווען צוצוקוקן ווי יידישע פרויען פלעגן קומען אויפן מאַרק איינצוהאַנדלען הינער, ווי זיי פלעגן די הינער באַטאַפּן, צי זיי טראָגן ניט אין זיך קיין אייער און, פאַר איינוועגס, צי זיינען זיי פעטע הינער, מיט אַן אויסרעכענונג אָנצוגרייטן שמאַלץ אויף פּסח. און ווי מיין מאַמע פלעגט ריזיקירן און האַנדלען מיט סאַכאַרין, און ווי דער פּאָליציאַנט גאַלושקין, דער איינציקער פּאָליציאַנט מיט אַ מענטשלעכער באַציאונג, פלעגט זען ריינוואַשן מיין מאַמען, ווען ער פלעגט אַמאָל קריגן אַ באַפעל זי צו אַרעסטירן.

היינט די שבתים! אָנגעהויבן האָט זיך דער שבת פרייטיק נאָכמיטאָג, ווען יעדע באַלעבאָסטע פלעגט אָנהויבן איינהאַקן ציבעלעס און די אַנדערע זאַכן פאַר די געפילטע פיש אויף

שבת. איבערן גאַנצן שטעטל האָט זיך געטראָגן דער ריח פון האַקמעסערס אויף ברעטלעך. און ווי מחיהדיק־רייצנדיק עס האָט פון יעדער יידישער הויז זיך געטראָגן דער ריח פון פרישער חלה און אַנדערע געבעקסן און דער אָנגענעמער דאַמף פון הינערשער יויך. היינט דאָס צוגרייטן דעם טשאָלנט פרייטיק פאַרנאַכט, וואָס פלעגט די גאַנצע נאַכט זיך פרעגלען און בראָטן אין די פאַרחתמעטע אויוונס. און ווער קאָן פאַרגעסן ווי מיר פלעגן לויפן אין די בעקערייען מיט געפלאָכטענע חלות און מיט די שבתדיקע מאכלים פאַר טשאָלנט! אָבער וואונדער איבער וואונדער — די ביזבערגס האָבן געהאַט אַן אייגענעם קאַכל־אויוון, אין וועלכן זיי האָבן אַלעס געבאַקן ביי זיך אין הויז. אָבער מיר האָבן געדאַרפט לויפן מיט אונדזער טשאָלנט צום בעקער, אהרן דוד זיסקינד.

יאָ, שבת איז געווען דער שענסטער טאָג פון דער וואָך. יעדער איינער האָט זיך אויסגעפוצט אין די פיינסטע מלבושים און אַזוי אויסגעפוצטע, שבתדיקע, האָבן גאַנצע פאַמיליעס, מיט די עלטערן אין דער שפּיץ, זיך אַוועקגעלאָזט ווי אין אַ מאַרש, מיט אַ געפיל פון חשיבות און ווירדיקייט, צו דעם קליינעם, אָבער איינדרוקספולן בית־המדרשל, צו דאַווענען די שבתדיקע תפילות. שבת נאָכמיטאָג פלעגן מיר, די יונגע מיידלעך, זיך פאַרזאַמלען ביי איינער פון אונדזערע חברטעס אין אַ הויז צו פאַרברענגען אינאיינעם, און יעדע איינע פון אונדז האָט מיטגעבראַכט אַלערליי שבת־אויבסן, געבעקסן און נאַשערייען. און שבת־צו־נאַכטסן, נאָך דעם ווי אונדזער מאַמע איז געשטאָרבן און אונדזער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, און מיר זיינען געבליבן היימלאָז, פלעגן מיר ליב האָבן זיין ביי שרה־וויטען (ביזבערג) אין הויז און מיר פלעגן מיט אויסערגעוויינלעכן נייגיר און ברייט־צעעפנטע אויגן, זיך צוקוקן ווי דער שוחט האָט יעדע וואָך געקוילעט אַ בהמה און אַרויסגענומען דעם אינגעווייד — איבערהויפּט דעם מילץ — און ווי שרה־וויטע פלעגט פאַרטיק מאַכן אַ היבש ביסל דרויב און עס צושטעלן קאָכן. מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז אויף מאָרגן וועלן מיר אַלע זיך באַטייליקן אין דעם דאָזיקן זאָנדערבאַרן מאכל. דאָס איז געווען אונדזער בעסטער מאָלצייט פאַר דער וואָך.

עס געדענקט זיך דער ערב פסח — דער ערב פסח — ווי פאַרהאַוועט און יום־טובדיק געשטימט יעדער איינער איז געווען. פייגל און רעכל און די אַנדערע מיידלעך פון שטעטל — ווי זיי פלעגן עס לויפן הין און צוריק צום טייך צו שקראָבען די מולטערס, די וואַלגער־העלצער, די לאָקשן־ברעטער — אַראָפּקראַצן פון זיי יעדער ברעקעלע אָדער סימן פון חמץ. יעדע הויז איז געווען פאַרטאָן מיט די זעלבע טועכצן, האָט געהאַט אַן אייגן בערגל מיט אַלערליי כלים און הויז־מכשירים אָנגעוואָרפן פאַר דער טיר ביים אַריינגאַנג. די קליינע עמערס מיט וואַסער, וואָס מען פלעגט געוויינלעך ברענגען פון דעם ברונים צו באַנוצן אין הויז איז געווען מוראדיק קנאַפּ פאַר אָט־דער יערלעכער אויפגאַבע פון שקראָבען, רייניקן און כשרן. איך האָב אין אַזאַ מאָמענט באַדויערט, וואָס מיר זיינען ניט בכוח אַרויסשלעפּן די שלאָף־באַנק זי אַרומשקראָבען.

די שלאָף־באַנק האָט זיך נעבעך זייער גענויטיקט אין אַזאַ רייניקונג. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיקע באַנק. ענלעך צום טיש מיט די „פליגלען", וואָס מען האָט צו יעדער צייט געקאָנט אויסברייטערן דורך אַרויסשלעפּן אַ ספּעציעלע ברעט און אָן אַ צאָל מענטשן האָבן אויף איר געקאָנט שלאָפן. יעדע פאָר חדשים האָט מען נאָר געדאַרפט איבערבייטן די שטרוי (וואָס האָט געדינט אַלס אַ מאַטראַץ) מיט אַ סנאָפּ פרישער שטרוי, האָט אַ גאַנצע פאַמיליע אויף איר געקאָנט שלאָפן — און איז טאַקע אָפט געשלאָפן. און דער צימער, וואו די שלאָף־באַנק און טיש זיינען געשטאַנען איז געווען גלייכצייטיק אַ שלאָף־צימער און אַן אויפנאַמס־צימער פאַר געסט. דורכן טאָג פלעגט מען די שלאָף־באַנק באַדעקן מיט אַ גרויסער דעק פון צונויפגעשלאָגענע ברעטער, און די באַנק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קיך־טיש.

מיט איין וואָרט: ס'איז געווען אַן אויסטערלישע באַנק מיט אַ סך גילגולים און מיט נאָך מער מעלות.

עטלעכע געשעענישן האָבן זיך באַזונדער איינגעקריצט אין מיין קינדערשן מוח און זיינען

איצט אויפגעלעבט געוואָרן אין מיין זכרון. אָט איז אויפגעשוואומען דאָס בילד פון יוסף ביזבערגס חתונה. די גאַנצע באַפעלקערונג פון אונדזער שטעטל און פון דערבייאיקן דאָרף ניעסביזש האָט מען איינגעלאַדן און זי איז געקומען. און אָט איז די חתונה־פּראָצעסיע, וואָס האָט מיט פּראַכט און גלאַנץ זיך געצויגן אין שיינע קאַרעטן אין פערד־געשפּאַן, וואָס אהרן ביזבערג האָט באַזאָרגט. מיר אַלע — די יונגע מיידלעך — האָבן געטראָגן בוקעטן בלומען פאַר דער כלה, און נאָך דער חתונה האָבן אַלע געסט, אָנגעזאַפּטע מיט שמחה און אויסגע־מאַטערטע, זיך אויסגעלייגט שלאָפן אין דער סטאַדעלע פון דער כלהס עלטערן (מיר האָבן קיינמאָל ניט אויסגעפונען וואו די חתן־כלה זיינען געשלאָפן).

און אָט געדענקט זיך, ווי איין מאָל אין אַ שמיטה, איז אַ קאַרניוואַל אַראָפּגעקומען קיין סטשעגאָווע, מיט אַ קאַרוסעל, אַ כשוף־מאַכער, אַקראָבאַטן און אַלערליי קונצנמאַכער. עס האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ וועלט פון וואונדער איבער וואונדער.

אָבער די גרעסטע געשעעניש פון יאָר איז געווען ווען די גענדז־הענדלער פלעגן אַראָפּקו־מען מיט זייערע טשאַטעס שניי־ווייסע, גרויסע, פעטע גענדז, וואָס זיי האָבן געטריבן דורך סטשעגאָווע. בעת דאָס שטעטל פלעגט אַרויסקומען ווי אויף אַ בייז־וואונדער באַקוקן די גענדז, פלעגן די גענדז־הענדלער אָפּהאַלטן זייער יערלעכע באַגעגעניש ביי שרה־וויטען און זיך דער־קוויקן מיט אירע וואונדערבאַרע מאכלים, איבערהויפּט אירע פיש און קליסקעלעך. און ווען די סוחרים האָבן זיך אָנגעגעסן צו זאַט און זיינען אַוועק ווייטער אויף זייער וועג און זיינען מיט די טשאַטעס קוואַקנדיקע גענדז, ווי ווייסע וואָלקנס, פאַרשוואונדן אין ווייטן האָריזאָנט, איז ערשט געווען אַ שמחה פאַר אונדז, ווייל שרה־וויטע פלעגט צוגרייטן גענוג עסן פאַר די הענד־לער, פאַר דער נאַוואָגראַדסקי־כאַליאַסטרע און פאַר אַ סך קינדער פון גאַנץ סטשעגאָווע. וואָס פאַר אַ יום־טוב ס׳איז ביי אונדז געווען עסנדיק אָט־די געשמאַקע פיש און קליסקעלעך! איך פיל נאָך איצט דעם טעם . . .

עס זיינען אויך פאַראַן טרויעריקע דעראינערונגען. איך דערמאָן זיך ווען מען האָט ביי מיין טאַטן אַוועקגעגנבעט זיין גאַנצע שניט־סחורה און ער איז געווען געצוואונגען פאַרלאָזן סטשעגאָווע און די פאַמיליע און זיך אַוועקלאָזן קיין אַמעריקע. וואָס פאַר אַ טרויער ס׳איז אונדז באַפאַלן ווען מיט אַ קנאַפּ יאָר שפּעטער איז אונדזער מאַמע געשטאָרבן און מיר זיינען געבליבן זיבן יתומים, אין עלטער פון זעקס חדשים ביז עלף יאָר. וואָס ס׳האָט זיך אַמשאַרפסטן איינגעקריצט אין מיין מוח איז אַ מאָמענט, אין דער נאַכט איידער אונדזער מאַמע איז געשטאָרבן — ווען יוסף ביזבערג האָט זיך אַוועקגעלאָזט רייטנדיק אויף אַ פערד אַ גאַנצע נאַכט צו אַ שטאָט ווייט פון אונדז צו ברענגען אַ ספּעציאַליסט ראַטעווען די מאַמע . . .

און עס געדענקט זיך ווען מיר האָבן מיט צוויי יאָר שפּעטער פאַרלאָזט סטשעגאָווע . . . ווי רירנדיק ס׳איז געווען דאָס געזעגענען זיך: אהרן ביזבערג האָט געוויינט און זיך באַגאָסן מיט טרערן, ווען ער האָט אונדז אַרויסגעזעצט אויפן וואָגן. איך געדענק זייער קלאָר, ווי ער, דער הויכער און ברייטפּלייציקער, איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון זיין יאַטקע און האָט געכליפּעט ווי אַ קליין קינד, ווי ער וואָלט אונדז פאַרלוירן. ער האָט אונדז אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. ער האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט אונדז אַרויסצווייזן זיין ליבשאַפט, מיט צערטלעכקייט און אויפריכטיקייט.

עס קלינגט אפשר ווי אַ לעגענדע וועגן די ביזבערגס, ווייל דער נאָמען ביזבערג ווערט דאָ אַזוי אָפּט דערמאָנט. דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר אַלע האָבן געפילט, אַז די היים פון די ביזבערגס איז אונדזער צווייטע היים, ווייל דאָ האָט מען אונדז געגעבן ליבשאַפט, שוץ און שפּייז.

אויך איצט זעען מיר ווי די ביזבערגס — ספּעציעל פייגל און יוסף (דזשאָ), דאָ אין אַמעריקע — האַלטן אָן די ביזבערג־טראַדיציע פון העלפן און שטייען ביי דער פירערשאַפט פון דעם פאַראייניקטן סטשעגאָווער רעליף־קאָמיטעט צו שאַפן הילף פאַר די לעבן־געבליבענע סטשע־גאָווער וואו נאָר זיי געפינען זיך.

## פייגל ביזבערג־יוקלסאָן

# אומפאַרגעסלעכע דריי כשרע יידענעס

**צ**ווישן די פאַרשיידענע טיפּן, וואָס קומען אַרויף אויפן געדאַנק ווען מען גיט אַ טראַכט פון אונדזער היים־שטעטל סטשעגאָווע, וואָס איז אונטערגעגאַנגען אַלס אַ יידישער ישוב, הויבן זיך אַרויס דריי פרויען־געשטאַלטן, וואָס האָבן אין זיך פאַרקערפּערט אייגנאַרטיקייט אַלס טיפּישע יידישע פרויען אין זייער צייט. דאָס אייגנאַרטיקע איז געווען סימבאָליש פאַר דער אידייען־וועלט פון דעם עלטערן יידישן דור אין פּוילן אין דער עפּאָכע פון פאַר היטלערן, ימח שמו.

אין וועל פּרוּאוון אין קורצע שטריכן אַרויסברענגען דאָס פּערזענלעך־אייגנאַרטיקעס, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט יעדע איינע פון די דריי אומפאַרגעסלעכע כשרע יידנעס: מאַמע רחל (רחל נתן־אייזיקס פלאָט), יענטע די רביצן (יענטע, מענדל דעם מלמדס — באָרענשטיין) און שרה־וויטע אהרנס, ביזבערג.

דאָס זיינען געווען דריי פרויען פון עלטערן סטשעגאָווער דור. זיי זיינען באמת געווען דריי דעמבעס, מיט עקשנות אין פּרט פון רעליגיע און גוטע מידות — יעדע פון זיי אויף איר אייגענעם שטייגער.

### מ אַ מ ע   ר ח ל

די מאַמע רחל איז געווען כמעט זעקס פוס הויך, האָט געהאַט אַ זייער ווייסע הויט, אַ קיילעכדיק פּנים, מיט ברוין־קלוגע אויגן. איר שייטל איז געווען פאַרקאַמט אַרויפצו. מיט איין וואָרט — זי איז געווען אַ שיינע פרוי, וואָס האָט מיט זיך געטראָגן חשיבות און אַרויסגערופן דרך־ארץ.

אַכט קינדער האָט די מאַמע רחל געהאַט, פון וועלכע איינס — אַ זיבעצן־יעריקער בחור — איז געשטאָרבן. אַלע אין שטעטל האָבן זי גערופן „מאַמע רחל“ און זי האָט דעם נאָמען כשר פאַרדינט. קודם האָט זי פרום אָפּגעהיט אַלע יידישע דינים. פאַר אַ שטיק צייט איז זי געווען די באַלעבאָסטע פון דער ווייבערשער מקוה. זי האָט מיט באַזונדערער זאָרגפעליקייט, ווי אַן אמתע מאַמע, אַרומגעוואַשן די פרויען און האָט אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע באַציאונג צו יונגע ווייבלעך און זיי אָנגעזאָגט ווי אַזוי זיי זאָלן זיך אויפפירן . . .

שפּעטער האָט זי געהאַט די סטשעגאָווער אכסניה, אויף מלאווער וועג, וואוהין אַלע בעלי־עגלות פון די שטעט און שטעטלעך אַרום, זיינען פאַרפאָרן. פאַר אַלעמען האָט זי געקאָכט און אירע געקעכצן האָבן געשמט. און פונקט ווי זי איז געווען אַ גרויסע בריה אויף קאָכן, איז זי אויך געווען אַ זויבערע הויז־ווירטין. איר היים איז געווען אויסערגעוויינלעך ציכטיק.

כאָטש אין שטעטל איז געווען אַ פעלדשער, האָט די מאַמע רחל אָפט פאַרנומען זיין פלאַץ. ווען נאָר אַ קינד, אָדער אפילו אַן עלטערער מענטש איז קראַנק געוואָרן, האָט מען גערופן צום חולה די מאַמע רחל.

עס דערמאָנט זיך מיר, ווען איך אַליין האָב אַלס קינד געהאַט אַ קראַנקן האַלדז, האָט זי מיך אַריינגענומען צווישן אירע קני און אויסלאַפּיסירט מיין האַלדז אָן רחמנות. כאָטש איך בין זיך פאַרגאַנגען פון ווייטאָג, האָב איך קיין פּיפּס ניט אַרויסגעלאָזט. און ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי געגעבן אַ קוש אין קאָפּ און מיט אַ ליבן שמייכל אַרויסגעזאָגט: „איצט וועסטו זיין געזונט.“

די מאַמע רחל האָט ביי די אָרעמע פרויען אָפּגענומען די קינדער, ווי אַ געניטע אָקושערקע. און איז אַ יידישע פרוי געשטאָרבן, איז זי געווען די, וואָס פלעגט דעם קערפּער אַרומוואַשן, צו־געגרייט צו דער לעצטער אויסריכטונג און צוגעשניטן און אויסגענייט די תכריכים. צוליב אָט־די אַלע מעשים אירע האָט די מאַמע רחל זיך אַרויסגעהויבן אַלס אַ באַליבטע פערזאָן אין דעם סטשעגאָווער ישוב.

מיר וועלן די מאַמע רחל קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

## יענטע די רביצן

מיט דעם נאָמען „יענטע די רביצן" האָט מען זי געקרוינט, ווייל זי איז געווען זייער גאָטס־פאַרכטיק — פרום, ביז פאַנאַטיזם. זי איז געווען אַ ברייטע און דערפאַר האָט מען צייטנווייז זי אויך אָנגערופן „די ברייטע יענטע". אָבער אויך זי האָט זיך געהאַלטן זייער ריין. שטענדיק האָט זי געטראָגן אַ פאַרטוך, נישט נאָר צו פאַרדעקן דעם בויך, נאָר האָט פאַרדעקט דעם גאַנצן האַלבן קערפּער ביז אַראָפּ.

אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ קופּקע, וואָס האָט באַצירט איר פּנים, מחמת איר קופּקע איז געווען שענער און געשמאַקפּולער ווי אַלע אַנדערע.

יענטע די רביצן איז געווען אַ מלומדת און האָט פאַרשטאַנען אין די דריבנע אותיות . . . און ווען איר מאַן מענדל, דער גמרא־מלמד, האָט צוליב קראַנקהייט אַמאָל ניט געקאָנט לערנען מיט זיינע תלמידים, האָט זי געקאָנט פאַרנעמען זיין אָרט. זי איז אויך געווען די הויפּט־פיר־זאָגערין אין דער ווייבערשער שול, פאַר די ווייבער, וועלכע האָבן ניט געקענט קיין עברי. די אַלע ווייבער האָבן אויף איר געקוקט ווי אַ אויף אַ הייליקער, וואָס דורך איר האָבן זיי געקאָנט זיך אויסטענהן מיטן רבונו של עולם. וואָס יענטע האָט געזאָגט אויפן קול, האָבן זיי איר נאָכגעזאָגט. אָפּטמאָל פלעגן זיך שאַפן קאָמישע עפּיזאָדן. ווען נאָר זי האָט עפּעס צווישן די תּפילות אַרויסגעזאָגט אין דער הויך, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט קיין שייכות צום דאַווענען, פלעגן די ווייבער איר נאָכזאָגן.

יענטע די רביצן, אַזוי גוט ווי די מאַמע רחל, איז געווען אַ שליסל פון די סטשעגאָוועוער ווייבער. און אויך יענטע די רביצן בלייבט אומפאַרגעסלעך.

## שרה־וויטע אהרנ׳ס — מיין מאַמע

מיין מאַמע שרה־וויטע איז אַ געבוירענע פון מלאווע. פון עלף קינדער איז זי געבליבן די איינציקע ביי איר מאַמע ניכע. איר טאַטע, משה, איז יונג געשטאָרבן. דעם נאָמען וויטע האָט מען איר צו־געגעבן, צו איר אָריגינעלן נאָמען שרה, ווייל וויטע מיינט לעבן — אַ סגולה צו אריכת־ימים.


מיין מאַמע שרה־וויטע און איך

צוליב אָרעמקייט האָט די מאַמע, שרה־וויטע, זיך דערצויגן ביי אירן אַ קרוב, מאָטל דאָמב, וועלכער איז געווען אַ תלמיד־חכם. און וואַקסנדיק אין אַזאַ פרומער הויז ביז צו איר חתונה, האָט זי אין זיך איינגעזאַפּט די הייליקסטע מידות פון רעליגיע, וואָס האָבן זי באַ־גלייט איר גאַנץ לעבן.

מיין מאַמע שרה־וויטע איז געווען פיזיש אַ שוואַכע, אָבער גייסטיק איז זי געווען שטאַרק.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מאָטל דאָמב איז איינגעשטאַנען עטלעכע חדשים ביי אונדז אין הויז, האָט ער די מאַמע גערופן צדקת. אויך מייטל לאַנדיס פון מלאַווע פלעגט זי אַזוי רופן.

טיף רעליגיעז איז מיין מאַמע געווען און פלעגט דריי מאָל אַ טאָג דאַווענען און נאָך „זאָגן" אַ פּאָר קאַ־פּיטלעך תהילים און אויך אַריינקוקן אין „קו־הישר" און אַנדערע ספרים. זי האָט געהאַט אַן אָנזאַמלונג פון זעלטענע ספרים, וואָס זי האָט שטאַרק אָפּגעהיט. אַ סך

פון זיי האָט זי פּאַקטיש געקענט אויסנוויייניק. אין וויכוחים איבער רעליגיע איז זי קיינמאָל ניט געבליבן הינטערשטעליק.

אירע רעליגיעזע מידות האָבן זיך אויסגעדריקט אין שיינע מענטשלעכע טאַטן. אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגט זי פּריוויטיק פאַרנאַכט יעדן פון אירע קינדער געבן עפּעס אָוועקטראָגן אין אָרעמע היימען, וואו עס האָט אויסגעפעלט אויף שבת. איינעם האָט זי מיטגעגעבן פיש, אַ צווייטן פון די קינדער האָט זי געגעבן אָוועקצוטראָגן אַ שטיקל עוף און מיט אַן אַנדער קינד האָט זי געשיקט חלה. דאָס האָט זי געטאָן מיט אַ טאָפּלטער כוונה: באַזאָרגן אָרעמע יידישע היימען מיט דעם נויטיקסטן אויף שבת און מזכה זיין אירע קינדער מיט דער מצווה פון אַריינברענגען די זאַכן אויף שבת. מיין טייערער טאַטע האָט אויך געהאַט אַ גרויסן חלק אין אָט־די שיינע מענטשלעכע מעשים פון מיין מאַמע.

עס איז געווען איינגעפירט, אַז שבת האָט שטענדיק געמוזט זיין אַן אורח ביי אונדזער טיש. זי האָט קיינמאָל ניט געקאָכט בלויז פאַר אונדזער פאַמיליע, אפילו אין די וואָכעדיקע טעג. זי האָט שטענדיק געקאָכט, אַז עס זאָל זיין פאַר נאָך עטלעכע מענטשן. זי איז געווען אַ גרויסע מכניס־אורחטע. די טיר פון אונדזער הויז איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן איינעם.

עס געדענקט זיך, ווען מיין מאַמע איז איינמאָל געוואָרן מסוכן קראַנק, האָט דאָס גאַנצע שטעטל ממש וועלטן איינגעלייגט צו ראַטעווען איר לעבן.

פון אירע פינף קינדער — דריי זין און צוויי טעכטער — איז דער עלטסטער זון, יוסף, געווען איר ליבלינג. ווען ער איז נאָך זיין חתונה אָוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, איז עס פאַר איר געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל יוסף איז אין טשעטשאָווע געגאַנגען אין דער מאַמעס דרכים. אפילו אַנדערע מאַמעס האָבן זיך געבענטשט מיט אים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיין טאַטע איז געשטאָרבן און די מאַמע איז געבליבן אַליין מפרנס צו זיין די קינדער, האָט יוסף פאָרגעשלאָגן דער מאַמע אַריבערקומען קיין אַמעריקע. כאָטש זי האָט ניט געהאַט קיין חשק צו פאָרן קיין אַמעריקע, מחמת מען קאָן דאָרט ניט אָנהאַלטן קיין כשרות, האָט זי דאָך איינגעוויליקט, ווייל דער פאָרשלאָג איז געקומען פון איר באַליבטן זון יוסף.

קומענדיק קיין אַמעריקע איז זי שטאַרק אַנטוישט געוואָרן, זעענדיק ווי רעליגיע איז דאָ קאָמערציאַליזירט. זי האָט פאַרלאָרן דעם גאַנצן צוטרוי אפילו צו די רעליגיעזע גייסטיקע פירער, און זי איז זיך געגאַנגען איר אייגענעם וועג אין דעם נוסח פון טשעטשאָווע. די קינדער האָבן געזען, אַז זי זאָל ניט געשטערט ווערן אין דעם פרט און זאָל זיך אויסלעבן אויף איר אייגענעם אופן. זי האָט אויף אַזוי פיל מדקדק געווען, אַז זי האָט דאָ ניט געגעסן קיין רינדפלייש, ניט קיין פּוטער און בלויז עוף, אָבער נאָר ווען זי האָט געזען ווי דער שוחט קוילעט עס און זי האָט בשעת מעשה געמאַכט די ברכה.

איבער איר עקסטרעמער פרומקייט האָט זי ניט געקאָנט וואוינען מיט די קינדער, און אויך ניט מיט קיין אַנדערע.

אין 1946 איז מיין מאַמע געשטאָרבן אין טיפן עלטער, און סימבאָליש איז, אַז זי איז געשטאָרבן אין „מוטערס טאָג", וואָס איז אין אַמעריקע אַ טאָג, ווען ס'ווערט אָפּגעגעבן כבוד די מאַמעס.

זאָלן די ווערטער זיין דער אויסדרוק פון אירע קינדער אין איר ליכטיקן אָנדענק.

שׂיינע־מלכה באָגען־ליכטיג (תל־אביב)

# „טאַטע נתן־אייזיק" און „מאַמע־רחל"

ווער געדענקט ניט די מיטל־הויכע און אַביסל איינגעבויגענע פרוי אין סטשעגאָווע, וואָס די פאַמיליע באָגען האָט איר געגעבן אַ צונאָמען: „מאַמע רחל"?

זי איז געווען די פרוי פון נתן־אייזיק פלאָט, האָט מען זי גערופן מאַמע רחל, נתן־אייזיקס. געהערט האָבן זיי ביידע מיט זייערע קינדער צו די ערשטע איינוואוינער פון סטשעגאָווע, וועלכע זיינען אַהין געקומען פון אַ דאָרף, פונוואַנען זיי האָבן מיטגעבראַכט די שטילקייט און רואיקייט, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין גוטמוטיקייט און גרייטקייט צו העלפן יעדן איינעם. געוואוינט האָבן זיי אין אַ קליין הייזל אויפן שאָסיי, וואָס האָט געפירט פון מלאַווע קיין גלינאָוויעצק, ראַטשוינז און טשעכאנאָוו. נישט געווען קיין איין בעל־עגלה, וועלכער זאָל זיך נישט אָפּשטעלן פאַר דער אכסניה, אָנפּאַשען און לאָזן אויסרוען די פערד, אויך אַליין אַרייַנכאַפּן אַביסל וואַרעמס, אַ טעלער גריץ, אַ גלעזל בראָנפן און פאַרבייסן מיט אַ קיכל, מעשה ידיה, פון דער שטענדיק־זויבערער, אָנגעטאָן אין אַ ברייטן פאַרטוך — מעשה באַלעבאָסטע.

דערפאַר ווען ס'איז געקומען מאַרק־טאָג, וואָס איז געווען איינמאָל יעדע וואָך — מאָנטאָג, — און די פויערים פון די אַרומיקע דערפער זיינען געקומען פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן: תבואה, הינער, פּוטער, אייער, גרינס א. אַז. וו. און פאַר דעם געלט גלייך איינגעקויפט מלבושים, שיך און פאַרשיידענעס — דאַן איז די גרויסע, זייער זויבערע שטוב, מיט דער ווייס־געשייערטער פּאָדלאָגע, אויסגעשיט געווען מיט נאָך ווייסערן זאַמד, געווען פול; אויך דער אַזוי־גערופענער אַלקער, וואָס איז געווען באַשטימט נאָר פאַר ספּעציעלע געסט.

אָבער דאָס אַליין האָט נישט געקלעקט אַלס פּרנסה פאַר דער פאַמיליע, וועלכע האָט איצט געציילט נאָך זעקס נפשות: 4 זין און 2 טעכטער.

ר' נתן־אייזיק האָט געהאַט אַ קליינעם ווערקשטעל פון שוסטעריי, אין וועלכן ס'האָבן מיטגעאַרבעט די זין לייביש, דוד און ישעיה־יששכר (וועלכער איז פּלוצלונג, נאָך אַלס ייִנגל, געשטאָרבן). די אַנדערע צוויי, ווען זיי זיינען אויפגעוואָקסן און געזען, אַז עס איז פאַר זיי ניטאָ קיין תכלית דאָ, ביי דעם קליינעם ווערקשטעל אין קליינעם שטעטל, זיינען זיי אַוועק קיין אויסטראַליע, וואו זיי האָבן זייער מצליח געווען אַלס שניידער גאָר . . . די טעכטער גיטל און הענע זיינען געבליבן מיט די עלטערן ביז דער חתונה. די לעצטע איז אַוועק קיין אַרגענטינע.

אַלס דריטע פּרנסה האָבן זיי אויך געהאַלטן די מקוה, און אויסער דעם אַלעם נאָך צוגעהאַנדלט, ווען עס האָט זיך געטראָפן, אַ קניה'לע פיש אָדער גענדז, און אפילו אייער אין אַ מאַרק־טאָג. דאָס אַלעס האָט נישט אָפּגעהאַלטן דער „מאַמע רחל" פון נאָך אַ צוגאָב באַשעפטיקונג — נישט צוליב פּרנסה — וואָס האָט פאַראייביקט דעם נאָמען „מאַמע רחל". ווער פון די סטשעגאָווער פרויען עס האָבן געשטאָכענע אויערן, זיינען זיי געמאַכט געוואָרן דורך דער האַנט פון „מאַמע רחל". ווּעמען האָט זי דען נישט געשטעלט קיין באַנקעס אויב עס איז נאָר נויטיק געווען און נישט געפּענזלט דעם האַלדז פון אַ פאַרקילונג? פונוואַנען האָבן זיך גענומען אָט־די פעלדשערישע ידיעות צו אָט־דער פּשוטער דאָרפס־פרוי!

צוליב איר איבערגעגעבנקייט האָבן אירע היימישע רפואות, אויך אַמאָל סגולות געהאָלפן. פאַר די עלטערע קינדער פון דער פאַמיליע באָגען זיינען דאָס פאַרפאָלק — נתן־אייזיק און רחל פלאָט — געווען ווי צוגאבס־עלטערן און מיט־דערציער, און מיר פלעגן זאָגן, אַז מיר האָבן אַ מוטער און אַ מאַמע־רחל, אַ פאָטער און אַ טאַטע־אייזיק.

וויפל ליבע און צאַרטקייט זיי ביידע פלעגן עס אַרויסווייזן צו אונדז! איינגעקריצט איז אין מיין זכרון געבליבן ווי אין דער אויסגעבעטער מולטער האָט מען איינגעוויגט מיין ייִנגערע פון מיר שוועסטער, בראַנטשע, וואָס איז דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן.

יונה בערלין (וואַשינגטאָן)

# זכרונות פון סטשעגאָווע

ווי טיף איינגעקריצט עס זיינען אין אונדזער זכרון דעראינערונגען פון סטשעגאָווע, ווי אונדזער געבורט־שטעטל האָט אויסגעזען ווען מיר האָבן עס פאַרלאָזט. עס געדענקט זיך אָט־דאָס ברויזנדיק, לעבעדיק יידיש שטעטל. עס איז הייליק דער אָנדענק פון די סטשעגאָווער יידן, פון דעם פּראָגרעסיוון יידישן לעבן ביי אונדז אַלע, ביי די וועלכע האָבן עס פאַרלאָזט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי ביי די וועלכע זיינען פון דאָרט אַוועק נאָך פאַר יענער מלחמה.

דאָס האָט קלאָר באַשטעטיקט דער וואַרעמער אָפּרוף פון אונדז, סטשעגאָווער, וועלכע געפינען זיך אין אַמעריקע, אויף דעם ערשטן טראַגישן גרוס, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועגן דעם מוראדיקן חורבן פון סטשעגאָווע, וועגן דעם מאַרטירערשן אומקום פון די סטשעגאָווער יידן דורך די נאַצישע מערדער.

זייער ווייניק פון אונדז זיינען באַגאַבט אויסצודריקן אין ווערטער די סענטימענטאַלע געפילן פון אונדזער יוגנט, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט אין אונדזער אַמאָליקן שטעטל. דער וואַרעמער, האַרציקער אָפּרוף פון אונדזערע לאַנדסלייט האָט גערעדט שטאַרקער און העכער פון ווערטער.

דער געדאַנק לויפט אויף צוריק מיט אַ פינף־און־צוואַנציק יאָר און עס אַנטפּלעקט זיך אין אונדזער זכרון אַ בילד פון אונדזער פּויליש שטעטל, וואָס געפינט זיך ערגעץ ווייט, ווייט פון אַ באַן־סטאַנציע; ווייט, דאַכט זיך, הינטער די הרי־חושך — איינס פון הונדערטער אַזעלכע פאַרוואָרפענע פּויליש־יידישע שטעטלעך — וואו עס האָט אָבער וויברירט מיט יידיש לעבן, וואָס איז געווען אַ גליד פון דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום, וואָס האָט געשאַפן און פאָרגעזעצט דעם יידישן קיום — אָט דאָס פּוילישע יידנטום, וואָס איז געווען דער אַוואַנגאַרד פון דעם יידישן פאָלק.

ווער פון אונדז געדענקט ניט סטשעגאָווע מיט אירע למדנים, סוחרים, פעסט־איינגעוואָרצלטע פון דורות באַלעבאַטים צוזאַמען מיט שניידער, שוסטער, בעלי־עגלות, מלמדים, כלי־קודש, וואָס האָט צונויפגעשטעלט דאָס אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעך און קולטורעל יידיש לעבן. און אַזוי לויפן פאַרביי בילדער איינס נאָכן צווייטן. עס לעבט, צום ביישפּיל, אויף פאַר די אויגן מאָנטיק, וואָס איז געווען דער מאַרק־טאָג. עס פלעגן זיך אָנפאָרן יידן און יידענעס, סוחרים, הענדלער פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, מיט זייערע געשעטלן, סטראַגאַנעס און עס האָט געברויזט מיט האַנדל־וואַנדל צווישן יידן און קריסטן.

ווער פון אונדז געדענקט ניט די פאַרשיידענע אַנעקדאָטן, ווערטלעך, שפּיצלעך און איינפאַלן אין דעם האַנדל צווישן ייד און קריסט. עס דערמאָנט זיך ווי אַזוי עס פלעגט געשלאָסן ווערן אַ מסחר צווישן ייד און קריסט, ביים קויפן אָדער פאַרקויפן אַ פערד, אָדער אַ קו, דורך פּאַטשן איינער דעם צווייטן אין דער דלאָניע, וואָס האָט געוויינלעך זיך פאַרענדיקט מיט אַ שטאַרקערן פּאַטש און מיט אַ „דאָברזשע".

און ווי קליין אונדזער שטעטעלע סטשעגאָווע איז געווען, האָבן אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן געאַרבעט און געווירקט פאַרשיידענע ריכטונגען און באַוועגונגען, ווי ציוניסטן, מזרחיסטן, פּועלי־ציון, בונדיסטן און אַלערליי קולטור־אינסטיטוציעס.

פאַרשיידענע עפּיזאָדן און געשטאַלטן לעבן־אויף אין געדאַנק. איטשע דער שמש, ווי ער פלעגט פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן אַרומגיין איבערן שטעטל פון טיר צו טיר און קלאַפּן מיט אַ האַמער און רופן „אין שול אַריין!" און ווי יעדער איינער, האָט נאָך אַ וואָך פון האַנדל און שווערער פּראַצע זיך געאיילט אַרומוואַשן זיך און לויפן אין בית־המדרש אַריין דאַווענען, מקבל שבת זיין און ווי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן פון יידישע הייזער זיך געטראָגן שבתדיקע זמירות און ניגונים, און ווי די יוגנט נאָכן עסן פלעגט זיך אַרויסלאָזן שפּאַצירן אויף דעם

מלאַווער שאָסעי און פאַרקלינגען מיט יידישע לידער די פעלדער אַרום, און ווער עס פלעגט זיך צוכאַפּן לייענען אַ בוך.

און אָט דערמאָנט זיך ווי יידן פלעגן אין אַ מיטן וואָכיקן טאָג זיצן אין בית־המדרש מיט דעם אַמאָליקן רב סרעברעניק און לערנען אַ בלאַט גמרא, און די געדריידלטע ניגונים פלעגן אָפּ־קלינגען אין דעם ווייטן אַרום. עס לעבן אויף יידישע טיפּן, וועלכע האָבן מיט זיך סימבאָליזירט יידישע טראַדיציעס, ספּעציעל אַנטפּלעקט זיך בולט די געשטאַלט פון ישראל קוואשניק און זיין אייגנאַרטיקער אופן פון אויסזינגען די ניגונים בעתן דאַוונען ימים־נוראים ביים עמוד. דער איינדרוק האָט זיך געשאַפן, אַז ער איז ניט נאָר אַ למדן, נאָר אַז ער איז אויך אַ וועלטלעכער ייד.

ס'איז שווער זיך אָפּשטעלן אויף דער רייכער, פילפאַרביקער גאַלעריי פון יידישע טיפּן, נאָר אָט לויפן פאַרביי די געשטאַלטן פון יאנקעוו זלמן, אברהם אורקעס, לייזער גיפּס, דאַווידאָוויטש, חיים בערלין, גוטמאַרגן, דער אַלטער אורקע, באָגענס. פּיאָטריקאָווסקיס, די שאַפּיראָס, די סטאַוויצקי פאַמיליע, נתן אייזיק און טשיזיק — אַלץ יידן, פאַרשיידענע און אייגנאַרטיקע טיפּן, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט די יידישע סטשעגאָווע. און ווער געדענקט ניט ווי מחיהדיק־דערפרישנדיק ס'איז געווען, אין אַ הייסן זומער־טאָג, זיך אַריינכאַפּן אין דער קעמפּיסקאָ און אַריינשפּרינגען אין וואַסער אַריין, אָדער אַריינכאַפּן אַ „פּאַלאַנד" איידער גיין אין חדר און דערנאָך פלעגט מענדל יאָסעלע דער מלמד דערלאַנגען מיט דער ווירע. און עס דערמאָנט זיך באַזונדער די יאָרן פון 1915, 1916 און 1917, ווען פון דער יוגנט האָבן זיך אויספאָרמירט פאַרשיידענע גרופּעס מיט באַזונדערע אידעאָלאָגיעס און ווי אָט־די פאַרשיידענע גרופּעס פלעגן אייגנאָרדענען פאַרזאַמלונגען און אָנפירן הייסע דיסקוסיעס וועגן לייזן וועלט־פּראָבלעמען; ווי מען פלעגט זיך פאַרזאַמלען אַרום דעם אַפּטייק, לעבן דער בריק, אָדער אַ שבת נאָכמיטאָג, ווען די יוגנט פלעגט זיך אַוועקלאָזן שפּאַצירן ווייט אויף דעם שאָסעי.

אָט־דאָס איז געווען סטשעגאָווע, ווי מיר האָבן זי איבערגעלאָזט, ווי מיר געדענקען זי.

אָט־דאָס איז סטשעגאָווע ווי זי איז געווען און וואָס איז שוין מער נישטאָ.

לאָמיר הייליק האַלטן דעם אָנדענק פון אונדזער סטשעגאָווע!

## רחל קלינקוז (קלאַפּמאַן) (תל־אביב)

# מיין שטעטל

„מיין שטעטל!" . . . וויפל געדאַנקען, זכרונות און געפילן נעמען אַרום דאָס האַרץ מיט אָט־די ווערטער! די צוויי ווערטער באַדייטן דאָך אַ גאַנצע וועלט מיט פריידן און ליידן — אַ וועלט, וואָס איז ווי אַ זון אויפגעגאַנגען און אונטערגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק נאָך זיך רויטע שטראַלן, שטראַלן פון בלוט און זיפצן . . . מיט דער טראַגישער אויסנאַם, וואָס אין דעם אונ־טערגאַנג פון דער זון פאַרנאַכט איז דאָ די זיכערקייט, אַז זי וועט מאָרגן ווידער קומען און ברענגען ליכט און לעבן, און אין דעם אונטערגאַנג פון מיין שטעטל — סטשעגאָווע — איז קיין שפּור האָפענונג פאַר אויפלעבונג ניט געבליבן.

קליין איז מיין שטעטל געווען, ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך אין פוילן. גרינע פעלדער האָבן עס באַצירט אַרום און אַלטע בוימער זיינען ווי אַ וואַך געשטאַנען און עס ווי אָפּגעהיט, אַז קיין שלעכטס זאָל אונדז ניט געשען.

ווינטער־צייט איז מיין שטעטלע קליין געווען. עס האָט זיך ווי איינגעצויגן אין זיך. אָבער זומער־צייט האָט עס ווי אַ בלום צעעפנט זיינע קנאָספּן, זיך פאַנאַנדערגעבליט און זיך באַוויזן מיט אַלע נאַטור־שיינקייטן. און ווי קליין מיין שטעטל איז ניט געווען, האָט עס אין זיך פאַרמאָגט אַלץ, וואָס אַ געזעלשאַפטלעך־מענטשלעך לעבן שטעלט מיט זיך פאָר: געזעל־שאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייטן, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געשפּרודלט מיט לעבן,

אַ ציוניסטישע באַוועגונג וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ גייסט פון טרוימען און האָפענונגען אויף זעלבסטשטענדיקייט, אויף ניט דאַרפן זיין אונטערגעוואָרפן דעם חסד פון שכנים אַפּוטרופּסים . . . אָבער, ליידער, איז פאַר די מערסטע דער טרוים ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן . . .

ווער האָט זיך דען געקאָנט פאָרשטעלן דעם גרויזאַמען גורל פון די אַלע, וועמעס אָנדעק מיר טראָגן מיט ליבשאַפט און יראת־הכבוד? אָנהויבנדיק פון מיינע אומפאַרגעסלעכע ליבע און טייערע עלטערן, ברודער, קרובים, באַקאַנטע און אַלע אַנדערע יידן פון אונדזער שטעטל — צוזאַמען מיט יידן פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך — זיינען אַלע אַוועק מיטן רויך פון די העלישע פלאַמען אין די קרעמאטאָריעס, וואָס די באַרבאַרישע נאַציס האָבן אונטערגעצונדן.

אויפן געדאַנק קומט אַרויף דער מאָמענט, ווען די בלוטיקע כוואַליע פון די היטלעריס־טישע חיילות האָבן ווי אַ פייערדיקע לאַווע אַרומגעכאַפּט אונדזער שטעטל און ווי די יידן האָבן פון זייערע באַהעלטענישן דורך שפּאַרעס דערבליקט, וואָס עס קומט פאָר אַרום זיי. און יעדער טאָג האָט נייע גזרות, איינע שרעקלעכער פון דער פריערדיקער, געבראַכט. אָבער דאָך האָט, אין די שווערע מאָמענטן, אַ פונק פון בטחון אויפגעבליצט, אַז אפשר איז דאָס שוין די לעצטע, די ערגסטע גזרה און אַז מען וועט דאָס נאָך איבערלעבן; אַז די צייט וועט אַלץ אויסהיילן. אָבער, ליידער, האָט די טרייסט און האָפענונג זיך ניט פאַרווירקלעכט. און טיף איז דער ווייטאָק און אומענדלעך גרויס איז דער בראָך!

*
**

קליין איז מיין שטעטל געווען, אָבער גרויס איז די בענקשאַפט, ווייל עס האָט דאָך אונדזער יוגנט אין זיך איינגעזאַפּט און אונדזער גאַנצע פאַרגאַנגענהייט אין דער אייביקייט אַוועקגע־טראָגן און קיין שפּור פון קיין זאַך ניט איבערגעלאָזט.

אַוועק זיינען אויף אייביק אונדזערע ליבע און טייערע, אָן אַ זיי־געזונט, אָן אַ לעצט וואָרט. זייערע געדאַנקען און לעצטע האָפענונגען און מעגלעך אויך פאַרלאַנגען וועגן אָפּרעכענען זיך מיט די באַרבאַרישע מערדער, נקמה נעמען פאַר זייערע אויסגעלאָשענע לעבנס — פאַרשוואונדן.

זייער ניט־אָנגעשריבענע צוואה דאַרפן מיר אין אונדזער בלוט טראָגן און אין אונדזערע הערצער איינקריצן — אַ צוואה ניט צו פאַרגעסן און נקמה נעמען פון די מערדער, פון די פאַשיסטישע רוצחים; ניט פאַרגעסן: „זכור תזכור את אשר עשה לך עמלק“ . . .

מיין שטעטלע, מיין יוגנט־היים! ווי עס בענקט זיך נאָך דער היימישער וואַרעמקייט! עס געדענקט זיך פרייטאָג־צונאַכט, די שבת־ליכט ברענען און אונדזער פאָטער זינגט־אויס „שלום עליכם“ מיט אַזאַ רחבותדיקייט און דערהויבנקייט. ווער איז צו אים געווען גלייך אין דעם מאָמענט? ווי אַ פּרינץ האָט ער זיך געפילט און מיר, די קינדער, האָבן אָט־די וואַרעמע אַטמאָס־פערע אין זיך אַריינגעזאָפּט . . . אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע וואָכעדיקע דאגות און געווען זהיר, אַז מ'זאָל חס וחלילה דעם שבת נישט פאַרשוועכן . . .

אַזוי ווי אַ חלום איז דאָס אַלץ פאַרשוואונדן און ביטער און שווער איז די ווירקלעכקייט. יאָ, אויף אייביק פאַרשוואונדן איז דאָס שטעטל, די ליבע היים, — בלויז די וואַרעמע זכרונות זיינען פאַרבליבן. אייביק וועלן מיר זיי טראָגן מיט זיך.

פישל מייראַנץ (אַ פּלימעניק)

# הענעך מייראַנץ און זיין פאַמיליע

הענעך מייראַנץ איז געבוירן אין דאָרף אוניערזיש, נישט ווייט פון סטשעגאָווע. אוניערזיש איז צו יענער צייט געווען דער צענטער פון יידן פון די אַרומיקע דערפער. אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דאָרף האָט געצויגן חיונה באַאַרבעטנדיק אַ שטיקל אייגענע ערד. געהאָדעוועט אַ מעלקעדיקע קו. אַז ס׳איז געקומען דער פרילינג האָבן אַ טייל יידן אָפּגעדונגען פּרוכט־גערטנער ביי די קריסטן און פאַרקויפט די פרוכטן אין די גרע־סערע שטעט.

געווען אויך אין דאָרף אַ צוויי בעלי־עגלות, וועלכע האָבן אויף זייערע לאַסט־וואָגנס גע־פירט פּרימיטיווע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען פון פּלאָצק נאָך מלאווע. אַזאַ רייזע האָט גע־דויערט פון זונטיק ביז פרייטיק. די יוגנטלעכע האָבן זיך גענומען צו האַנטווערקעריי. מערסטע פון זיי זיינען געוואָרן שוסטערס, צווישן זיי אויך הענעך מייראַנץ.

ווען הענעך מייראַנץ איז אַלט געוואָרן 21 יאָר האָבן אים די שלעכטע עקאָנאָמישע אומ־שטענדן, צוזאַמען מיט דעם האַס צום צאַרישן רעזשים, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פּאָגראָמען אויף יידן, אים באַווירקט צו טראַכטן וועגן עמיגרירן. ער האָט נישט גע־וואָלט זיינע יוגנט־יאָרן אַוועקגעבן דער צאַרישער אַרמיי, האָט ער באַשלאָסן אויף אַן אומלע־גאַלן וועג אַרויס פון לאַנד.

הענעך מייראַנץ איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, געאַרבעט ביי זיין פאַך עטלעכע יאָר, אָפּ־געשפּאָרט אַביסל געלט, האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרבלייבן אויף שטענדיק אין אַמעריקע, וואו מ׳ווייסט נישט פון קיין שבת־רו.

צוריקקערנדיק זיך פון אַמעריקע האָט הענעך מייראַנץ געהייראַט מיט זיסע־בתיה דרעוויטשער פון זשעראָמין, באַזעצט זיך מיט זיין פאַמיליע אין סטשעגאָווע, געווען פון די ערשטע יידישע איינוואוינער, געהאָלפן בויען דאָס בית־המדרש, אויך די איבעריקע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען נויטיק געווען פאַר אַ יידישן קיבוץ.

זיין פרוי, זיסע־בתיה, האָט אים געבוירן פיל קינדער, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין מזל אין דערציען זיי. ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן דער זון משה, איז ער געפאָרן צום רבין נאָך אַ ברכה, האָט דער רבי געהייסן מען זאָל דעם זון צוגעבן אַ נאָמען אַלטער; דאָס הייסט, ער זאָל זיך עלטערן. דערנאָך איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ זון, דוד.

אין סטשעגאָווע האָט הענעך מייראַנץ נישט פאָרגעזעצט זיין מלאכה, נאָר האָט זיך גענו־מען צום פיש־האַנדל, וואָס האָט אים פּאָפּולער געמאַכט.

ווער האָט עס נישט געקענט הענעך פישער׳ס ריזעוודיקייט מיט זיין הויכער שטימע ביים פיש־האַנדל? שווער און ערלעך איז געווען זיין טאָג־טעגלעכע פרנסה. זיינע פליכטן האָבן אים אויפגעוועקט אין דער האַלבער נאַכט, אָנגעטאָן זיך ביי דער שיין פון דער לבנה, אָדער ביי דער נאַפט־לאָמפּ. דער ערשטער וועג זיינער איז געווען — אין שול אַריין אָפּזאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים, ביז דער מאָרגנשטערן וועט זיך באַווייזן, מ׳זאָל מעגן דאַווענען; אַריינגעכאַפּט מיטן מנין אַ ברכו און אַ קדושה פאַר זיין לאָזן זיך צופוס אין די דערפער אַריין: רידזינע, געלטשין, ביז ראַדזענאַווא, לענג־אויס ביים ברעג פון סטשעגאָווער טייך, איינצוקויפן צום האַנדל אַביסל פיש, איבערהויפּט אויף שבת און יום־טוב.

אויפהויבנדיק זיך זייער פרי, איז הענעך געווען דער ערשטער געוואויר צו ווערן די שטעטל־דיקע בייעס פון דער נאַכט: וועלכע פרוי ס׳האָט געבוירן אַ קינד, וועמען מ׳האָט באַגנבעט, ווער ס׳איז קראַנק געוואָרן אָדער, חלילה, געשטאָרבן — און האָט באַלד פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן שטעטל די פרייד, ווי דעם צער וואָס האָט געטראָפן. ס׳האָט אויך, אין פיל פאַלן, געטראָפן, אַז

איטשע, דער שמש פון דער שול, איז פאַרשלאָפן, האָט הענעך (פישער) אים אַרויסגעהאָלפן מיט איינהייצן די אויוונס אין שול, אַז ווען די עלטערע בחורים וועלן קומען לערנען דעם דף־היומי (אַ בלעטל גמרא) זאָל זיין וואַרעם. הענעך האָט ביי די בחורים געפונען אָנערקענונג, אַזוי אַז ווען זיי האָבן געמאַכט אַ סיום, איז ער אויך געווען פון די פאַרבעטענע געסט. ער האָט געהאַט נאָך אַ פּריווילעגיע אַמט אין שטעטל: צו וועקן די יידן צו סליחות, אויך אברהם־משהן דעם מיקווה׳ניק, צו הייצן די מקווה, אַז די פרומע יידן זאָלן האָבן הייס וואַסער צו טובלען זיך פאַר „זכור ברית״, ערב ראש־השנה.

הענעכן האָט יעדער דערקענט פון דערווייטנס ביים אַרויסמאַרשירן פון שטעטל אין דאָרף אַריין, אפילו ווען ער איז שוין געווען אויף דער בריק פון סטשעגאָווער טייך: איין קויש האָט ער געהאַלטן אין דער רעכטער זייט, דעם צווייטן — אין דער לינקער. זיין ווייב, זיסע־בתיה, האָט אים מיטגעגעבן אין אַן איינגעוויקלט טיכל: ברויט, זאַלץ און אַ ציבעלע, אַריינגעשטופּט אין טאַש פון זיין כאַלאַטל, און אים צוגעוואונטשן, אַז ער זאָל מצליח זיין. ביים אַרויסגיין פון שטוב האָט ער אַ קוש געטאָן די מזוזה און געזאָגט: „בידך אפקיד רוחי״. דאָס איז געווען זיין געזעגנונגס־ברכה.

אויב ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט עפּעס אויסטערלישעס אויף זיין וועג, האָט ער זיך צוריקגעקערט פאַר זון־אונטערגאַנג — מנחה־צייט — כדי ער זאָל נאָך קאָנען באַזוכן דעם בית־המדרש צו מנחה־מעריב.

ס׳האָט פיל מאָל געטראָפן, אַז ער איז געקומען פון דאָרף ניט ליידיקע קוישן, האָט ער געהאַט עגמת־נפש, אַז ער וועט גאָרנישט פאַרדינען, איז ער געקומען מיט פולע קוישן פיש, האָט ער אויך געהאַט עגמת־נפש: ס׳איז צופיל פיש פאַר דעם שטעטל, האָט ער אַ גרויסן טייל געמוזט אַרויסוואַרפן און האָט דערלייגט געלט. הענעך (פישער) האָט אין זיין מסחר געהאַט נאָך אַ דריטע זאָרג, דאָס איז געווען ווען ער האָט געבראַכט גאָר אַ קליין ביסל פיש. אין אַזאַ פאַל פלעגט ער אויפן וועג צוריק פון דאָרף, באַטראַכטן פלענער אין זיין געדאַנק, וועמען פריער איינצוטיילן די פיש אויף שבת, אָדער יום־טוב. האָט ער צוגעטיילט פיש דעם רב אין שטעטל, נישט פאַרגעסנדיק אויך אין דעם פעלדשער, זאַלצבערג, מחמת ער האָט אים געהאַלטן פאַרן מלאך רופא־חולים אין שטעטל.

פיל מאָל האָט ער זיך אויך פאַרשאַפט שונאים ביים צעטיילן די פיש, ווען ער האָט געהאַט ווייניק פאַרן גאַנצן שטעטל. דערפאַר האָט ער געהאַלטן אַלס זיין חוב יעדן ערב־יום־כיפור פאַר כל־נדרי בעטן יעדן איינציקן ער זאָל אים מוחל־זיין.

דער פיש־האַנדל זיינער איז פאַר אים געווען אַ פרנסה, וואָס ער האָט געהאַלטן אַלס מצווה. ער האָט געהאַלטן, אַז שבת אָן פיש איז ביי אַ יידן אַ שבת נישט מיט אַלע פישטשעווקעס.

זיין פרנסה איז געווען אַ שווערע. נישט איינמאָל איז ער אויך אַוועקגעפאַלן אונטערוועגנס. די משא האָט אים אַראָפּגעצויגן צו דער ערד. אין די ווינטער־טעג פלעגט ער אַמאָל בלאָנדזשען איבער די פעלדער, ווייל די וועגן זיינען געווען באַדעקט מיט שניי. נישט איינמאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ סטרוגע און אויף זיינע שרייענדיקע הילף־רופן זיינען געקומען פויערים, וועלכע האָבן אים אַרויסגעראַטעוועט און אָפּגעפירט אַהיים. ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג איז הענעך (פישער) אויך געווען גוט באַקאַנט. זיי האָבן אים גערופן „הענאַק״. דער נאָמען איז אפילו איבערגעגאַנגען בירושה אויף זיינע זין משה־אַלטער און דוד. ביידע זיינען אָנגערופן געוואָרן „הענאַק״.

זונטיק איז ביי הענעך מייראַנץ געווען אַ צוגרייטונג־טאָג צום מאָנטיקדיקן גרויסן טאַרג (מאַרק־טאָג), וועלכער איז פאָרגעקומען איין מאָל אין דער וואָך. אויסער דעם פיש־האַנדל האָט ער נאָך געהאַט סעזאָן־מסחרים: פרילינג האָט ער געהאַנדלט מיט „נאַשאַנעס״ (זוימען), זומער מיט גרינוואַרג און פרוכטן, הערבסט מיט פערד־האָר און ווינטער־צייט — מיט ראָכוואַרג. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז נישט ערלעכע פויערים האָבן אים אָפּגענאַרט, פאַרקויפט אים אַ פעלעכל פון

אַ הונט פאַר אַ פוקסן־פעלעכל און אַ שטיין־מאַרדער פאַר אַ בוים־מאַרדער. פון די אַלע מסחרים האָט קוים געסטייעט אויף לחם לאכול ובגד ללבוש.

נאָכן פרנסה־לאַסט פון טאָג, אָפטמאָל אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, האָט ער נאָך געמוזט זיך ווידמענען צו שטוב־ווירטשאַפט, ווייל זיין פרוי זיסע־בתיה איז פיל יאָרן צו בעט געלעגן, נאָך דעם ווי זי האָט באַקומען אַ ביס אין פוס פון אַן אָנגעשטעקטן הונט. דאָס אַרט לעבן האָט צווישן זיינע אינטימע מענטשן אַרויסגערופן מיטגעפיל. עס האָבן זיך אָבער אויך געפונען לייכט־זיניקע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אָפגעשפּעט און אים צוגעגעבן צוויי צונעמענישן: „סאַפּיוך" און „קלוקלע".

די פאַרגאַנגענע ערשטע וועלט־מלחמה האָט הענעך מייראַנצן אויך נישט אויסגעמיטן מיט היבשע צרות און שרעק. דאָס איז געווען אין יאָר 1919. פוילן האָט מלחמה געהאַלטן מיט די סאָוועטן. ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן פון ווייסעל־ברעג, האָט זי אויך פאַרלאָזט סטשעגאָווע. ווען די פוילישע אַרמיי איז צוריקגעקומען אין שטעטל, האָבן זיי אַרעס־טירט ייִדן, וואָס זיי האָבן באַשולדיקט, אַז זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט די סאָוועטן. אויף הענעך מייראַנץ האָט מען אויסגעטראַכט אַ בילבול, אַז ער האָט געוואָלט צונעמען אַ פערד פון דער פוילישער אַרמיי. דער סאָלדאַט, אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט, האָט אויף אייגענער פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט געטריבן הענעך מייראַנצן אין מזעווער וואַלד אַריין אים אומצוברענגען דורך הענגען. שוין האָבנדיק פאַרלייגט די פּעטליע אויף זיין האַלדז, האָט הענעך נאָך געהאַט אַ פּאָר מינוט צו פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס. אין דעם מאָמענט האָט ער אויסגעשריגן אין דער ריכטונג צום מזעווער־שאָסעי: „אויב איר וועט מיך אומשולדיק אומברענגען, זאָל פון אייער פוילן ווערן אַש, אַזוי ווי דער אַש פון דעם פּאַפּיראָס". דאָס געשריי האָט דערהערט אויפן שאָסעי אַן אָפיצער, וועלכער האָט אין דעם לעצטן מאָמענט באַפוילן אָפּצוּוואַרטן. ווען ער האָט זיך דער־נעענטערט צו אים האָט ער אים באַפרייט. אַזוי איז ער ניצול געוואָרן פון טויט. אין אַ צייט אַרום האָט הענעך מייראַנץ אָפּגעקויפט דעם זעלבן בוים, אים אויסגעהאַקט און געשענקט אויף צו פאַרריכטן דעם בית־המדרש.

הענעך מייראַנץ איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט דעם שטעטל, אַזוי ווי עס וואָלט געווען זיינס אַ גליד. יעדנס פרייד איז אויך געווען זיין פרייד, יעדנס טרויער — זיין צער. ער האָט שטאָלצירט מיט דעם ערשטן רב און מיט דעם צווייטן: הרב סרעברעניק און הרב סימיאַטיצקי, מיט זייערע הדרת־פּנים און שיינע דרשות. שטאָלצירט מיט די שוחטים: אברהם יצחק ראָזענבערג און שפּעטער מיט זיין אייִדים משה בריפטרעגער, מיט זייער שיין דאַווענען. ער האָט ליב גע־האָט אַלע איינוואוינער פון שטעטל, מיט יעדן געווען באַפריינדעט, צו יעדן זיך געווענדעט פּער דו. ער האָט געהאַלטן, אַז אין סטשעגאָווע איז דאָ אַזוינס, וואָס אין קיין שום שטעטל איז נישט פאַראַן.

זייענדיק דער סוחר פון פיש אין שטעטל, האָט ער געוואוסט ווער ס'האָט נישט קיין פיש אויף שבת. פלעגט ער פון זיינע אָפּגעקאָכטע פיש אַראָפּנעמען אַ טייל און אַוועקטראָגן צו די וועלכע האָבן נישט געהאַט. ער האָט געטיילט נדבות מיט אַן אָפענער האַנט, איבער זיינע מעג־לעכקייטן; האָט אויף זיך גענומען אַ פליכט מבקר־חולה צו זיין יעדן קראַנקן; האָט פרייוויליק אויף זיך גענומען צונויפזאַמלען פאַר מעות־חיטים, פאַר הכנסת־כלה, געווען אַן אַקטיווער מיט־גליד פון ביקור־חולים, חברה תהילים, תיקון־סופרים און אַ גמילת־חסד־קאַסע.

אין דעם זעכציקסטן יאָר פון זיין לעבן איז אים אָפּגעשטאָרבן אין סטשעגאָווע זיין פרוי זיסע־בתיה אין אַן ערב יום־כיפּור. הענעכן האָבן די כוחות אָנגעפאַנגען צו פאַרלאָזן, און דער עול פון פרנסה איז איבערגעגאַנגען צו משה־אַלטערן מיט דודן. די זין האָבן זייער געשעצט די עלטערן, כיבוד אב ואם איז ביי זיי געשטאַנען זייער הויך. די עלטערן האָבן געשטרעבט צו דערלעבן נחת אין זייערע זין, אָבער, ליידער, נישט דערלעבט. אויך דער פאָטער איז גע־שטאָרבן אין סטשעגאָווע פאַר דעם צווייטן וועלט־קריג, אין 65־טן יאָר פון זיין לעבן.

הענעך און זיסע־בתיה רוען אויף דעם סטשעגאָווער בית־עולם.

נאָכן פאָטערס טויט האָט משה־אַלטער געהייראָט און ס'איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ קינד. ער האָט אַ קורצע צייט געלעבט אַ צופרידן לעבן, ביז צו דער גרויסער קאַטאַסטראָפע — די אויסראָטונג פון די סטשעגאָווער יידן. ער, זיין פרוי, דאָס קינד און דער ברודער דוד, זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן אין בירקענאו (אַשוויענטשינער אָפּטיילונג) מיט אַלע סטשעגאָווער יידן, וואָס די דייטשע היטלעריסטישע, נאַצישע רוצחים האָבן אומגעבראַכט.



הענעך מייראַנץ און זיינע צוויי זין: דוד (רעכטס) און משה־אַלטער

מרדכי מייראַנץ (תל־אביב)

# וועגן מיינע עלטערן יוסף און מרים מייראַנץ

יוסף מייראַנץ איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1887 אין אוניערזשיז, דריי קילאָמעטער פון סטשעגאָווע, וואו עס האָבן אויך געוואוינט זיינע עלטערן אברהם־מאיר און שרה־גאָלדע, זיין ברודער הענעך און זיינע שוועסטער בלימע בוטשקע, מרים רעבעק, אסתר קאָהען און פייגע באָלנע. זיי אַלע האָבן זיך באַשעפטיקט אין דערבייאיקן גיזין ביז דאָס אָרטיקע לעבן פון יידן אין אוניערזשיז און דערבייאיקן גיזין האָט אָנגעפאַנגען ווערן נישט זיכער: 1) צוליבן שטרעבן פון די פויערים צו פאַרנעמען די יידישע ערד; 2) צוליב דעם, וואָס די יוגנטלעכע זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן צווישן מיליטער און די עלטערע, וואָס זיינען געבליבן, האָבן נישט געהאַט קיין כוח אַליין צו באַאַרבעטן די ערד מיט די פרימיטיווע מיטלען און גלייכצייטיק צו פירן דעם קאַמף מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פאַר זייער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג.

די יידישע געמיינדע אין די דערמאָנטע דערפער האָט אָנגעהויבן איינזען, אַז זי דאַרף זיך קאָנצענטרירן אין אַ גרעסערן ישוב, האָבן יידן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין סטשעגאָווע. זיי זיינען געווען פון די ערשטע איינוואוינער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַריבערגיין פון דער ערשטער סטאַדיע: ערד־אַרבעט, צו אַ צווייטער — מלאכה און האַנדל (פון וועלכע, אגב, אייניקע זיינען נאָך פאַרן אומקומען דורך די נאַצים, אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס).

צוליב אָט־די סיבות איז יוסף מייראַנץ, אַ 22־יעריקער יונגערמאַן, אַוועק קיין אַמעריקע, וואו ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער. נאָך דעם ווי ער איז דאָרט געווען 2 יאָר און האָט אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט, איז ער צוריקגעפאָרן קיין פוילן און זיך אויך באַזעצט אין סטשעגאָווע. ער האָט געקויפט אַ פּלאַץ, וואו ס'איז נאָך געווען וואַלד, אַליין אויסגעהאַקט די ביימער און זיך געבויט אַ הילצערנע הויז. ער איז געווען פון די ערשטע יידישע הויז־בויער און איינוואוינער אין סטשעגאָווע, אין שכנות מיט אהרן ביזבערג.

גלייך נאָך דעם האָט יוסף געהייראַט מיט מרים רובינשטיין פון מלאַווע, וועלכע האָט אים געבוירן אַ זון, פישל (וועלכער האָט, אגב, דורכגעלעבט דעם אונטערגאַנג פון פוילישן יידנטום בכלל און דעם חורבן סטשעגאָווע בפרט, ווי ער אַליין באַשרייבט עס באַזונדער אין דעם בוך).

פון פישלען האָט אונדזער פאָטער געהאַט אַ סך נחת. ווען ער איז אַלט געווען 5 יאָר, גייענדיק אין חדר צו מענדל־מאירן דעם מלמד, האָט ער שוין געלערנט חומש און געקאָנט שרייבן יידיש.

ס׳איז דערנאָך געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער אסתר־פייגע, וועלכע איז אין איר בליענדיקער יוגנט טראַגיש געשטאָרבן; אַ זון אברהם־מאיר, וועלכער איז פון די באַרבאַרישע נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן און מען ווייסט אפילו ניט וואו זיינע ביינער געפינען זיך און דער ייִנגסטער זון, מאָטל (דער שרייבער פון דעם אַרטיקל, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל).

אין 1914, ווען מאָטל איז אַלט געווען צוויי וואָכן, איז יוסף מאָביליזירט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און די גאַנצע לאַסט פון מפרנס זיין די פאַמיליע איז געפאַלן אויף אונדזער מוטער, מרים, וועלכע איז געבליבן מיט פיר קינדער. צוליב זיכערקייט וועגן — ווייל דער מיליטערישער פראָנט איז געווען אין סטשעגאָווע, פלעגט אונדזער מאַמע זיך שלעפן צו־פוס מיט די קינדער — די צוויי פיצלעך געטראָגן אויף די הענט און די אַנדערע צוויי האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין איר — קיין מלאַווע און צוריק, קיין סטשעגאָווע, כדי צו דערנערן זיך מיט די קינדער. ניט האָבנדיק קיין מאַטעריעלע מיטלען, איז זי געווען געצוואונגען צו אַרבעטן שווער ביי פאַרמעגלעכע יידישע פאַמיליעס.

זייענדיק דער ייִנגסטער פון די פיר קינדער, האָב איך דער מאַמע פאַרשאַפט אויסערגעוויינלעכע אומאָנגענעמלעכקייטן, דער עיקר צוליב מיין וויינען, וואָס האָט געשטערט איר אַרבעט. דאָס האָט איר אָפט געצוואונגען אָפּאַרבעטן עקסטראַ שטונדן, ביז זי האָט איינגעזען, אַז אירע כוחות גייען־אויס און זי וועט אַוועקפאַלן, פלעגט זי מיך איבערלאָזן זיך שפּילן אין גאַס. איך האָב דעמאָלט זיך שוין געשאַרט „אויף אַלע פיר״, ביז איך האָב זיך אַריינגעשאַרט אינמיטן וועג און אַ פור איז מיך איבערגעפאָרן.

דאָס האָט געצוואונגען דער מאַמע אויפגעבן איר אַרבעט אין פרעמדע היימען און זי איז געבליבן אָן מיטלען זיך און די פאַמיליע אויפצוהאַלטן. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דאָס וואַרעמע האַרץ פון אסתר קאָהען (די פישעלקע) און איר טאָכטער הינדע (היינט אין אַמעריקע) און מיין פעטער הענעך, וועלכע האָבן דער מאַמע צוגעהאָלפן זיך מיט די קינדער צו דערנערן, כאָטש זייערע מעגלעכקייטן זיינען געווען זייער באַגרענעצטע.

נאָך אַכט יאָר מיליטער־דינסט, נאָך דעם ווי די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, איז אונדזער טאַטע, יוסף, צוריקגעקומען אַהיים קיין סטשעגאָווע. די פרייד אין דער פאַמיליע איז געווען אומבאַשרייבלעך. טראָץ זיין פיזישער אויסגעשעפּטקייט, האָט ער זיך ווידער גענומען צו מלאכה און זיך באַפרידיקט מיט דעם וואָס ער האָט געהאַט.

יעדן טאָג, 5 אַזייגער אין דער פרי, איז ער אויפגעשטאַנען און אַוועק דאַוונען מיטן ערשטן מנין פון ר׳ יצחק־מאיר פיאָטרקאָווסקי און בייגעטראָגן זיינע טעגלעכע צען קאַפּיטלעך תהילים. פון צייט צו צייט פלעגט ער אויך דאַוונען ביים עמוד אינדערוואָכן און אויך שחרית של שבת, און דערביי קריגן די ערשטע עליה אַלס כהן. ווער געדענקט ניט זיין דוכנ׳ען, מיט וויפל האַרץ ער האָט אַרויסגעבראַכט די ברכת־כהנים — „יברכך״!

עס געדענקען זיך פאַרשיידענע עפּיזאָדן, צווישן זיי דער עפּיזאָד, אַז ווען דער ישוב אין סטשעגאָווע האָט זיך פאַרגרעסערט זיינען צוגעקומען בעלנים אויף „שטעט״ אין אָדער לעבן מזרח־וואַנט. איניקע פלעגן אָפטמאָל זיך אַרויפכאַפּן און פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אין מזרח־וואַנט, וואו זיי פלעגן זיך אָנטרעפן אויף אַ ווידערשטאַנד פון די „ותיקים״ און זיין געצוואונגען צו מאַכן אַ צוריקטריט . . . דאָס האָט דערפירט צו דעם, אַז די אומצופרידענע האָבן זיך געשאַפן אַן אייגן שטיבל מיט אַן אייגענעם אויבנאָן . . .

יוסף מייראַנץ איז אויך געווען איינער פֿון די איניציאַטאָרס איבערצובויען די מקוה, איז אַ צייט געווען דאָזאָר אין סטשעגאָווע, גבאי, אַ מיטגליד פֿון דער גמילת־חסד קאַסע און אין דער חברה ביקור־חולים. פֿלעגט אָפּט איבערנעכטיקן ביי קראַנקע. גלייכצייטיק האָט אונדזער טאַטע אַריינגענומען צו זיך אין הויז די ערשטע אין סטשעגאָווע לערערינס פֿון יענער צייט — מאַלי פּיאָטרקאָווסקי און שיינע־מלכה באָגען (היינט אין ישראל). דערנאָך איז די שולע איבערגעגאַנגען צום לערער קאַרן. שפּעטער, ווען די אָנפֿירער פֿון דער קהילה האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן דעם בודזשעט פֿון דער שולע, ווייל דער לערער איז געווען אַ פּראָגרעסיווער מענטש, און זי איז געווען געצוואונגען זיך אויפֿצולייזן, האָט אונדזער טאַטע אַריינגענומען צו זיך אין הויז די מזרחי־אָרגאַניזאַציע, פֿון וועלכער עס זיינען אַרויסגעקומען די ערשטע חלוצים פֿון סטשעגאָווע פֿאַר ארץ־ישראל. ער האָט געזוכט מיט אַלע כוחות שאַפֿן די בעסטע לאָקאַלע באַדינגונגען פֿאַר דער יוגנט, אַז זי זאָל אין זיך איינזאַפּן וויסן אין שייכות צו די אויפֿגאַבן פֿון חלוצים, אַלס אַרבעטער, בויער און קעמפֿער פֿון ארץ־ישראל, וואָס איז אים געווען ליב און טייער.

אונדזער טאַטע, יוסף, האָט אָפּט אויסגעדריקט זיין בענקשאַפֿט נאָך אַן אייגן לאַנד אין ארץ־ישראל, זיך דאָרט באַשעפֿטיקן מיט ערד־אַרבעט און גערטנעריי. זיין ציל האָט אויסגעזען ניט ווייט פֿון פֿאַרווירקלעכט ווערן, ווייל זיין זון מאָטל (דער שרייבער פֿון די שורות) איז אַריינגעטראָטן אין אַ דריי־יעריקער הכשרה, צוגרייטן זיך פֿאַר ארץ־ישראל — אָבער, ליידער, שוין צו שפּעט. עס האָט באַלד אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, מיט דער אינוואַזיע פֿון היטלערס חיילות אויף פּוילן.

*
**

אונדזער טאַטע, יוסף מייראַנץ, איז געווען שטאַרק באַליבט און הויך געשאַצט אין סטשעגאָווע, איבערהויפּט איז ער געווען באַליבט ביי די געוועזענע אוניערזשיזער און גיזינער איינוואוינער, וועלכע פֿלעגן אָפּט קומען זיך האַלטן אַן עצה וועגן פּערזענלעכע, ווי וועגן אַלגעמיינע ענינים.

די שבתים ביי אונדז אין הויז זיינען געווען אומפֿאַרגעסלעכע מאָמענטן. דער טאַטע פֿלעגט זיך אָנשעפּן מיט גייסטיקער התרוממות־הנפש פֿאַר דער גאַנצער קומענדיקער וואָך. ער פֿלעגט אויסזאָגן גאַנץ תהילים און גלייכצייטיק אויסלייענען די צייטונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט דורך דער גאַנצער וואָך, און האָט אויף אַזאַ אופֿן געהאַט פֿאַר זיך אַ בילד פֿון דער פּאָליטישער לאַגע. ווען ס'איז געקומען פֿאַר וואַלן, האָט ער זיך ניט געלאָזט אַגיטירן. ער האָט געהאַט זיין פֿעסטע שטעלונג, מיט אַ ווייטן בליק, איבערהויפּט וואָס איז שייך דעם יידישן ישוב פֿון פּוילן. ער האָט געהאַלטן, אַז די יידן דאַרפֿן אַוועק קיין ארץ־ישראל.

עס געדענקט זיך מיר זיינער אַ געשפּרעך מיט איטשע־מאיר פּיאָטרקאָווסקי, וועמען ער האָט פּראָפּאָנירט ער זאָל אים צוהעלפֿן און צוזאַמען פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. אָבער פּיאָטרקאָווסקי האָט עס אָפּגעוואָרפֿן, מיט די ווערטער: „דער גערער רבי הייסט ניט."

בכלל האָט מיין טאַטע געזען אַ רעטונג אין עמיגראַציע. אַ סך פֿון יענער צייט, איבערהויפּט די, וועלכע געפֿינען זיך אין אַמעריקע, געדענקען נאָך אַוודאי, ווי אַזוי מיין טאַטע פֿלעגט העלפֿן די וואָס האָבן עמיגרירט, צו פֿאַרפּאַקן זייער האָב־און־גוטס און מיט וויציקע ווערטלעך און מיט אַ גלעזל וויין אין דער האַנט צואווינטשעווען ביים געזעגענען זיך.

מיך אַליין האָט מיין פֿאָטער געשיקט אַלס שליח קיין ארץ־ישראל און ביים געזעגענען געזאָגט: „עס טוט מיר לייד, וואָס מיר בלייבן דאָ איינזאַם אויף די עלטערע יאָרן, אָבער דו ביזט יונג, דאַרפֿסטו אויסטרעטן דעם וועג פֿאַר אונז קיין ארץ־ישראל."

*
**

ביי אונדז אין שטוב אַ פֿרייטאָג־צו־נאַכט איז געווען ליכטיק און פֿריילעך. די גאַנצע פֿאַמיליע פֿלעגט זיך צונויפֿקומען: מיין פֿעטער הענעך דער פֿישער מיט זיינע צוויי זין משה־אַלטער און דוד; בלימע בוטשקע מיט אירע טעכטער פֿייגע־מרים און אסתר־רייצע; אסתר קאָהען (די פֿישעלקע) מיט אירע קינדער משה און לייבל און הינדע; איטשע־מאיר און דאָוויטשע, מרים

רעבעק מיט אירע זין און טעכטער — ברוך און שמחה און אסתר און צירל; פייגע באַלנאַ מיט אירע צוויי זין יוסף־פּיווּל און אברהם־מאיר — אויך שכנים פלעגן אַריינקומען. די שבת־ליכט זיינען שוין לאַנג אויסגעגאַנגען, אָבער מען איז נאָך אַלץ געזעסן און מען האָט, אין דער פינצטער, זיך אויסדערציילט פון וואָכעדיקע זאָרגן און זיך אָראָפּגערעדט פון האַרצן און ס'איז עפּעס ווי גרינגער געוואָרן יעדנס געמיט. אונדזער טאַטע פלעגט טרייסטן און זאָגן, אַז דאָס שלעכטע וועט פאַרבייגיין . . .

פּורים איז געווען אַ טראַדיציע אין דער פאַמיליע קעגנזייטיק צו באַזוכן איינער דעם צווייטן, אָנהויבנדיק פון דעם עלטסטן פון דער משפּחה און פאַרענדיקט ביים יינגסטן.



יוסף און מרים מייראַנץ

אין 55טן יאָר פון זיין לעבן איז יוסף מייראַנץ געבליבן אַליין מיט אונדזער מאַמע אין סטשעגאָווע, נאָכדעם ווי זייער איינציקע טאָכטער איז אָפּגעשטאָרבן. פישל מיט אברהם־מאירן זיינען אַוועק קיין וואַרשע און פלעגן קומען צוגאַסט איין מאָל אין אַ האַלב יאָר — אויף פּסח און אויף די האַרבסט־יום־טובים. איך, נאָכדעם ווי איך האָב פאַרענדיקט די סטשעגאָווער פאָלקס־שול און די הכשרה, בין אַוועק קיין ארץ־ישראל.

די זין האָבן ניט פאַרגעסן אין זייערע עלטערן און האָבן זיי געהאָלפן איינשטעלן אַ שענער לעבן, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן ווען די נאַציס האָבן אָנגעהויבן די צווייטע וועלט־מלחמה און האָבן פאַרנומען גאַנץ פּוילן אין לויף פון צוויי וואָכן.

די קינדער אין וואַרשע — פישל און אברהם־מאיר — האָבן פאַראויסגעזען, אַז ווען די עלטערן וועלן זיין ווייט פון זיי וועלן זיי אויסגיין פון הונגער, האָבן זיי געזען זיי שנעל אַריבער־ברענגען קיין וואַרשע.

אין וואַרשע זיינען זיי געווען צוזאַמען מיט פישלען אין דער געטאָ און אַדאַנק אים האָבן זיי אויסגעהאַלטן ביז צו דער אויסראָטונג פון דעם פּוילישן יידנטום — ביז די פאַרשאָלטענע, באַרבאַרישע היטלעריסטישע נאַציס האָבן זיי אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע אין די גאַז־קאַמערן, וואו זיי זיינען אויף אַ שוידערלעכן אופן אומגעקומען דעם 3טן אויגוסט, 1942.

תלמידים און תלמידות פון דער יידיש־העברייאישער שול אין סטשעגאָווע



קינדער אין אַ קלאַס פון דער פוילישער שקאָלע אין סטשעגאָווע



עליע גאָרדאָן (פּאַראײַניקטע שטאַטן)

# זכרונות פון מיין ליב שטעטל

קיין געבוירענער פון סטשעגאָווע בין איך ניט, אָבער איך נעם זיך דאָס רעכט אָנצורופן זיך סטשעגאָווער. די וואָס קאָנען מיך גוט, וועלן מיט מיר מסכים זיין, און פאַר אַנדערע וועל איך פּרואוון דאָ ווייטער עס באַווייזן, כדי צו באַרעכטיקן מיין טענה.

די גרעסטע טייל סטשעגאָווער האָבן פריער געוואוינט אין פאַרשיידענע דערפער אַרום סטשעגאָווע, ווי אומניעצק, גיזשינע, אומניעזשיזש, ניעדזבעזש, וואַליע, צערנאַטשין א. אַז. וו. סטשעגאָווע האָט געדינט ווי אַ מין צענטראַל־פּונקט פאַר אַלע דערבייאיקע שכנים — יידן ווי ניט־יידן — וועלכע פלעגן קומען אויף ירידים קויפן און פאַרקויפן. יידן פון די דערמאָנטע דערפער פלעגן קומען אויף יום־טובים קיין סטשעגאָווע דאַווענען אין שול, אַנדערע פלעגן קומען צום רב האַלטן אַ דין־תורה, אָדער פרעגן אַ שאלה. דערפאַר טאַקע פלעגן די אַלע זיך רופן האַלב־סטשעגאָווער, מיט אַ באַצייכענונג פון זייער פריערדיקן וואוינאָרט, ווי צום ביישפּיל: אברהם אומניעצקער, הענעך וואַליער, שלמה אומניעזשיזשער, אייזיק צאַרנאָטשינער א. אַז. וו.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט מיך מיין טאַטע געהייסן זיך צוגרייטן צו גיין אין חדר אַריין. ווי אַלט איך בין דעמאָלט געווען, ווייס איך ניט, ווייל מיין טאַטע אַליין האָט, משמעות, אויך ניט געוואוסט. — צו וואָס דאַרף מען דאָס וויסן? — פלעגט ער טענהן, — עס וועט דיר דען העלפן צו פרנסה? דער טאַטע האָט מיך גענומען ביי דער האַנט און מיר זיינען געגאַנגען. פאַרנומען האָבן מיר זיך אויף דעם קירצערן וועג, איבער אַ וואַסער, וואָס האָט דערגרייכט מיין טאַטן ביז די קני. ווינטער איז דאָס טייכל געווען פאַרפרוירן. דער גאַנצער שטח איז געווען אַרום פיר־פינף וויאָרסט.

אַריינגעפירט מיך אין שטעטל האָט דער טאַטע צו מענדל־מאיר דעם מלמד, אַ ייד פון קליינעם געוויקס, מיט אַ לאַנגער באָרד. גערעדט האָט מענדל־מאיר אונטער דער נאָז, און ביים דאַווענען פלעגט ער זיך שאָקלען פון רעכטס צו לינקס, און פון לינקס צו רעכטס, און שטילערהייט געבעטן ביים רבונו של עולם. אַ פרומער און אַן ערלעכער ייד איז געווען דער ר' מענדל־מאיר, אָבער שטראָפן פלעגט ער מוראדיק, ווען איינער פון זיינע תלמידים האָט זיך פאַרדינט . . . ער פלעגט קאַטעווען מיטן קאַנטשיק פון די עטלעכע „לאָקשן" אויפן נאַקעטן הינטן, און דאָס זעלבע פלעגט ער אויך טאָן צו די מיידלעך תלמידות.

נאָכדעם ווי דער טאַטע מיינער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן רבין, האָט ער זיך דורכגערעדט מיט אים וועגן אַ פּלאַץ פאַר מיר וואו צו שלאָפן, און וועגן שכר־לימוד. דערנאָך האָבן מיר זיך אָוועקגעלאָזט איבערן שטעטל צו באַזאָרגן מיך מיט „עסן טעג" — אַ טאָג ביי דעם, אַ טאָג ביי יענעם — ניט דערפאַר וואָס מיין טאַטע האָט, חלילה, ניט געקאָנט באַצאָלן, נאָר אַזאַ איינשטעלונג איז דעמאָלט געווען, ווייל ס'איז אַ גרויסע מצוה צו געבן אַ טאָג־עסן צו אַ חדר־יינגל. אַז מיין טאַטע האָט זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט די אָנגעזעעענסטע בעלי־בתים פון שטעטל און מיך באַזאָרגט מיט „טעג" — האָב איך זיך געמוזט גוט איינחזרן צו געדענקען וואו און ווען איך דאַרף גיין עסן: זונטיק ביי חיים בערלין, מאָנטיק ביי יחיאל גוטמאָרגן, דינסטיק ביי אליעזר גיפּס, מיטוואָך ביי יונה דעם שוסטער, דאָנערשטיק ביי איטשע־מאיר פּיאָטרקאָווסקי און פרייטיק — ביי פישל דוגא, און טאַקע דעם זעלבן טאָג פלעג איך זיך לאָזן אַהיים אויף שבת.

פון אָנפאַנג איז דאָס געווען אַן אָפּקומעניש פאַר מיר. ניט אַלעמענס געקעכטס האָט מיר געשמעקט ווי מיין מאַמעס, אָבער פּראָטעסטירן האָב איך ניט געטאָרט. איך האָב פשוט מורא געהאָט פאַר מיין טאַטנס בליק, און נאָך מער פאַר זיין פאַסעק. אָבער איך האָב זיך צוגעוואוינט. איך האָב ליב געקראָגן די מענטשן פון שטעטל, די חברים פון חדר, און די סביבה אין אַלגעמיין. עס דערמאָנט זיך, ווי די צאַרישע זשאַנדאַרן פלעגן פון צייט צו צייט באַפאַלן אונדזער חדר,

צעריסן אונדזערע ספרים און אונדז אַלעמען צעטריבן — און אַמאָל אויך דערלאַנגען אַ פּאָר קלעפּ פאַר דעם איינציקן „פאַרברעכן" וואָס מיר האָבן געוואַגט זיך צו לערנען אין אַ יידישן חדר. אָבער דער רבי פלעגט באַלד געפינען אַ צווייטע דירה, וואו ער האָט צוריק איינגעשטעלט דעם חדר און געלערנט מיט אונדז, ביז דאָס זעלבע פלעגט זיך ווידעראַמאָל איבערחזרן.

אָבער דער פאַרגעניגן האָט זיך פאַר מיר פלוצים געענדיקט, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, אין 1914. איך האָב זיך געמוזט צעשיידן מיט מיין שטעטל סטשעגאָווע, און ספּעציעל מיט מיינע חברים. אונדזער דאָרף איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שלאַכט־פעלד. מיר האָבן זיך ניט געטאָרט באַוועגן. דאָס לעבן איז געוואָרן אומבאַקוועם און זייער ריזיקאַליש, ביז אַ באַפעל איז געקומען אַרויסצושיקן די יידן פון דער געגנט. דאָס האָט אפילו געקאָנט מיינען פאַרשיקן אין סיביר, פאַר דעם איינציקן „פאַרברעכן" וואָס מיר זיינען יידן. נאָך צוויי וואָכן פון אַרומשלעפּן זיך (פון איין טורמע אין דער צווייטער), אין זאַווערוכעס און שניי־שטורעמס, אויף אַ פוערישן וואָגן מיט איין פערדל, איז אונדזער פאַמיליע פון זיבן נפשות, אַחוץ 2 סאָלדאַטן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן (אונדזערע באַגלייטער) און דער טרייבער — צו־זאַמען צען מענטשן — זיינען מיר געשיקט געוואָרן פון איין טורמע אין דער צווייטער, ביז, ווי דורך אַ נס, מיר האָבן באַוויזן זיך אָפּצושטעלן אין מינסק. דורך דער הילף פון איינעם זייער אַ גוטן מענטשן, האָבן מיר געקראָגן די דערלויבעניש צו וואוינען דאָרט דריי חדשים, און שפּעטער האָבן מיר זיך באַזעצט אין ראָמני, פּאָלטאָווער ראַיאָן. געוואוינט האָבן מיר דאָרט ביז סוף 1918, ווען מיר האָבן זיך אַלע אומגעקערט צוריק אַהיים קיין פוילן. אונדזער ערשטער פּלאַץ איז געווען סטשעכאָנאָוו. דורך דער צייט וואָס מיר האָבן דאָרט געוואוינט, איז די שטאָט, מיר פאַרזעגלעך, ניט געווען צום האַרצן און די מענטשן זיינען מיר געווען פרעמד.

אַזוי ווי מיר האָבן אַלעס פאַרלוירן אין דער מלחמה, קיין היים האָבן מיר מער ניט געהאַט, האָט מיך געצויגן נאָר קיין סטשעגאָווע, צו מיינע געוועזענע חברים. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיך געבעטן ביים טאַטן צו באַזעצן זיך אין דעם ליבן שטעטל סטשעגאָווע. ווי ס'וויזט־אויס האָבן מיינע טרערן געווירקט און מיר זיינען אַוועק צופוס קיין סטשעגאָווע. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין צאַרנאָטשין, געזען דעם פּלאַץ וואו אונדזער הויז איז געשטאַנען. בלויז דער קוימען אַליין איז ווי אַ מצבה געבליבן שטיין. אויסגעזען האָט עס ווי אַ בית־עולם. נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אָנגעקוקט אין די חורבות, זיינען מיר פון דאָרט אַוועק קיין סטשעגאָווע. אַריינקומענדיק אין שטעטל, האָט זיך די שטימונג גלייך געענדערט. די לופט האָט געגלעט מיט פריינטשאַפט, הענט זיינען אויסגעשטרעקט געוואָרן פון אַלע זייטן, מיט דעם געוויינלעכן אויסדרוק: „ברוך הבא!" און איך האָב זיך געהאַלדזט און געקושט מיט מיינע חברים פון חדר.

מיר האָבן געדונגען אַ צייטווייליקע דירה אויפן מלאַווער וועג און מיין טרוים איז פאַר־ווירקלעכט געוואָרן. איך בין ניט מער אַליין, דאַרף ניט מער עסן טעג ביי יענעם, איך האָב איצט אַן אייגענע היים וואו צו עסן און צו שלאָפן. איך בין איצט אַ סטשעגאָווער גלייך מיט אַלע אַנדערע.

דאָס לעבן האָט זיך שטאַרק געענדערט פאַר מיר. די פוילישע שפּראַך איז מיר געווען פרעמד. איך בין שוין געווען צו גרויס צו גיין אין דער פוילישער שולע, האָב איך זיך געמוזט לערנען פּריוואַט. דעם ווילן צום לערנען האָב איך געהאַט, און מיט דער הילף פון מיין שוועסטער האָב איך גענומען איבערזעצן פון רוסיש אויף פויליש. אין אַ קורצער צייט האָב איך באַזייטיקט די פּראָבלעם, און זיך ווידער געפילט ווי אַ פולשטענדיקער סטשעגאָווער.

אַזוי ווי איך בין שוין געווען אַ בר־מצוה בחור האָט מיין טאַטע באַשטימט איך זאָל ווערן אַ בעל־מלאכה, און האָט מיך אָנגעדונגען ביי אבא נאָוואָגראָדסקי צו ווערן אַ היטל־מאַכער. דורך דער צייט האָט זיך אין סטשעגאָווע געגרינדעט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, מיט פייגל ביזבערג אַלע איינע פון די לערער. איך האָב זייער ליב געהאַט די קורסן. ס'זיינען מיר געווען צום

האַרצן די לעקציעס וועגן „מער־ווערט, פּראָפיטן און עקספּלואַטאַציע“. אָבער מיין בעל־הבית (וועלכער האָט מיין צייט אויסגענוצט אויף איבערצוקלייבן די קאַרטאָפל אין קעלער) איז דאָס ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט מיך געוואָרנט, אַז מיין יידישקייט שטייט אין געפאַר, און אַז דאָס גאַנצע לערנען מיינס איז אַרויסגעוואָרפן. און ווען דאָס וואָרענען מיך האָט אים ניט געהאָלפן, האָט ער, ווייזט אויס, זיך פאַרשטענדיקט מיט מיין פאָטער און ברידער, און אַלע צוזאַמען האָבן מיר פאַרבאָטן צו באַזוכן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

איך האָב זיך דאַן אָנגעשלאָסן אין דער ביבליאָטעק און זיך גענומען צום לייענען, מיט דער אָנווייזונג פון מיין שוועסטער אסתר, וועלכע ביכער איך זאָל לייענען און ווי אַזוי צו לייענען. די דיסקוסיעס נאָכן לייענען האָבן ביי מיר אַרויסגערופן אַ ווילן צו ווערן אַקטיו און העלפן דער ביבליאָטעק אין אַלע אירע אונטערנעמונגען. איך בין שפּעטער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג און זיך אָנגעשלאָסן אין דער דראַמאַטישער סעקציע. מיר האָבן אַרויסגערופן אַ רעזשיסער פון צייט צו צייט. רעדנער פלעגן קומען און האַלטן לעקציעס איבער ליטעראַרישע ענינים. מיר פלעגן אויך אַמאָל אַראָפּברענגען אַ טרופּע און געבן עטלעכע פאָרשטעלונגען. דאָס שטעטל האָט געלעבט קולטורעל און געזעלשאַפטלעך. פּאָליטיש פלעגט מען קעמפן איינער קעגן צווייטן, אָבער דאָס שטעטל האָבן מיר אַלע ליב געהאַט. דער פּרעסטיזש פון סטשעגאָווע איז געוואָקסן און מיר האָבן שטאָלצירט דערמיט. פון צייט צו צייט פלעגן מיר קריגן טעאַטראַלישע הילף פון דרויסן. ניסנצווייג, פון יאנאס טורקאָווס טרופּע האָט מיט אונדז רעזשיסירט. אַרעק גרינבערג, ישעה קשעסלא און ליכטנשטיין האָבן מיטגעשפּילט.

מיר האָבן געלעבט און שטאָלצירט מיט אונדזער שטעטל סטשעגאָווע, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט 2 חלוצים־אָרגאַניזאַציעס — החלוץ המזרחי און החלוץ הכללי — אַ קאָמיטעט פון קרן־קימת און קרן־היסוד. ס׳איז ניט געווען קיין פרייע צייט. יעדע מינוט איז געוואָרן אויסגענוצט לטובת דער אָדער יענער אָרגאַניזאַציע, ביז ס׳איז פאַר מיר געקומען די צייט ווען איך האָב זיך געמוזט שיידן מיט דעם ליבן שטעטל אויף אייביק. דער סימבאָל פונעם יידן מיטן שטעקן אין האַנט און די טראַדיציע פון „לך־לך מארצך“ האָט אויך מיך דערגרייכט און איך האָב פאַרלאָזט מיין שטעטל און פּוילן, צו אויסמיידן מיליטער־דינסט, און בין זיך צוזאַמענגעקומען מיט מיין פאַמיליע אין אַמעריקע, לכתחילה אין קובא, וואו איך האָב פאַרבראַכט אַן ערך זעקס יאָר און ענדלעך בין איך אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו איך האָב זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן מיט מיינע ליבע סטשעגאָווער לאַנדסלייט און יוגנט־חברים. דער בונד מיט זיי איז באַזונדער פאַרשטאַרקט געוואָרן אין די לעצטע פאָר יאָר, נאָך דעם גרויסן חורבן, ווען אויף דער איניציאַטיוו פון אונדזער אַלעמענס באַליבטער פייגל ביזבערג (יוקלסאָן) האָבן מיר אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געשאַפן די מעגלעכקייט אָנצוהאַלטן קאָנטאַקט איינער מיטן צווייטן, און מיט דער הילף און אומדערמידלעכער אַרבעט פון פייגל׳ס מאַן, אונדזער אַלעמענס געשעצטער און „אַדאָפּטירטער“ לאַנדסמאַן, ראובן יוקלסאָן, וועט פאַראייביקט ווערן אין אַ בוך די געשיכטע פון אונדזער אומפאַרגעסלעך באַליבט שטעטל סטשעגאָווע, פון איר יידישער קהלה און פון איר לעבן — וואָס זיינען אָפּגעווישט געוואָרן אין דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, ווען זעקס מיליאָן יידן זיינען דורך די היטלעריסטישע רוצחים אומגעבראַכט געוואָרן.

## אַלבערט (אברהם־מאיר) באַלנאַ (פילאַדעלפיע)

# מיין געבורט־שטעטל

זינט 1923 בין איך אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, אָבער מיין געבורט־שטעטל סטשעגאָווע (וואָס איז, אין דער קאַטאַסטראָפע, וואָס דער היטלעריזם האָט געבראַכט אויף דער וועלט און באַזונדער פאַר דעם פוילישן יידנטום, אָפּגעווישט געוואָרן אַלס אַ יידיש שטעטל פון דעם פּנים פון דער ערד) — געדענק איך זייער גוט. איבערהויפּט געדענקען זיך מיינע קינדער־יאָרן און יוגנט אין סטשעגאָווע.

די דערוואַכונג פון דעם אַרבעטער און פויער אין פוילן, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד אונטער דער צעפוילטער הערשאַפט פון דעם צאַריזם, אין דעם אָנהויב פון הייַנטיקן יאָרהונדערט — צווישן 1905 און 1910 — האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אונדזער שטעטעלע. בעת דער עלטערער דור פון אונדזער קליינעם יידישן קיבוץ איז געווען פאַרטאָן אין עבודת־הבורא און אין דער ניי־אויפגעקומענער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט די יוגנט — אַלנפאַלס אַ טייל פון איר — אָנגעהויבן אויפנעמען די נייע טענער, וואָס האָבן זיך דערטראָגן. אפילו אַכט־ניין־יעריקע אָרעמע קינדער, וואָס זיינען געווען אין דער לערע ביי פאַרשיידענע מלאכות, האָבן, דאַכט זיך, אָנגעהויבן דערפילן די פאַראַנטוואָרטלעכקייטן פונעם לעבן . . .

די יידישע יוגנט האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּאָליטישע און קולטור־פאַראיינען, אויס־שרייבן צייטונגען, און לידער פון מאָריס ווינטשעווסקי, פרץ און באָוושאָווער זיינען געזונגען געוואָרן פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט און דערוואַכטער אינטעליגענץ. אַ שטראַל פון האָפענונג און דערמוטיקונג האָט זיך אַריינגעריסן אין די רייען פון דער אָרעמשאַפט, פון די וואָס האָבן געליטן דחקות . . .

עס געדענקט זיך, ווי סטראַזשניקעס מיט הוילע שווערדן פלעגן אָפט „אָפּשטאַטן וויזיטן" אין בית־המדרש בשעתן דאַווענען, צו זען אויב מען שמוגלט דאָ ניט אַריין קיין „קראַמאָלע" . . . ווען דער חזן, ר' ישׂראל ראָזן, פלעגט מאַכן דעם מי־שברך דעם קיסר און דערמאָנען „ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש, ירום הודו", האָבן די סטרזאַשניקעס מיט די הוילע שווערדן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די תפילה ניט מער ווי אַ הון אין „בני־אדם", זיך אַרומגעקוקט און אָפט זיך אָפּגעשלאָגן אין די חוזק־בליקן פון די שוסטערס און שניידערס און אַנדערע, וועלכע זיינען קנאַפּ־וואָס געווען פאַרליבט אין די פאַראַנדקעס אונטער דעם צאַריזם.

שווער איז געווען דאָס לעבן פאַר די אָרעמע שיכטן. און אונדזער הויז איז ניט געווען קיין אויסנאַם. מיין טאַטע יעקב־יצחק איז געווען אַ שוסטער. זיין גאַנצער ווערקשטאַט איז באַשטאַנען פון אַ קליין, נידעריק טישל, אַ בענקל אויף דריי פיסלעך, אַ האַמער, אַ צווענגל, אַ שפּולאַרד, אַ קיילעכדיקער שטיין אויף אויסצוקלאַפּן די זוילן און נאָך אַ פּאָר קלייניקייטן — און אַ קער־ראָסין־לאָמפּ. ביי דער קעראָסין־לאָמפּ איז אויסגעקומען מיין טאַטן צו אַרבעטן שפּעט אין אָוונט — 6 טעג אַ וואָך — און ס'איז קיינמאָל ניט געווען קיין געלט איינצוקויפן אויף שבת.

אין 1910 איז מיין טאַטע אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. מיין מאַמע פייגע איז געבליבן מיט דריי פיצלעך קינדער אָן מיטלען. ביז וואָס־ווען איז אונטערגעקומען די ערשטע וועלט־מלחמה און די פאַרבינדונגען מיטן טאַטן איז איבערגעריסן געוואָרן און צוזאַמען מיט דעם — אונדזערע האָפענונגען. נויט, הונגער, קעלט און עלנט האָבן געצוואונגען מיין מאַמען, אין עלטער פון 31 יאָר, זיך איינשפּאַנען אין שווערער אַרבעט צו האָדעווען די קינדער. וואַשן וועש, קאַלכן פרעמדע הייזער, טראָגן ווייסע זאַמד פאַר די דילן אין די פאַרמעגלעכערע הייזער. דער 9־יאָריקער יוסף־פייוול — דער עלטסטער פון די דריי קינדער — איז „דערהויבן געוואָרן" צו ווערן דער אויפ־זעער אויף זיינע 2 ייִנגערע ברידערלעך (איך — דער ייִנגסטער) און אפילו קאָכן פאַר זיי און זיי האָדעווען דורכן טאָג ווען די מאַמע איז אַוועק אַרבעטן אין פרעמדע היימען. אָפט פלעגט די מאַמע פון איר מאָלצייט אָפּשפּאָרן אַ ריפּטל ברויט, עס אַריינלייגן אין איר בלוזקע און

ברענגען אַהיים פאַר די קינדער. אין די גרעסטע היצן ווי אין די ביטערסטע קעלטן אום ווינ־טער, פלעגט מיין מאַמע אַרבעטן ביז 10 ביינאַכט און אויפשטיין אַרום 4 אַזייגער פאַרטאָג.

פאַרדינט האָט זי, דורך איר איבערנאַטירלעכער פּראַצע, צו דערנערן די קינדער. אויף שבת, געדענק איך, פלעגט די מאַמע איינקויפן ליכט צום בענטשן, אַ חלה, אַ קליין הינדל, צוויי לויט צוקערלעך צו דער טיי און דער פעטער הענעך פלעגט אונדז באַזאָרגן מיט פיש.

עס דערמאָנען זיך די חדר־יאָרן, ווען איך האָב "געגעסן טעג" ביי פרעמדע טישן, יעדן טאָג אין אַן אַנדער הויז. דינסטיק און דאָנערשטיק זיינען געווען מיינע בעסטע טעג פון דער וואָך. דינסטיק — ביי צערקע סטאַוויצקי. זי האָט פאַרשטאַנען מיינע הונגעריקע אויגן און האָט מיך געזעצט מיט אירע קינדער פּינחס און בערל. דאָ איז געווען פריילעך און ס'איז מיר געווען גוט. דריי גוטע מאָלצייטן פלעג איך האָבן ביי ר' איטשע־מאיר פּיאַטריקאָווסקין. איבערהויפּט האָט מיך צוגעזען שרה סאָלאָווניק, מענדל דעם מלמדס טאָכטער, וועלכע האָט דאָרט געאַרבעט. זי האָט מיר שטענדיק אונטערגעטראָגן נאָך און נאָך צום עסן, ביז זי האָט געזען אין מיינע אויגן, אַז זיי זיינען זאַט.

און אַוודאי קאָן איך ניט פאַרגעסן, צווישן מיינע גוטע טעג, ביי שרה־וויטען, אהרן דעם קצבס (ביזבערג). זי איז באמת געווען מיין צווייטע מאַמע. און דאָרט אין הויז האָב איך זיך פאַראינטערעסירט ווען פייגע האָט געגעבן מיין ברודער יוסף־פּייוולען די ערשטע לעקציעס אין יידיש און דייטש.

*
**

אָט אַזוי זיינען יאָרן געלאָפן. די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט. דאָס רוסישע פאָלק האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר. פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק. די האַלערטשיקעס האָבן אָנ־געהויבן בושעווען און פּאַגראָמירן יידן און סתם זיך איזדעקעווען. עס דערמאָנט זיך דער בלבול, וואָס די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע מיליטער־לייט האָבן געמאַכט אויף מיין פעטער הענעך, אַז ער האָט געגנבעט זייערן אַ פערד און מ'האָט אים אַוועקגעשלעפּט אין אַ וואַלד אים הענגען, און די פּעטליע איז שוין געווען אויף זיין האַלדז — און ווי אַזוי ער איז אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט געוואָרן (אָט־די געשיכטע ווערט, אגב, דערציילט אין דעם בוך אין אַן אַנדער פּלאַץ).

עס געדענקט זיך אויך אַן עפּיזאָד. ווען די ראַדיאָ האָט געבראַכט די נייעס, אַז די רויטע אַרמיי מאַרשירט, וואָס האָט ביי אַ סך אַ שטראַל פון האָפענונג דערוועקט, איז מיין טייערע, ערלעכע מומע אסתר געווען אויף איר טויטן־בעט. זי האָט געעפנט אירע ליכטיקע אויגן, אָנ־געכאַפּט מיין האַנט ווי זיך צו שטאַרקן, און האָט מיט אירע לעצטע כוחות אַרויסגעזאָגט: "גאָט צו דאַנק, אַז איך האָב עס דערלעבט צו הערן! זאָל זיי גאָט געבן קראַפט צו גיין פון זיג צו זיג!"

און קורץ דערנאָך האָט זי איר נשמה אויסגעהויכט . . . מיר וועלן זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אין 1923 איז מיין מאַמע מיט צוויי זין (דער יינגסטער איז געשטאָרבן, ווייל ס'האָט געפעלט אַ דאָקטאָר, מעדיצין און נאַרונג אים צו ראַטעווען) — געקומען קיין אַמעריקע.

גרויסע ענדערונגען זיינען אין די יאָרן פאָרגעקומען אויף דער וועלט. נאָך אַ מוראדיקע מלחמה, וואָס דער בלוט־דורשטיקער מערדער היטלער האָט אָנגעצונדן, האָט חרוב געמאַכט לענדער און אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יידן. אין אָט־דער קאַטאַסטראָפע איז כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום פון העכער 3 מיליאָן נפשות אויסגעראָטן און פאַרטיליקט געוואָרן, כמעט אַלע יידישע שטעטלעך זיינען אָפּגעווישט געוואָרן, און צוזאַמען מיט זיי אונדזער שטעטעלע סטשעגאָווע און דער גאַנצער סטשעגאָווער יידישער קיבוץ.

שליס איך זיך אָן אין דעם אַלגעמיינעם טרויער אויף אונדזער גרויסן בראָך און דריק־אויס מיין אנערקענונג און אַכטונג צו אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן, דורך אונדזער פאַר־אייניקטן סטשעגאָווער רעליף־קאָמיטעט, מעגלעך געמאַכט אַרויסצוגעבן אָט־דעם יזכור־בוך אַלס אַ באַשיידענעם מאָנומענט און אייביקן אָנדענק פון סטשעגאָווע און די אויפגעהאַנגענע און אין קרעמאַטאָריעס פאַרגאַזטע הונדערטער נפשות פון אונדזער סטשעגאָווער קיבוץ, וואָס איז אָפּ־געווישט געוואָרן.

מיר וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

## פייגל ביזבערג־יוקלסאָן

# די סטשעגאָווער קעמפּיסקא

כּמעט יעדער שטעטל אין פּוילן האָט פאַרמאָגט אַ נאַטור־רייך אָרט, וואָס האָט באַזונדערס געלאָקט און געצויבערט די יוגנט. סטשעגאָווע איז ניט געווען קיין אויסנאַם. סטשעגאָווע האָט פאַרמאָגט אַ „קעמפּיסקא“, וואָס איז געווען אַ נאַטור־אוצר פאַר אונדזער יידישער יוגנט.

די קעמפּיסקא, וועלכע איז געווען אַ האַלבן מייל פון דעם שטעטל, איז באַשטאַנען פון בערג, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט פאַרשיידענע ביימער און צופוסנס טאָלן, אין וועלכע עס זיינען געוואַקסן קוסטעס מיט בלומען און דורך די טאָלן האָט זיך דורכגעשניטן אַ טייך — דער אָפּפלוס פון דער זשאָלדוואָוקע — אַ קרישטאַל־לויטערער טייך. דער טייך האָט ניט נאָר צוגעגעבן אַ דערפרישנדיקע שיינקייט און כּישוף צו דעם פּלאַץ, נאָר האָט אויך געדינט פאַר דער באַפעלקערונג פון דעם שטעטל זיך צום באָדן. מענער האָבן זיך געבאָדן אויף איין זייט און פרויען אויף אַ צווייטער. די מחיצה צווישן איז באַשטאַנען פון קוסטעס ביימער. די פרויען פלעגן זיך באָדן אין נאַכט־העמדער און די מענער נאַקטערהייט. ווען אַ מאַן האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט — בכּיוון, צי על־פּי טעות — צו די פרויען, האָבן מיידלשע קולות אַלאַרמירט דעם גאַנצן אַרום; קולות, פון נאַאיווער צניעותדיקייט און פון אויפגעברויזטע עמאָציעס . . . ווינטער האָט אין דעם טייך זיך געבאָדן ר׳ אַברהם־יצחק ראָזענבערג, דער שוחט, ז״ל. ער פלעגט אויסהאַקן אַ לאָך אין אייז (אַ „שטשערעמבעל“) און זיך אָפּטובלען. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער.

צווישן די פּרעכטיקע נאַטור־אייגנשאַפטן האָט די קעמפּיסקא פאַרמאָגט אַן עלעמענט, וואָס איז געווען באַזונדער טייער ביי אונדזערע מאַמעס. דאָס איז געווען די ווייסע זאַמד, מיט וועלכער מען פלעגט באַשיטן די פּאָדלאָגעס אין די שטיבער לכּבוד שבּת און יום־טוב, אָדער ווען מען האָט דערוואַרט געסט. קינדער פלעגן זיך אַוועקלאָזן מיט זעקלעך און שפּאָדלעס צו דער קעמפּיסקא צו גראָבן זאַמד און ברענגען אַהיים. מערקווירדיק, אַז וואָס טיפער מען האָט געגראָבן, אַלץ ווייסערע זאַמד האָט זיך באַוויזן.

די קעמפּיסקא איז דער עיקר געווען אַ לאָקנדיקער זאַמל־פּונקט פאַר דער ראָמאַנטישער און שטודירנדיקער יוגנט און פאַר איר אינטעליגענץ. איך געדענק פּערזענלעכע מאָמענטן, ווען איך האָב איבערגעלייענט אַ בוך, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און איך האָב געזוכט אַ געלעגנהייט צו טיילן זיך מיט די איינדרוקן, פלעג איך מיטנעמען עמעצן פון מיינע חברטעס, מערסטנס שיינטשע דעם שוחטס, און זיך אַוועקגעלאָזט צו דער קעמפּיסקא דעם בוך צו פאַנאַנדערגלידערן און דיסקוסירן. עס געדענקט זיך, למשל, אַז ווען איך בין שוין געווען „געכאַפּט פון דער מעשׂה“ — איך האָב דעמאָלט באַלאַנגט צום „יוגנט־בונד“ — האָבן מיר, אַ חבֿרה יוגנטלעכע, דאָרט געפייערט דעם ערשטן מאַי. די פייערונג איז באַשטאַנען פון אַ פאָרלעזונג וועגן דער באַדייטונג פון אָט־דעם אַרבעטער־יום־טובֿ מיט אויסצוגן פון קאַרל מאַרקס.

עס דערמאָנט זיך, אַז ס׳איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו גיין אין דער קעמפּיסקא מיט אַ בחור, האָט מיך באַהערשט אַ מורא, אַז דער צויבער פון דער נאַטור זאָל ניט גובֿר זיין מיין פּראָווינציעלע שעמעוודיקייט, כאָטש פאַר „ראַנדטקעס“ פון דער יוגנט איז געווען נאָך זייער אַ שיינער פּלאַץ אין סטשעגאָווע, און דאָס איז דער גרויסער סאָד, וואָס איז געווען אַ טייל פון דעם דייטשישן הויף. אין דעם סאָד זיינען געוואַקסן פאַרשיידענע מינים פרוכטן און בלומען — יעדע אַלייע האָט געהאַט אירע באַזונדערע פרוכט־ביימער און בלומען־קלאָמבן און דעריבער אַן אייגנאַרטיקן רייץ פאַר די „ראַנדטקעס“.

דאָ, ווי אין דער קעמפּיסקא, איז די יוגנט ווי פון אַ זיסן חלום, אַרומגענומען געוואָרן פון

ראָמאַנטישע עמאָציעס, וואָס זיינען פאַר אַ טייל פון איר נאָך אפשר ניט געווען אינגאַנצן פאַרשטענדלעך.

***

אָ, קעמפּיסקא, טייערע! אונדזערע שענסטע מאָמענטן פון אונדזער יוגנט זיינען געווען דורכגעפלאָכטן מיט דיר. און איצט, ווען מיר זאָגן יזכור נאָך אונדזער סטשעגאָווע, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ, לאָזן מיר אויך אַ טרער אין דיין אָנדענק.

## סטשעגאָווער יוגנט אין דער קעמפּיסקאָ



אַחוץ די ערשטע פון רעכטס — שיינדל סטאָוויצקי, וועלכע לעבט אין אַמעריקע, זיינען די אַנדערע פיר אומגעקומען אין די קרעמאַטאָריעס.

## יצחק טנדיצ'רזש

# זכרונות מחיי הקהלה סטשגובה

זה היה בחורף 1917. רוח קרירה ושלג חזק יורד ומכסה את הכל, ועל החלונות כל מיני פרחים וציורים משכבת הקרח שעליהם. מאתנו שעומדים ליד התנור להתחמם, ופתאום נפתחה הדלת בדירתנו ונכנס המורה נחמן קורן, מורה בבית הספר הממשלתי, ופונה לאחי אברהמ'שע בצהלה, במלים: „שמעת? קבלנו את ארץ־ישראל! יש לנו „הצהרת בלפור!" אז הייתי צעיר וראיתי בעיני כל שומעיו דמע מגיל, וחשבתי בלבי: „גם לנו תהיה ארץ."

ובאותו מעמד תכנו לסדר אסיפת־עם בבית הכנסת. חיש מהר התפשטה השמועה בעיירתנו וכל בני העיירה לקחו חבל בחגיגה זו. הנואמים היו הציונים. אחי אברהם תיבל את נאומו במאמרי חז"ל ובנביאים. הנאום הזה עורר התנגדות מצד חוגי החרדים ומתנגדי הציונות, שהיו אז — ה„בונד".

מפלגת ה„בונד" היתה אז בימי פריחתה ושגשוגה. הרבה מהכחות האינטלקטואלים השתייכו ל„בונד". ספריה גדולה לתפארת לרשותם, התקיימו במפלגתם שעורי־ערב, הרצאות ולמודים לכל ענפי הסוציאליזים. בין המנהיגות של ה„בונד" היו ממשפחות: בייבוג, גולדברג, וילגולסקי, תמר איידליץ, שפירה ואחרים, שכמו כן הניחו היסוד לספריה עירונית, שאחרי זמן־מה עברה לידי הציונים.

לסטשגובה באו אנשים מורשה בימות הקיץ לנוח אצלנו, מחמת האויר, הנוף והנהר שבעיירתנו לא רחוק מהעיירה ב„קמפיסקה", ששייך היה לר' יצחק־מאיר פיטרוקובסקי. המקום הזה היווה מרכז לאסיפות חשאיות, לשעשועים ולבילוי הזמן ילשחיה בנהר שלרגלי ההר. בגלל השתייכות המקום ליהודי, פחדנו סר בהיותנו שם. כל עבודה פוליטית, בלתי־לגלית (אז), סודרה ב„קמפיסקה" הנ"ל. וכמובן, לחבריה הצעירה הגישה אסורה היתה בזמנים כאלה, אבל, מי שם לב לזאת! רצנו אחריהם והשתתפנו בלימוד השירים ובמשחקים. זכור לי, בין השירים שרו אז ברתת את ההימנון הבין־לאומי. בזמנים מאוחרים יותר היה ה„קמפיסקה" המקום למשחק כדור־רגל וגם למשחק קלפים, וכו'.

השיעורים וההרצאות ממפלגת ה„בונד" התקיימו, כאמור, במקום הזה הנוח ביותר, או מחמת פחד מעין הרע, או מהשלטון, או מפחד ההורים, שהתנגדו לתנועתם. השפעת ה„בונד" היתה ניכרת יותר לעומת השפעת מפלגת המזרחי.

אחרי שוותיקי מפלגת ה„בונד" נסעו לאמריקה, או למקומות אחרים, באו כחות חדשים, צעירים.

בזמן ההוא יסדו את ההסתדרות הציונית בשם „התחיה". בין המיסדים הראשונים היו משה גולדשלק, המתגורר עתה בארה"ב, ומלכה פיטרוקובסקי (שנצלה מידי הנאצים ונמצאת עתה בישראל) ובנות זיסקינד, ואחרים. אז נהלו תעמולה ציונית ושעורים עבריים, ותפסו מקומם של ה„בונד". לא ארך זאת זמן רב וחל פרוד, והיה כלא היה. אבל הגרעין שנזרע צמח אחרי זמן, משהתבגר הדור הצעיר.

גם בבית־המדרש התחיל לפעם הרעיון הציוני, והדור הזקן הרגיש בזה וסיים ברדיפות וגזירות שונות על חובשי בית המדרש הצעירים והמקום נעשה צר, ואז יצאו למרחב להשתתף בכל פעולה ציונית. בחורים אלו יסדו את „החלוץ המזרחי" בסטשגובה. זו היא התחלת הציונות הפומבית עם הגמרא בצד.

זכרוני, שבשנת 1924, עם פתיחת האוניברסיטה בירושלים, סודר על ידי „החלוץ המזרחי" חגיגה פומבית עם תהלוכה בדגלים לאומיים. זו הפעם הראשונה שראו בני־עיירתנו חגיגה מעין זו. נשתלמה החגיגה בבית הכנסת. הרושם היה כביר ונתווספו חברים חדשים למפלגה. ובכל זאת גברה ההתנגדות מצד הדור הישן, שראה בזאת אפיקורסות . . .

כדאי להזכיר כאן את העזת הצעירים ממפלגת „החלוץ המזרחי" עם יציאת מקצת מחבריהם להכשרה חקלאית בסקוטשקובה, על־יד רטשוינז. כמו כן, בעת מלחמת הבחירות לפרלמנט הפולני, לקחו חבל פעיל. סבלו הם ביותר ממלחמת האבות והבנים. בשורת המאורעות בארץ־ישראל בשנת 1929, זעזע את ישובנו בכלל ובפרט. לא רק שמחות אפפו אותם. לעולם לא אשכח את השמחה הגדולה בזמן שר' אליעזר גיפס ומשפחתו עלו לארץ־ישראל. היה זה חג ומאורע גדול בעיירתנו. כל בני העיר באו ללוות אותם. גם הפולנים, יושבי העיירה, ובראשם הכומר והאצילים. כל כלי־הרכב גויסו עם זרי־פרחים ודגלי תכלת־לבן. על סוס לבן רכב ר' אברהם־בינם מרגולין, איש משכיל, ציוני ותיק (אחד מאלו שנתלו ע"י הנצים, הי"ד). הרקודים באמצע העיר היו יחד עם שכנינו הפולניים. בהפרד הר' אליעזר גיפס מ„החלוץ המזרחי" בחורשה מחוץ לעיירה, מסר למזכיר לירה סמלית, בתנאי, מי שיעלה הראשון לארץ־ישראל, יקבלה. ואמנם, שלמה סקאווראן עלה הראשון ארצה, ובנשף הפרידה תנאו של ר' אליעזר גיפס נתקיים.

הוזר אני על האי־נעימות, שהיתה במלחמה הפוליטית עם זקני־העיר, ובפרט עם אלה שלמדו אותנו פרק בהלכה, כי בעת שלמדנו בבית המדרש נאמרו שעורי־תלמוד והמפרשים על־ידי אלה זקני הדור. וגם סכסוכים פנימיים עם החלוץ הכללי, שהופיע עם ססמאותיו, שמשכו חברות לשורותיהם, ובניגוד להחלוץ המזרחי. וכמובן, שזה גרם לסכסוכים פנימיים והיתה מחלוקת לשם שמים, בין ההסתדרויות.

בחגים סודר על־ידי ההסתדרויות מנינים מיוחדים וכל זאת, בכדי לזכות להכנסה יותר גדולה לטובת הקרנות. עם כל זאת האמור לעיל וכל שלא הוזכר כאן, לא בא בנקל למארגנים וכל המודאגים לחיים חדשים לחדור לכל שטחי החיים. מעיירתנו נשלח, באופן יחסי, הרבה כספים לטובת הקרנות, וגם זאת לא בכדי בא לנו, כי מהתחלת הכנסת הקופסה הכחולה לכל בית, והורקתה אך ורק על ידי עבודה רצינית ומסירת נפש השגנו זאת. כמו כן סודרו הצגות ונשפי־חגיגה בהשתתפותם של כל חברי התנועה הציונית.

גם תנועה ציונית כללית התארגנה מתוך שתוף מלא עם הנוער, כי ההתקנאות גרמה להחיאת כל הנרדמים בעיירתנו, ואותם המקומות, ששמעו וקלטו כל מיני שירים, החלו להאזין לשירים חדשים והדים אחרים. מהמבוגרים, שזכרו הימים שעברו, שמענו לא פעם שכעת מפכים חיים נצחיים.

ההסתדרויות הציוניות סדרו במוצאי־שבתות נשף, הקרוי „קעסטל־אָוונט", שבו השתתפו חברי כל המפלגות. ולא פעם קרה, שהמצב היה מתוח וסוער בשאלות מפלגתיות, אבל קנאת־סופרים תרבה חכמה. גם מפלגת פועלי־ציון ימינית ושמאלית, מאורגנים היו כדבעי, ופעולתם ראויה לשבח.

כמו בין כל לומדי תלמוד התארגנו גם בסטשגובה „בחורי לומדי דף־היומי". אף־על־פי שרובם השתייכו לפועל המזרחי, ומתוך כך הודק קשר־אמיץ עם כל אלה שדבר־תורה יקר להם. גם הם לקחו חלק פעיל בכל עבודת הציונית, והודות להסתדרויות הללו נשארו מהם אחדים ונמצאים כיום בין החיים בישראל.

*
**

סוף אדם — הוא סוף־כל־סוף למות, ואין כל יד אכזרית לטשטש את העבר. אולם ברשותו של מי היד האכזרית הנצית עקרה חייהם של אלה, שרשמיהם ישארו בזכרוננו ובזכרונות הדורות הבאים לעד ?

השורות האלו יהיו אות כבוד לקהלת סטשגובה שנהרסה, ובמקום המצבה שאין לנו איפה להעמידה לזכרון. כי אפרם רק השמים מכסם, נשא בלבנו את זכרונם יחד עם חמתנו, זעמנו וקללותנו לנצים שתשיגם ותרדפם עד השמדתם.

יוסף רוזנברג

# והיה כי ישאלך בנך לאמר: מה זאת?

בנינו היקרים! תתפלאו לפעמים על העובדא המוזרה, שבין הספרים הנמצאים בעקד־הספרים מושך לב הוריכם תכופות, לספר, אשר אולי גם את שפתו לא תבינו, ודוקא הספר הזה עושה רושם עז עליהם, דמעות רותחות זולגים מעיניהם ומסעיר לבבם. והננו להסביר לכם הסבה וגם הקשר שלכם, עם תוכנו של ספר־הדמע הזה.

הבחנתם בודאי בתופעה עגומה, שמעט מחבריכם בישראל, סבים וסבות להם, הכי חשבתם על הסבה שבתופעה זו? בספר הזה, שתוכנו מאד, מאד עגום, יש תשובה למחשבתיכם.

בפולין, שבה התרכזה האוכלוסיה היהודית הגדולה בכמות ובאיכות, על מאות, רבות קהילותיה, ובכל אחת מהן תססה חיים־צבוריים פוריים לכל גווניה — תורנית, מדעית וספרותית — אחת מהן היתה עיירת מולדתנו, ושמה סטשגובה.

יהדות פולניה הזינה באיכותה הרוחנית את כל קבוצי־היהודים בכל ארצות ההגירה מעבר לים. אותה היהדות הצליחה לשמור על עצמאותה הרוחנית הצבורית, על אף כל הצרות והתלאות והנגישות הגסות מהעמים ששכנו אתם. וקויים בה: „כאשר יענו אותה, כן תרבה ותפרץ". וכל שנתרבו הצרות יותר נתהדדו האחריות והעזרות ההדדיות.

יהדות זו, על כל מוסדות החינוך, התרבות והעזרה הסוציאלית, על מאות ישיבותיה, בתי־ספר, גמנסיות, מוריה, סופריה, רבניה, עסקניה — אחרי קמילת יהדות רוסיה, היוותה המלאי הגדול והחזק לפעולה הציונית. גם ערישת הוריכם היתה שמה, נולדו, גדלו, חונכו וספגו היהדות והציונות, ומקורכם נמשך משם.

על אם דרך־מרכזית שבין מלבה ופלוצק, שזו גם הדרך המובילה לפרוסיה המזרחית, שכנה עיירתנו סטשגובה. צעירה היתה העיירה, עם כל צעירותה ספגה המעלות הטובות של יהדות הפולנית. אע"פ שלא היו בה המסורות של הקהלות המושרשות. ובמקום זה הרעננות הצעירה הוסיף לה לוית־חן.

קטנה היתה האוכלוסיה היהודית, אבל, קהלה בזעיר־אנפין, ממה שהיה בקהלות גדולות, כגון: בתי תפלה, מוסדות חינוך, מוסדות צבוריים, ספריות, מפלגות והכל במובן הטוב של המלה, וכל זאת הצליחה במשך שנים מועטות של קיומה.

חונך בה דור צעיר גאה, מפותח כראוי. הנוער חונך לאידיאלים — לחלוציות, לתנועות הפועלים שהיו בזמנה: ה„בונד", פועלי־ציון ולכל ענפיה, וכו'. מהם שאיפתם נתגשמה בארצות־הברית ובחלקי תבל אחרים וגם בארץ־ישראל.

אבל לצערנו הגדול והנורא, על רוב רובה של הקהלה היהודית בסטשגובה, נשפך חמת הצרים הצוררים, הנצים, ימח שמם וזכרם, יחד עם השמדת יהדות פולניה. וכמו שאר הקהלות הובלו למחנות ההשמדה, ששם הומתו בענוים אכזריים. וזה, על ידי עם שהתגאה עם שיאו הציבילזציוני, שהשיג שיא בנבלותו ובשפלותו.

בנינו היקרים! בספר הזה בו רשומים קורות הקהלה היהודית בסטשגובה, מעת הוסדה עד סופה הטרגי כנזכר לעיל. בו תקראו אודות היהודים, שחיו בה, וגם הסבים והסבות שלכם וקרוביכם, וכסופיהם שלא נתגשמו.

הספר הזה רובו נכתב בשפת אידית, שבה — אבותיכם ואבות־אבותיכם — נשמו ומלאו את כל חייהם. ועל כן תשתדלו לדעת ולהכיר את תכנו, והוריכם בודאי יהיו מעונינים להסבירכם מה המלה באוריגינל? מטת ספר היזכור הזה שנדפס בארה"ב ע"י בני עירינו והוצבה בזה מצבה לעולמים לקדושינו הטהורים.

והתוצאות שנשיג בזה הן: שלא ישכח זאת לדור דורות, ותספגו לדמכם את אשר עשה לנו העמלק הנצי, הפושע והמתועב, ושתזכרו את אלה שלא זכו להגשים רצוניהם ושאיפותיהם.

ובזה מקצת מתנחומינו.

# עקסהומאַציע און אַנדערע חורבן-בילדער פון סטשעגאָווע



שמות, אויפגעזאַמלט נאָכן חורבן און געבראַכט צו קבורה אויפן סטשעגאָווער בית־עלמין, דורך ישעיה מאַרגולין, 1948.









ביים אויסגראָבן די קערפּערס פון די געהאַנגענע אין קאַלווינס וועלדל.



פון רעכטס : אברהמל פּינקערט, פישל מייראַנץ, נתנאל פּלאט, ישעיה מאַרגולין אוןביינוש וויור — די לעבן־געבליבענע, וועלכע האָבן דורכגעפירט די עקס־הומאַציע פון די 20 געהאַנגענע סטשעגאָווער קדושים.





דער חרובער בית־המדרש פון סטשעגאָווע (אויבן) — פון אינעווייניק און (אונטן) פון דרויסן.

ביי דער אַרבעט פון דעם מאָנומענט אויף דעם ברו־דער־קבר פון די געהאַנגענע קדושים אויפן סטשע־גאָווער בית־עלמין. רעכטס : ישעיה מאַרגולין ; לינקס : אברהמל פּינקערט, יולי, 1944.



בן־ציון באַגען (תל־אביב)

# ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן

## במקום אַ הקדמה

אַ שוידערלעכער ציטער נעמט אַרום דעם קערפּער, דאָס בלוט אין די אָדערן ווערט פאַרגליווערט, שרייבנדיק און טראַכטנדיק וועגן די איבערלעבענישן פון די אַזוי שווערע און טרויעריקע מלחמה־יאָרן. עס שטייען פאַר די אויגן פּערזאָנען, וועלכע זיינען אַזוי נאָענט און טייער געוועזן. צוזאַמען געלערנט, צוזאַמען געאַרבעט און צוזאַמען געהאָפט דאָס אַלעס איבערצולעבן און עס אין פריידן צו דערציילן.

ליידער, איז קיינער פון זיי מער נישטאָ. אַלע זיינען אויף אַן אכזריותדיקן אופן אומגעקומען. „כולם נשא הרוח, כולם סחב החושך ואשאר רק אני לבדי“ (אַלע מיט דעם ווינט פאַרשוואונדן, אַלעמען האָט די פינצטערקייט פאַרשלעפּט און נאָר איך אַליין בין פאַרבליבן). פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געלעבט אין די מלחמה־יאָרן אין סטשעגאָווע זיינען בלויז דריי לעבן געבליבן: צוויי יינגלעך (יאבלאָנאָווסקי און פאביאן) און איך. (עס זיינען נאָך אייניקע געבליבן, וועלכע זיינען פון סטשעגאָווע, געהאַט אַנטלאָפן — טייל פון זיי קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד). אַלעס איז חרוב און פאַרניכטעט געוואָרן. ס׳איז נישטאָ קיין ווערטער, וואָס זאָל די מוראדיקע טראַגעדיע באַצייכענען. מען פלעגט אַמאָל, ווען אַ צרה האָט אַלעמען געטראָפן און קיינעם נישט אויסגעמיטן, באַצייכנען מיט די ווערטער: „אין בית אשר אין שם מת“; היינט מוז מען, ליידער, זאָגן: „אין בית אשר יש שם חי“. הונדערטער פאַמיליעס האָבן דאָרט געלעבט, פון וועלכע קיין איינציקע פערזאָן איז ניט געבליבן. שווער דערפון צו טראַכטן, נאָך שווערער צו שרייבן.

***

מען מוז זיך אָבער שטאַרקן, אום צו קאָנען דערציילן וועגן די ספּעציפישע באַדינגונגען פון סטשעגאָווער געטאָ־לעבן.

עס וואָלט ניט געוועזן ריכטיק פון מיין זייט, ווען איך זאָל די „בעסערע“ באַדינגונגען פון סטשעגאָווער געטאָ צושרייבן אויסשליסלעך דער איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש פון די סטשעגאָווער יידישע מנהיגים פון יענער תקופה. נישט נאָר די מנהיגים האָבן דערצו גורם געווען, נאָר די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט איר טייל בייגעטראָגן. יעדער יחיד אין שטעטל האָט מיטגעהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקאָנט, אונטער באַדינגונגען פון שטרענגער דיסציפּלין און דורכגעטראָגן מיט דער העכסטער אחריות. מיט שטאָלץ קאָנען מיר אונטערשטרייכן, אַז דורך דער גאַנצער צייט איז אין סטשעגאָווע נישט פאָרגעקומען קיין איינציקע מסירה צו דער מאַכט פון איין ייד אויפן אַנדערן. ווער עס קאָן די געשיכטע פון יידישן לעבן אין די געטאָס, ווייסט ווי אָפּצושאַצן דעם פאַקט, אַז עס איז נישט פאָרגעקומען קיין איין מסירה אָדער הלשנה. דאָס איז דער כבוד פון דעם סטשעגאָווער צבור.

און איר, געוועזענע געמיינדע־פאָרשטייער אין דער טרויעריקער תקופה: זייט מיר מוחל, וואָס כ׳האָב נאָר אַזוי ווייניק פּרטים באַשריבן וועגן אייערע ווערטפולע מעשים און מסירת־נפשדיקע טעטיקייטן ביים דערליידיקן די אַלע ענינים לטובת הכלל. אַזוי ווי ביי אָט־די אַלע העלדנטאַטן אייערע בין איך דאָך געוועזן מיטבאַטייליקט, האָב איך אויסגעמיטן פּערזענלעכן שבח צו אונטערשטרייכן.

איין זאַך מוז איך נאָר צוגעבן, בפני כל עם ועדה: אַזוי ווי ס׳זיינען דאָך דאָ פאַרשיידענע אָנקלאַגעס קעגן מאַנכע אַזוי־גערופענע „יודן־ראַטן“, נעם איך אויף זיך די דרייסטקייט צו דערקלערן, אַז אַלעס וואָס עס איז געטאָן געוואָרן אין סטשעגאָווע אין משך פון די שווערע מלחמה־יאָרן איז געווען מיט מיין הסכמה און אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און דאָס איז מיין שטאָלץ און פאַר דעם דאַנק איך גאָט, וואָס כ׳האָב דערצו זוכה געווען.

**ב. צ. ב.**

דער היסטאָרישער 1־טער סעפּטעמבער, 1939, פרייטאָג, 4 אַזייגער פאַרטאָג. דער מאָרגנשטערן פינקלט נאָך, די ערשטע זון־שטראַלן הויבן זיך אָן זורכשניידן און לאַנגזאַם פאַרשווינדט די פאַרטאָגיקע טונקלקייט.

דער טיפער שלאָף, אין וועלכן דאָס שטעטלע סטשעגאָווע איז פאַרזונגען, ווערט איבערגעריסן.

עפּעס ווייטע, מאָדנע קלאַנגען און דעטאָנאַציעס לאָזן זיך הערן. דאָ און דאָרט ווערן לאָדנס האַסטיק אויפגעפּראַלט, עס עפענען זיך פענצטער און מענטשן הויבן־אָן אַרויסשטעקן איבערגעשראָקענע קעפּ, הייפעלעך מענטשן הויבן זיך אָן צונויפזאַמלען, האַלב אָנגעטאָן, איבערראַשט. פון יעדן געזיכט קאָן מען אַראָפּלייענען דעם פּחד צוליב דעם ניט וויסן די באַדייטונג פון די קנאַלן, וואָס הערן זיך. יעדער זוכט אַן ענטפער, אַ דערקלערונג.

אייניקע זאָגן: דאָס זיינען מסתמא דונערן, וואָס זייער אָפּקלאַנג הערט זיך פון ווייט.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? — רייסן איבער אַנדערע. — דער הימל איז דאָך קלאָר, קיין סימן פון וואָלקנס, דער האָריזאָנט איז העל און ליכטיק. דאָס קאָנען נישט זיין קיין אָפּקלאַנגען פון דונערן! אָבער בכדי זיך אַליין צו טרייסטן פּרואוון אַנדערע זיך איינצורעדן, אַז דאָס זיינען נאָר מיליטערישע איבונגען . . . אַזוי האָט די באַפעלקערונג געפּרואווט מיט אַלערליי איינרע־דענישן פאַרטרייבן פון זיך דעם גרויל פון דעם שרעקנספולן וואָרט: „מלחמה“!

די קנאַלן, וועלכע קומען פון גאַנץ ווייט, ווערן אַלץ העכער און עפּטער, און דער פּחד ווערט פון מינוט צו מינוט אַלץ גרעסער. בעת דער עולם איז נאָך געשטאַנען און דיסקוטירט די באַ־דייטונג פון די קנאַלן, זיינען שוין אָנגעקומען די ערשטע אויטאָס מיט מענטשן — אַנטלאָפענע פון מלאַווע, וועלכע האָבן איבערגעגעבן די שוידערלעכע ידיעה, אַז מלחמה האָט אויסגעבראָכן; אַז מלאַווע איז שוין באַשאָסן געוואָרן פון דייטשער לופט־וואָפע און שווערער אַרטילעריע.

דער ערשטער קרבן, וואָס איז געפאַלן אין מלאַווע, איז געווען דער ייד זילבערבערג. דאָס איז געווען אַ סימבאָלישער צייכן, אַז אין אָט־דער מוראדיקער מלחמה וועט דער ייד אַממייסטן ליידן . . .

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די פּאַניק, וואָס האָט באַהערשט דאָס גאַנצע שטעטעלע.

כאָטש ס׳איז געווען פרייטאָג, ווען יידישע באַלעבאָסטעס פלעגן זיין אַזוי פאַרנומען מיט דעם „שבת־מאַכן“, — זיינען אָבער דאָס מאָל אַלע אַנדערע זאַכן פאַרגעסן געוואָרן; מענטשן זיינען געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט און טיפע זיפצן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון יעדנס האַרץ.

די בהלה ווערט וואָס אַמאָל גרעסער. יעדער אויטאָ מיט פּליטים פון מלאַווע און אומ־געגנט האָט די פּאַניק פאַרגרעסערט. ס׳האָבן זיך דאָך געפונען אָפּטימיסטן, וועלכע האָבן אָנ־געהויבן באַרואיקן און אויפקלערן, אַז ביי יעדער אומדערוואַרטער געשעעניש זיינען פאַראַן „פּאַניק־מאַכער“, פּחדנים, וועלכע ווילן נישט זיין איינזאַם אין זייער שרעק און באַמיען זיך זי צו פאַרשפּרייטן צווישן דעם קרייז אַרום.

— אין אמתן איז זיך נישטאָ וואָס אַזוי שטאַרק צו שרעקן. די פּוילישע אַרמיי איז גענוג שטאַרק צו קאָנען דורכברעכן די דייטשע ליניעס, אַזוי אַז דער קאַמף וועט זיך אָפּשפּילן אויף דער דייטשער טעריטאָריע, — האָבן די באַרואיקער געפּרואווט איינצו׳טענה׳ן און זיך אַליין איינרעדן. דער לאָזונג פון שמיגלי־רידז: „נאַוועט גודזינקא ניע דאַמי“ (מיר וועלן אפילו קיין קנעפּל ניט אַוועקגעבן), וועט הונדערט־פּראָצענטיק רעאַליזירט ווערן. והראיה: נאָר געציילטע אויטאָס מיט אַנטלאָפענע זיינען פון מלאַווע אָנגעקומען!

אויף אַ מאָמענט האָט זיך דער עולם אַביסל באַרואיקט. די כּרויען האָבן זיך גענומען צו זייער אַרבעט: „סטייטש, ס׳איז דאָך ערב שבת!“ די מענער — יידן און קריסטן — האָבן אָנגעהויבן אויספירן די פאַראָרדענונגען פון דער מיליטערישער מאַכט, וועלכע האָט דערווייל שוין אי־בערגענומען די שטאָט־פאַרוואַלטונג און אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע באַפעלן — צווישן אַנדערע — צו גראָבן שוץ־גראָבנס קעגן באָמבערס. מיר האָבן אַלע פלייסיק די שוץ־קעלערס געגראָבן און בשעת מעשה נישט פאַרשטאַנען ווי לעכערלעך עס איז צו מיינען, אַז דאָס איז אַ גענוגנדיקע אויסבאַהאַלטונג קעגן לופט־אָנגריף.

פרייטאָג נאָכמיטאָג האָט זיך די פּאַניק פאַרשטאַרקט. דאָס אַנטלויפן פון מלאַווע האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. די צאָל אָנגעקומענע קיין סטשעגאָווע איז כסדר געוואָקסן און

עס איז אַנטשטאַנען די פּראָבלעם פון איינקוואַרטירן די אָנגעקומענע און זיי באַזאָרגן כאָטש מיט דעם נויטיקסטן.

ספּאָנטאַן, ווי פון זיך אַליין, איז אַנטשטאַנען אַ הילפס־קאָמיטעט אין די פּערזאָנען פון: שמואל־בעריש ראָזנבערג, דוד סאָקאָלאָוו (פּיוול נאַוואַגראַדסקיס איידעם), וואָס האָט ענערגיש גלייך אָנגעהויבן איינצוקוואַרטירן און באַזאָרגן די מלאָווער פּליטים. איך מוז צוגעבן, אַז קיין אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע־מיטלען האָבן מיר נישט געדאַרפט אָנווענדן. די סטשעגאָווער באַפעלקערונג, באַקאַנט פון אַלע מאָל מיט איר ברייטהאַרציקייט, האָט אויך דאָס מאָל אַרויסגעוויזן אַן אומגעהויערע גרייטקייט צו דינען מיט וואָס איינער האָט געקאָנט. אַלע טירן זיינען ברייט געעפנט געוואָרן אויפצונעמען מענטשן, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען. ווען אַלע פּריוואַטע וואוינונגען זיינען שוין געוואָרן איבערגעפילט, האָט מען באַזעצט די פּליטים אין שול און אין די שטיבלעך. מיר האָבן אויך באַזאָרגט עסן, טרינקען און אַלעס נייטיקע. מיר אַלע זיינען געווען נאַאיוו צו גלויבן, אַז מיר וועלן אין שטעטעלע די ערשטע פּאָר שווערע וואָכן בלייבן רואיק זיצן.

די פאַלשע אילוזיע האָט געפּלאַצט גלייך זונטיק, 3 אַזייגער נאָכמיטאָג: איין עסקאַדרע פון 26 באָמבאַדיר־עראָפּלאַנען האָט פּלוצלונג אָנגעגריפן סטשעגאָווע. זיי זיינען געפלויגן נידעריק און זיכער איבערן הילפלאָזן שטעטל, אומגעשטערט אַראָפּגעוואָרפן זייערע שווערע באָמבעס און אויסגעשאָסן מיליאָנען קוילן פון מאַשין־געווער. עס איז ביז דעם היינטיקן טאָג שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס שטעטל איז דעמאָלט פאַרשווינט געוואָרן פון טאָטאַלער פאַרניכטונג. עס זיינען אומגעקומען פיל מענטשן — מייסטנס קריסטן, אויך איניקע יידן — צווישן זיי עטלעכע מלאַווער פּליטים. אַרום דעם שטעטל האָט אַלעס געברענט, דער חורבן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שרעקלעכער — און אַלע מענטשן, מענער, פרויען און קינדער האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר אַלעס און זיך געלאָזט אין וועג אַריין אין דער ריכטונג פון פּלאָנסק. קיין טראַנספּאָרטמיטלען זיינען שוין נישט געווען, זיינען כמעט אַלע צופוס געלאָפן. די געשרייען פון די קליינע קינדערלעך זיינען דערגאַנגען ביז צום הימל.

די מחנות אַנטלאָפענע ווערן כסדר גרעסער. אויך די פויערים פון די אַרומיקע דערפער שטייען צו צום שטראָם, און אַלע לויפן, געיאָגט פון דעם פינצטערן גורל. וואוהין?...

איניקע טעג שפּעטער האָט די דייטשע אַרמיי דורכמאַרשירט סטשעגאָווע און געגאַנגען ווייטער. אין שטעטל הערשט אַ בית־הקברות־שטילקייט. לאַנגזאַם הויבט זיך אָן די באַפעלקערונג אומצוקערן צוריק אַהיים. די מוניציפּאַלע לייטונג ווערט איבערגענומען דורך די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן. בערענט שלאַכט איז געוואָרן דער סאָלטיס, און העפּט איז געוואָרן דער וואָיט.

טראָץ דעם, וואָס קיין רייכס־דייטשן האָבן זיך אין די ערשטע צייטן נישט געפונען אין סטשעגאָווע, איז דער פּחד דאָך געווען זייער גרויס. די געשעפטן זיינען נישט געעפנט געוואָרן. יעדער האָט ווי ווייט מעגלעך אויסגעמיטן צו גיין אין גאַס, מ'האָט פּשוט מורא געהאַט דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן פון די ד' אמות פון דער שטוב. איינציקווייז האָבן זיך די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן אָנגעהויבן פילן אַלס אויבער־הערן, און זיך דערלויבט צו ראַבירן — צוערשט די געשעפטן, דאַן די שטוב־ווירטשאַפט, ווי מעבל, געשיר און אויך קליידונג.

די יידן האָבן געמוזט יעדן פרימאָרגן זיך צונויפזאַמלען אויפן פרייען מאַרק־פּלאַץ, און דאָ האָט מען זיי סעגרעגירט און באַשטימט צו פאַרשיידענע סאָרטן אַרבעט. איין גרופּע איז געשיקט געוואָרן צורעכטמאַכן דעם שאָסיי, וועלכער איז באַשעדיקט געוואָרן פון דער פאַרביימאַרשירנדיקער שווערער אַרטילעריע; די אַנדערע זיינען פאַרטיילט געוואָרן צווישן די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן, די שולצעס, און געמאַכט אויספירן אַלערליי אַרבעטן, וואָס מ'האָט זיי באַפוילן צו טאָן. ס'האָט ווירקלעך אויסגעזען אַזוי ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט — אַ שקלאַפן־מאַרק, מיט דעם אונטערשייד, וואָס אויף שקלאַפן־מערק פלעגט מען פאַר די אויס־

געקליבענע קנעכט באַצאָלן, און דאָ איז עס געווען פריי, בחינם.

די שטימונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען זייער אַ געדריקטע. יעדע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. מ׳האָט זיך נישט געטאָרט צונויפזאַמלען. אין אָוונט האָט יעדער זיך געמוזט געפינען ביי זיך אין שטוב. אפילו צו אַ שכן אין דעם זעלבן הויז איז געווען פאַרבאָטן אַריינצוגיין. זיי האָבן דער עיקר קאָנטראָלירט, צי מיר היטן אָפּ די אַלע גזירות. און ווי איז געווען צו דעם, ווען מ׳האָט געכאַפּט ביי אַן עבירה . . .

דאָך האָט זיך אַמאָל פאַרזאַמלט די פאַרוואַלטונג פון דער אָרטיקער פאַראייניקטער יידישער שטאָט־ביבליאָטעק, אין די פערזאָנען פון: וויור, מיכל טאוב, העניטשע שאַפּירא (פון דער היים: מארגאלין), אידל סטאַוויצקי און איך (אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג אין די לעצטע יאָרן), און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר מוזן זיך איינשטעלן אָפּצוראַטעווען דאָס גרויסע פאַרמעגן פון דער ביבליאָטעק, וועלכע איז באַשטאַנען פון איניקע טויזנט ווערטפולע ביכער. מיר האָבן פאַרפּאַקט אַלע ביכער אין קאַסטנס, און איינמאָל — אין אַ פינצטערער רעגן־נאַכט, ווען מיר האָבן געגלויבט, אַז די נאַכט־וואַך האָט זיך פאַרשטעקט כדי זיך צו שיצן פונעם רעגן — האָבן מיר זיך דורכגעשמוגלט און אַרויסגעפירט אַלע ביכער אויף דעם יידישן בית־עלמין. נאָכדעם ווי מיר האָבן דאָרט די ביכער באַגראָבן, האָבן מיר מורא געהאַט זיך אומצוקערן אַהיים ביינאַכט, מ׳זאָל אונדז נישט פאַקן און אויספרעגן פונוואַנען מיר קומען, זיינען מיר די גאַנצע נאַכט געבליבן אויפן בית־הקברות און ערשט בייטאָג האָבן מיר איינציקווייז זיך אומגעקערט.

שפּעטער, מיט אַן ערך צוויי חדשים, איז אָנגעקומען קיין סטשעגאָווע דער ערשטער פאַרפּאָסטן פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. אין דעם הויז, וואו ס׳האָט זיך פריער געפונען דער פוילישער פּאָליציי־פּאָסטן, זיינען נאָך אַלע שויבן געווען אויסגעהאַקט — אַ זכר פון דער באָמבאַרדירונג, — האָבן זיי געשיקט רופן אַ גלעזער די שויבן אין אָרדנונג צו ברענגען. דער איינציקער יידישער גלעזער אין סטשעגאָווע, צו יענער צייט, ברוך רעבעק, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן „ברוך גראָשן“, האָט אַן איבערגעשראָקענער זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. נאָכדעם ווי ער האָט אַלע שויבן אַריינגעשטעלט האָט אים דער לייטער פון זשאַנדאַרמעריע אויסגעדריקט אָנערקענונג, אַז ער האָט אַלעס אין אָרדנונג אויסגעפירט, און דאַן פאַראָרדנט, אַז ער זאָל יעדן טאָג, 6 אַזייגער פאַרטאָג, קומען אין דעם פּאָליציי־פּאָסטן צו פּוצן די שטיוול פון די זשאַנדאַרן און איינהייצן די אויוונס אין דעם גאַנצן הויז. מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן, אָבער מיט אַ געמאַכטער פריינטלעכער צושטימונג: „יאַוואָל, הער פּאָסטנפירער!“, האָט ער זיין נייע פונקציע איבערגענומען און פּינקטלעך זי אויסגעפירט.

## גרוש און גרוש־שטימונג

אין פאַרשיידענע שכנותדיקע שטעט איז פאָרגעקומען דער גרוש פון די יידן. פון פּראַשניץ און אָסטראָלענקא זיינען אַלע יידן איבערגעשיקט געוואָרן אויף דער רוסישער זייט. פון ראַטשוינז און שערפּץ זיינען די יידן אויף אַן אכזריותדיקן אופן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע. אין רופין און אומגעגנט האָט די מוראדיקע גרוש־שטימונג אַרומגענומען די גאַנצע באַפעלקערונג און אַלע האָבן זיך אַליין אָנגעהויבן אַריבערטראָגן אין דער ריכטונג פון וואַרשע. קיין רעגולערע באַן־קאָמוניקאַציע קיין וואַרשע איז נאָך דאַן נישט געווען, ווייל די גרויסע בריק ביי מאָדלין איז נאָך געווען צעשטערט. דאָס באַנוצן זיך מיט אויטאָס איז פאַר דער ציוויל־באַפעלקערונג געווען פאַרבאָטן, אַזוי אַז די איינציקע רייזע־מעגלעכקייט איז געווען מיט אַ פערד און וואָגן. יעדע פאַמיליע האָט זיך געקויפט אַ פערד מיט אַ וואָגן, אויפגעפּאַקט דאָס ביסל האָב־און־גוטס, און זיך געלאָזן אין וועג אַריין . . .

פאַרשטענדלעך, אַז ביים פאַרבייפאָרן אַ שטעטל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, כדי צו פאַשן

די פערד און אַליין זיך אַריינצוכאַפּן אויף אַ ווײַלע אין אַ שטוב זיך צו דערוואַרעמען און אויסגלייכן די ביינער, וואָס זייַנען געווען פאַרגליווערט פון קעלט און פראָסט. אַ טייל פון די דורכוואַנדערער האָט זיך דערווייל איינגעקוואַרטירט אין די דורכגערייזטע שטעט. אַ גרויסער טייל האָט זיך באַזעצט אין מלאַווע, סטשעגאָווע, אויך אין פּלאָנסק.

דער פּחד פאַרן גרוש האָט אויך סטשעגאָווע נישט אויסגעמיטן, און אַ טייל פון דער באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן אויסוואַנדערן קיין וואַרשע. פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז דעם גאַנצן מלאַווער קרייז שטייט פאָר איין טאָטאַלער גרוש. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די פּאַניק, וואָס האָט אַלעמען אַרומגענומען. מ׳האָט פיבערהאַפט אָנגעהויבן פּאַקן די זאַכן, טראָץ דעם, וואָס ס׳איז געווען באַוואוסט, אַז מ׳לאָזט סיי ווי סיי קיין זאַכן נישט מיטנעמען. די בעסערע וועש און קליידער האָט יעדער אָנגעטאָן אויף זיך, וויפל מען האָט נאָך געקאָנט, געלעגט זיך שלאָפן אין די קליידער, וואַרטנדיק אויף דעם מאָמענט, ווען די מוראדיקע גזרה זאָל אויסגעפירט ווערן.

צו יענער צייט — בערך יאַנואַר, 1940 — איז סטשעגאָווע באַשטימט געוואָרן אַלס זיץ־אָרט פון דעם זשאַנדאַרמעריע־שטאַב פון גאַנצן קרייז (אויסער דער שטאָט מלאַווע). צוליב דעם איז אָנגעקומען אַ גאַנצער שטאַב פון נייער זשאַנדאַרמעריע מיט איין אויבערלייטנאַנט בראָש. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די שרעק און פּאַניק וואָס איז באַפאַלן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. מ׳האָט אין דעם אָנקומען פון אַזוי פיל פּאָליציי־לייט געזען סימנים פון שלעכטע צייטן. אַנדערע האָבן אויסגעטייטשט די קאָנצענטרירונג פון דער פּאָליציי אַלס דערנעענטערונג פון דעם גרוש פון די יידן. מ׳איז אַרומגעגאַנגען אין אַ געדריקטער שטימונג ביז גאָר.

ביי די קהלה־דאָזאָרן איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק, אַז אַ יידישע דעלעגאַציע זאָל זיך ווענדן צום אויבערלייטענאַנט און אַזוי־אַרום אָנבינדן אַ קאָנטאַקט און געוואויר־ווערן פון דער ערשטער קוועלע דעם מצב. פון צווישן די דאָזאָרן צו יענער צייט, אין די פּערזאָנען פון: יחיאל נתן בורשטיין, אליעזר גיפּס, דוד טיק, ישראל ראָזן, שמואל־דוב ראָזנבערג, יחיאל פּיאָטרקאָווסקי, דוד סאָקאָלאָוו און משה־מיכל סאַפּירשטיין, האָט זיך אָבער נישט געפונען קיינער וואָס זאָל וועלן ריזיקירן און נעמען אויף זיך צו גיין אין דער פּאַסטקע פון לייב. האָבן זיי באַשלאָסן, אַז די ראָלע דאַרף איבערנעמען דער רב הרב יעקב־שלמה סימיאַטיצקי, אַלס פאָרשטייער פון קהל.

דער רב האָט בלית־ברירה מסכים געווען צו נעמען אויף זיך די איינשטעלעניש, ער האָט אָבער געשטעלט אַ תנאי, אַז איך זאָל זיין דער צווייטער, וואָס וועט מיט אים מיטגיין. פאַרשטענדלעך, אַז עס איז מיר נישט געווען אַזוי לייכט צו דערפילן דעם פאַרלאַנג, אָבער אונטער דעם דרוק און איינפלוס פון ש. ב. ראָזענבערג און ישראל ראָזען, האָב איך מיין צושטימונג געגעבן.

אַזוי ווי ברוך רעבעק האָט געאַרבעט ביי דער זשאַנדאַרמעריע אַלס אויוון־הייצער און שטיוול־פּוצער, האָבן מיר אים געבעטן, אַז ער זאָל דערציילן דעם אויבערלייטענאַנט, אַז אַ פאָרשטייערשאַפט פון דער יידישער געמיינדע וויל זיך מיט אים טרעפן; אויב ער איז מסכים אונדז אויפצונעמען, זאָל ער באַשטימען דעם פּלאַץ און די צייט פון דער באַגעגעניש. ברוך האָט אונדז געבראַכט אַ פּאָזיטיווע תשובה, אַז זונטאָג, 11 אַזייגער פאַרמיטאָג, דאַרפן מיר זיך ווענדן אין דער קאָנצעלאַריע פון אויבערלייטענאַנט.

אַריינקומענדיק אין דער באַשטימטער צייט אין קאָנצעלאַריע האָבן מיר פאַר זיך דערזען אַ הויכן, ברייטביייניקן מאַן, וועלכער האָט מיט זיינע שאַרפע בליקן אונדז אָפּגעמאָסטן „פון אויבן ביז אַראָפּ“.

דער רב האָט אויגנבליקלעך באַקומען אַ ציטערניש. אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין געזיכט, און ער איז נישט אימשטאַנד געווען איין וואָרט אַרויסצוזאָגן. דער אויבערלייטענאַנט האָט זיך געווענדט צום רב מיט די ווערטער: „ביטע, זיצן זי, הער ראַבינער“, און האָט אים צוגערוקט אַ שטול. דאָס האָט אויף מיר — וועלכער האָט זיך אויך געפונען אין אַ פאַרלעגנ־

הייט — גוט געווירקט, און איך האָב, בלית־ברירה, גענומען די איניציאַטיווע אין מיינע הענט און אָנגעהויבן צו דערקלערן דעם צוועק פון אונדזער באַזוך. דער הויפּט־פּונקט איז געווען — די אויסזידלונגס־פראַגע.

דערויף האָבן מיר באַקומען די פאָלגנדיקע תשובה: „עס אונטערליגט נישט קיין צווייפל, אַז מיר, דייטשן, וועלן נישט דולדן די אָנוועזנהייט פון יודן צווישן אונדז, אין אונדזערע שטעט.“ די אויסזידלונג איז, אַלזאָ, אַ זיכערע זאַך. אָבער, פון זיין פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט איז ער קעגן דורכפירן דעם גרוש אין די שווערע ווינטער־טעג, נאָקעט און באָרוועס, אַזוי ווי עס איז געטאָן געוואָרן אין אַ ריי אַנדערע שטעט, לייגט ער אונדז דעריבער פאָר, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ גענויע רשימה פון אַלע יידן אין סטשעגאָווע, די ליסטע אים איבערגעבן, און אַליין אָנהויבן צו אָרגאַניזירן די איבערזידלונג קיין וואַרשע. אין דער ערשטער רייע זאָלן אָנהויבן פאַרלאָזן די פאַרמעגלעכע יודן, זיי האָבן גענוג געלט צו קאָנען געפינען אַ נייע וואַרעמע היים אויך אין די קאַלטע ווינטער־טעג. דערנאָך זאָלן אָנהויבן וואַנדערן די ווייניקער־פאַרמעגלעכע, ביז דאָס שטעטל וועט ווערן פריי פון יידן. ער גיט אונדז, האָט ער דערקלערט, ביז 4 מאָנאַטן צייט, דאָס הייסט, אַז אין מאַי, 1940, זאָל סטשעגאָווע זיין „יודנריין“. מיר זאָלן זאָפאָרט גרינדן אַ הילפס־קאָמיטעט, זאַמלען געלט ביי די פאַרמעגלעכע יידן און געבן שטיצע די נויטבאַדערפטיקע שיכטן. יעדן מאָנאַט זאָלן מיר אים צושטעלן אַ באַריכט, וויפל יידן און ווער עס האָט אויסגעוואַנדערט, ווי אויך אַ גענויעם באַריכט פון דער טעטיקייט פונעם הילפס־קאָמיטעט. אויב מיר וועלן זיין געהאָרכזאַם און אויספילן זיינע באַפעלן, פאַרזיכערט ער אונדז, אַז ווי לאַנג ער וועט זיין אין סטשעגאָווע וועט קיין אויסערגעוויינלעכס צו די יידן נישט פּאַסירן, און ער האָט מיך פאַראַנט־וואָרטלעך געמאַכט פאַרן פּינקטלעכן איבערגעבן אים די באַריכטן פון די אויסגעפירטע באַפעלן.

די יידישע באַפעלקערונג, דערזעענדיק אונדז צוריקקומענדיק בשלום, האָט ממש געטאַנצט פאַר שמחה. מיר האָבן ווערטערלעך איבערגעגעבן וואָס מיר האָבן געהערט פון דעם אויבער־לייטענאַנט און, ווי דער שטייגער, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ וויכוח וואָס ער האָט געמיינט מיט זיין זאָגן. מען האָט געזוכט אין די ווערטער אַ מאַנעוורע די יידן צו פאַרנאַרן, ווייל מיר האָבן מיט דעם פּשוטן שכל נישט געקאָנט באַגרייפן, אַז אַ דייטש, נאָך דערצו אַ אַזאַ הויכע פּערזענלעכקייט, זאָל פאַקטיש וועלן עפּעס טאָן כדי צו פאַרלייכטערן די יידן זייער לאַגע. דאָך זיינען מיר געקומען צום אויספיר, אַז מיר האָבן נישט קיין אַנדער אויסוועג, מוזן מיר וואַרטן און זען, וואָס די צייט וועט ברענגען.

עס איז געשאַפן געוואָרן דער הילפס־קאָמיטעט אין די פּערזאָנען פון: אליעזר גיפּס, דוד סאַקאַלאָוו, אנשל סטאַוויצקי, ברוך רעבעק, שמואל־בער ראָזענבערג, פישל קלאָפּמאַן און איך. מיר האָבן יעדע וואָך איינקאַסירט געלט און עס פאַרטיילט צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג, מיר האָבן אויך רעגיסטרירט אַלע יידישע איינוואוינער, וועלכע האָבן דעמאָלט געציילט סך־הכל 565 נפשות (פינף הונדערט און פינף־און־זעכציק).

זייער ווייניק מענטשן — בתוכם דער רב, וועלכער איז זייער איבערגעשראָקן געוואָרן פון דעם ערשטן באַזוך ביים אויבערלייטענאַנט, האָבן דאָס שטעטל פאַרלאָזן.

אין וואַרשע האָט דעמאָלט געהערשט אַ מוראדיקע טיפוס־עפּידעמיע. די סאַניטאַרע באַ־דינגונגען זיינען דאָרט געווען פורכטבאַר, דער הונגער איז געווען נישט צום איבערטראָגן, האָבן דער רוב סטשעגאָווער יידן באַשלאָסן צו בלייבן אויפן פּלאַץ, אַזוי לאַנג ווי ס'וועט זיך לאָזן . . .

מיר מוזן מודה זיין, אַז די באַציאונג פון די דייטשע באַהערדן אין סטשעגאָווע צו דער יידי־שער באַפעלקערונג איז צייטנווייז געווען אַ דערטרעגלעכע. מיר האָבן זיך מיט זיי נעענטער באַקענט, און דאָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו פירן, אין אַ געוויסער מאָס, אַ „נאָרמאַל לעבן“. דער אויבערלייטענאַנט, האָבנדיק צו מיר דעם פולן צוטרוי, האָט מיר בסוד דערציילט, אַז ער איז ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער דייטשער קאָ־מוניסטישער פּאַרטיי, געפירט אַ שטאַרקע אַקציע קעגן היטלעריזם א. אַז. וו. איך האָב אים

געגלויבט, ווייל זיין גאַנצע האַנדלונג און באַציאונג צו יידן האָבן עס באַשטעטיקט. און, פאַר־שטענדלעך, זיינען שוין אַלע זיינע געהילפן און אונטערטעניקע אויך בעסער געשטימט געווען.

מיר האָבן זיך איינגעשטעלט און אָנגעהויבן זיי איבערקויפן, אין אָנפאַנג, אין דער פאָרם פון מתנות, דאַן, איינציקווייז, זיי צוגעוואוינט אויך געלט צו נעמען. דאָס האָט געהאַט אַ קאָלאָ־סאַלע ווירקונג. ווייל פאַר געלט האָט מען מיט זיי אַלעס געקאָנט מאַכן — פון דעם קלענסטן באַאַמטן ביז צום העכסטן געשטאַפּאָ־מאַן. אַדאַנק דעם פאַקט איז אונדז געלונגען פיל גזרות אָפּצושאַפן, אָדער, עווענטועל, זיי כאָטש לייכטער צו מאַכן.

אָנפאַנג זומער, 1940, איז אויך די מוניציפּאַל פאַרוואַלטונג, וועלכע איז ביז דאַן אָנגעפירט געוואָרן דורך די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ זייער ברוטאַלע באַ־ציאונג צו יידן — איבערגענומען געוואָרן דורך רייכסדייטשן, „ס. א.״־מענער. לכתחילה איז אַלעמען באַפאַלן אַ פחד. די נייע באַנדע  אין די ברוינע מונדירן האָט מאַרשירט שטאָלץ אין די גאַסן, און יידישע הערצער האָבן געציטערט פון שרעק פאַר די נייע באַלעבאַטים, מיט נייע גזירות און פאַראָרדענונגען. — ווי אַזוי בייסט מען זיי דאָ איין? . . . אָבער אויך דאָ האָבן מיר אין אַ קורצער צייט פון שווערע איבערלעבענישן געזען זיך דערשלאָגן צו אייניקע הנחות.

עס איז נאָך ביז דאַן ביי אונדז געווען די גזרה, אַז יעדן פרימאָרגן מוזן זיך אַלע יידן פאַר־זאַמלען אויף איין פלאַץ, און די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן האָבן זיך אויסגעקליבן אַרבעטער, וועמען און וויפל זיי האָבן געוואָלט.

קיין געלט האָבן זיי פאַר דער אַרבעט נישט באַצאָלט, און מ׳האָט אויסגענוצט די מענטשן אויף אַ ברוטאַלן אופן.

אַמערגסטן איז עס געווען אום שבת. זיי האָבן פאַראָרדנט, אַז יעדן שבת מוז דער גרויסער מאַרק־פלאַץ, און אויך אַלע אַנדערע גאַסן, געמאַכט ווערן זויבער, אַזוי אַז קיין פּיצעלע שטויב זאָל זיך נישט געפינען. צו אָט־דער מלאכה־בזויה, דווקא אום שבת, האָבן זיך געמוזט צושטעלן אַלע פרומע יידן. ס׳איז זיך שווער פאָרצושטעלן דעם חלול־השם און האַרצווייטאָג אין אָנבליק פון דעם טרויעריקן בילד, ווי צ. ב. אַזעלכע יידן ווי יצחק פרידמאַן, ישראל ראָזען, משה שוחט, שמואל־בעריש ראָזענבערג, בערל קלאַפּמאַן א. אַנ., שטייען אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג מיט די גרויסע בעזימער אין די הענט און קערן די גאַסן.

האָבנדיק הינטער זיך די דערפאַרונג פון דער דעלעגאַציע ביים אויבערלויטענאַנט באַלד נאָך זיין אָנקומען אין שטעטל, האָבן מיר אויך איצט באַשלאָסן זיך גלייך צו ווענדן צו די נייע־אָנ־געקומענע נאַצישע ציוויל באַאַמטע. מיר האָבן אַזוי געטאָן, און בשעת דער באַגעגעניש באַ־האַנדלט ברייט די טרויעריקע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג. מיר האָבן געהאַט מזל אויך דאָס מאָל אָנצוטרעפן אויף אַ פּערזאָן, וועלכע האָט זיך מיט ערנסטקייט צוגעהערט צו אונדזערע ווערטער און אַרויסגעוויזן גרייטשאַפט מיט אונדז צוזאַמענצואַרבעטן.

לויט זיין פאַראָרדענונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע קהלה־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט איבערגענומען די גאַנצע רעגולירונג פון די אָרטיקע יידישע אָנגעלעגנהייטן. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ברוך רעבעק, אַלס איינגייער ביי די דייטשע הער־שער; יודל סטאַוויצקי, פאָרשטייער פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי; משה־מיכל סאַפּירשטיין, אָרטאָדאָקסישע קרייזן; אידל שאַפּיראָ, אומפּאַרטייאישע יידן; בן־ציון באָגען, ציוניסטישע פּאַרטיי.

מיט דער צושטימונג פון די פּאָליציי־באַאַמטע און דעם אַמטס־קאָמיסאַר האָבן מיר אויס־געפועלט:

א) אַז פאַר דער יידישער אַרבעט וועט געצאָלט ווערן.

ב) די יידן דאַרפן זיך נישט מער צונויפקומען אויף דעם מאַרק און פון דאָרט געכאַפּט ווערן צו דער אַרבעט, נאָר די יידישע קהלה וועט אַליין באַשטימען, לויט דער רייע, ווער עס דאַרף זיך יעדן טאָג מעלדן.

ג) מען מוז נישט גיין פערזענלעך צו דער אַרבעט; אין אַ נויטפאַל קאָן מען ווערן פאַר־טראָטן דורך אַ צווייטן.

ד) עלטערע מענטשן, איבער 60 יאָר, זיינען באַפרייט געוואָרן פון צוואַנגס־אַרבעט.

ה) איין באַשטימטע פערזאָן, וועמען די קהלה האָט דערפאַר געצאָלט, האָט איבערגענומען די זאָרג פאַר דער ריינקייט פון מאַרק־פלאַץ און פון די גאַסן, אַזוי אַז דאָס טרויעריקע בילד פון קערן די גאַסן אום שבת איז בטל געוואָרן (ער האָט עס געמאַכט פרייטאָג נאָכמיטאָג).

די אויבנדערמאָנטע פונקטן זיינען פאַר אונדז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג. די צאָל פון די באַנויטיקטע אַרבעטער איז געפאַלן, ווייל מ'האָט זיי דאָך געמוזט צאָלן. צווייטנס, האָבן מיר שוין געקאָנט רעגולירן די איינטיילונג אַזוי, אַז יעדער האָט געוואוסט ווען זיין רייע וועט קומען. דריטנס, איז געווען אַ גרויסער טייל מענטשן, וועלכע זיינען גערן געגאַנגען פרייוויליק צו דער אַרבעט קעגן באַלוינונג, און האָבן אויך גערן פאַרטראָטן אַנדערע.

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך איצט בכלל אָנגעהויבן אַביסל איינצואָרדנען. אַביסל האָט מען זיך צוגעוואוינט צו די צרות, און אַביסל האָבן מיר, מיט מי און געלט, די גזרות לייכטער געמאַכט. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטער האַנדל מיט מאַנופאַקטור־סחורות. דייטשע פאַברי־קאַנטן פון לאָדזש האָבן אונדז געליפערט סחורות, וועלכע מיר האָבן בגנבה געשמוגלט קיין מלאַווע און פלאָנסק און פאַרקויפט פיל צו דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דערפון האָט אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג זיך מפרנס געווען. אַנדערע האָבן געלעבט פון האַנט־ווערקעריי און מלאכה, אַזוי אַז טראָץ דעם וואָס אָפיציעל האָבן מיר באַקומען זייער קליינע לעבנס־מיטל ראַציאָנען, האָבן מיר באַוויזן אַריינצובאַקומען פאַרשיידענע לעבנס־מיטלען, אַזוי אַז אין קעגנזאַץ צו אַנדערע יידישע געמיינדעס האָבן מיר פון הונגער נישט געוואוסט. אין קעגנטייל, מ'האָט באַקומען וואָס מיר האָבן נאָר געוואָלט. אויך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך געוויסערמאסן „נאָרמאַליזירט". מ'האָט ווידער אויסגעגראָבן די באַגראָבענע ביכער, דאָס רוב אין אַ גוטן צושטאַנד, זיי פאַרנאַנדערגעטיילט צווישן דער יוגנט, און איינער פון צווייטן האָט זיך אויסגעבאָרגט ביכער צום לייענען.

## דער אָנהויב פונעם סוף

אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פאָרצובערייטן די טייוולאָנישע פלענער וועגן טאָ־טאַלער פאַרניכטונג פון דעם יידישן פאָלק. אין דער ערשטער ריי האָבן זיי קאָנצענטרירט די יידישע מאַסן. פון דעם גאַנצן אַזוי־גערופענעם פראָטעקטאראט האָבן זיי אויסגעזידלט די יידן קיין וואַרשע, וואו ס'האָט זיך שוין קאָנצענטרירט איבער אַ האַלבער מיליאָן מענטשן. דער הונ־גער און עפידעמיעס זיינען דאָרט געוואָקסן פון טאָג צו טאָג. אויך ביי אונדז האָט זיך פאַר־שפרייט אַ קלאַנג, אַז מיר שטייען פאַר דעם זעלבן גורל. נאָך אַ ריי אינטערווענצן איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פרינציפ, אַז יידן מוזן קאָנצענטרירט ווערן אין געטאָ. כדי זיך צו ראַטעווען פאַר דעם איבערזידלען קיין וואַרשע, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו באַמיען צו שאַפן אין סטשעגאָווע אַ געטאָ, און בכדי דאָס דורכצופירן האָבן מיר אָנגעווענדט דעם פאָלגנדיקן פלאַן:

מיר האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם שעף פון געזונדהייטס־אַמט, און פאַר דעם פרייז פון אַ לוקסוס־אויטאָמאָביל, וואָס מיר האָבן אים געשענקט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר וועלן סימולירן אַ טיפוס־עפידעמיע אין שטעטל. מיר האָבן געבראַכט אייניקע פערזאָנען אין יידישן שפיטאָל, זיי געמאַכט איינשפריצונגען אויף הויכן פיבער, דאַן האָבן מיר איינגעלאַדן אויף אַ באַזוך אין שפיטאָל דעם שעף פון געזונדהייטס־אַמט וועלכער האָט אויפן אָרט פעסט־געשטעלט אַן „עפידעמיע פון טיפוס". ער האָט דערפון געמאָלדן אין די הויכע נאַצישע רע־גירונגס־אָפטיילונגען, און צוגעבן, אַז מען מוז זאָפאָרט איזאָלירן די גאַנצע יידישע באַפעל־

קערונג, כדי צו פאַרמיידן די פאַרשפּרייטונג פון דער קראַנקהייט צווישן די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג. מיר האָבן ווייטער אינטערוועניִרט אין די געהעריקע אינסטאַנצן און ס׳איז געקומען די פאַראָרדענונג צו שאַפן אויפן אָרט אַ געטאָ פאַר דער יידישער באַפעלקרונג.

די פאַראָרדענונג האָבן מיר באַקומען ערב הושענא־רבה, 1941, אַז במשך פון 48 שעה זאָל די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג זיך געפינען אין געטאָ, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין די הייזער: פון איין זייט מאַרק פון בזשעזשינסקיס הויז ביז טישקיס הויז פון דער אַנדערער זייט, און דער גאַנצער שטח פון דעם אַמאָליקן אַזוי־גערופענעם „חזיר־מאַרק״.

כאָטש מיר האָבן דעם ענין־געטאָ אויפגענומען אין דעם פאַל פאַר אַ געוויסער דערגרייכונג, דאָך איז דאָס רעאַליזירן במשך פון אַזאַ קורצער צייט געווען אויסערגעוויינלעך שווער. קיין מעגלעכקייט צו באַזעצן יעדע פאַמיליע אין אַ באַזונדער וואוינונג איז נישט געווען. מ׳האָט געמוזט איינשטעלן צו 2 אָדער 3 פאַמיליעס אין איין וואוינונג. און די פראַגע פון צופאַסן פאַמיליעס לויט אַ באַפעל, איז נישט אַזוי לייכט. די באַפעלקערונג האָט אָבער אַליין פיל מיטגעהאָלפן, און במשך דעם הושענא־רבה־טאָג האָט זיך די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אַריבערגעטראָגן מיט די מטלטלים און חפצים אין די נייע קוואַרטירונגען.

צומאָרגנס, שמיני־עצרת האָט די גאַנצע יוגנט געאַרבעט אינטענסיוו ביים אויפשטעלן די פּאַרקאַנעס און אַרומצוימען די געטאָ. ס׳איז געמאַכט געוואָרן איין טויער צום אַריינגיין און אַרויסגיין, און שמחת־תורה האָבן מיר שוין געפּראַוועט, איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט, פאַרשלאָסן צווישן זיך אַליין. ליידער, אַ טרויעריקער „שבת אחים גם יחד״ איז דאָס געווען. אַ תשעה־באב־שטימונג האָט געהערשט אין דעם שמחת־תורה־טאָג.

מען האָט זיך אָבער געמוזט שטאַרקן, און איינאָרדענען דאָס לעבן לויט די נייע באַדינגונגען. ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן דער אַזוי־גערופענער „אָרדנונגס־דינסט״, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו היטן די אָרדנונג אין געטאָ, ווי אויך צו קאָנטראָלירן דעם אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון געטאָ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט ספּעציעלע דערלויבניש־שיינען. די אָרדנונגס־דינסט איז באַשטאַנען פון די פּערזאָנען: פישל קלאַפּמאַן, טאַנדיטשאַרזש, דוגא פּיעכאַטקע און פאַסטאַג. דאָך האָבן מיר אויף פאַרשיידענע אופנים אָנגעהאַלטן ווייטער דעם קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט. די מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך נישט פאַרערגערט. די אָרטיקע מאַכט האָט זיך צו אונדז באַצויגן ווי פריער, און מיר האָבן געגלויבט און געהאָפט שוין אַזוי דורכצולעבן די טרויעריקע מלחמה.

מיט אייניקע חדשים שפּעטער איז ווידער אַרויס אַ גזרה, אַז אַלע קליינע יידישע ישובים מוזן ליקווידירט ווערן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סעריע פון לויפעניש און שתדלנות ביי דער מאַכט, צו דערמעגלעכן דאָס שאַפן אַ גרויסע קאָנצענטראַציע־געטאָ אין מלאַווע פאַר דעם פּרייז פון צען טויזנט מאַרק, 2 שיינע טעפּיכער און אַ קאַראַקול־מאַנטל פאַר דער פרוי פון דעם קרייז־לייטער, וואָס אליעזר פּערלמוטער, ע״ה, דער מנהיג פון מלאווער געטאָ, און איך, האָבן איבערגעגעבן דעם קרייז־לייטער. מיר האָבן אויסגעפּועלט צו שאַפן אַ גרויסע געטאָ אין מלאַווע, וואָס זאָל אַריינעמען די יידן פון מלאַווע, סטשעגאָווע, שרענסק, ראַדזאַנאָווע און זשעלין. אַלס אָנפירער פון דער איבערזידלונג איז באַשטימט געוואָרן א. פּערלמוטער. דער קרייז־לייטער האָט קאָאָפּטירט צו דער עקזיסטירנדער מלאווער געטאָ נאָך איין גאַס, וואָס איז פריי געמאַכט געוואָרן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, און ס׳האָט זיך באַלד אָנגעהויבן די איבערזידלונג. צוערשט זיינען איבערגעגאַנגען קיין מלאַווע די יידן פון שרענסק, ראַדזאַנאָווע און זשעלין. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ פרישע טראַגעדיע. ס׳איז פאַר קיין אופן נישט געבליבן אין מלאווער געטאָ נאָך פּלאַץ פאַר די סטשעגאָווער יידן. בערך 700 נפשות האָבן מיר דאַן געציילט. אַלע באַמיאונגען צוצוקריגן צו דער געטאָ נאָך אייניקע קריסטלעכע הייזער, האָבן זיך נישט איינגעגעבן, און ס׳האָט אונדז ווידער געדראָעט די אויסזידלונג קיין וואַרשע.

אויך דאָס מאָל איז אונדז געלונגען איבערצוקויפן די מאַכט, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן

צו שאַפן אין סטשעגאָווע אַ פאַרגרעסערטע געטאָ, וואָס זאָל אַרומנעמען די יידן פון שערפּץ און בעזוין, וועלכע האָבן פריער אויך געזאָלט אַריבערגעפירט ווערן קיין וואַרשע. דעם 6־טן יאַנואַר, 1942, האָבן מיליטערישע אויטאָס געבראַכט צו די טויערן פון געטאָ איבער טויזנט נפשות פון שערפּץ און בעזוין מיט זייערע אָרעמע פעקלעך.

שווער צו שילדערן די טרויעריקע לאַגע פון די אָנגעקומענע, מוראדיק צעשלאָגן, צעבלו־טיקט, זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות. די סטשעגאָווער אָרדנונגס־דינסט איז אַרויס פון געטאָ און אונטער אַ מבול פון שטעקנס, וואָס האָבן זיך אויף זייערע פּלייצעס געבראָכן מצד די „עס־עס"־לייט, האָבן זיי שנעל ווי מעגלעך אַריינגעכאַפּט די מענטשן מיט זייערע פעקלעך.

אין געטאָ זיינען די שוץ־שטאַפּעל־מענער („עס־עס") נישט אַריינגעקומען, אויס מורא פאַר קראַנקהייטן, וואָס מיר האָבן זיי איינגערעדט, אַז עס הערשן צווישן יידן.

דאָ האָבן סטשעגאָווער יידן אַרויסגעוויזן אַזאַ מאָס באַרמהערציקייט און איבערגעגעבנקייט, וואָס מ'איז עס נישט אימשטאַנד פאַרצושטעלן. במשך פון דער נאַכט זיינען אַלע אָנגעקומענע איינקוואַרטירט געוואָרן; ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־קיך, וועלכע האָט יעדן טאָג פאַר־טיילט איבער 400 מיטאָגס. די ענגשאַפט איז געווען אומדערטרעגלעך. עס האָט דורכשניטלעך אויסגעמאַכט איבער צען פּערזאָן אויף אַ צימער. דאָך האָבן עס אַלע באהבה אויפגענומען, וויסנדיק, אַז עס ווערט דערפילט אַ הומאַניטאַרע פליכט פון דער ערשטער מדרגה.

## דער סוף

אין פעברואַר, 1942, האָבן די דייטשן אונטערגענומען די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון איבער־געבליבענעם ביסל יידן. די יידן פון די שטעט: קוטנאָ, גאַמבין, גאָסטינין, זשיכלין א. אַז. וו. זיינען פאַרניכטעט געוואָרן; איינצלנע פּערזאָנען פון די דערמאָנטע שטעט, בערך 200 נפשות צוזאַמען, האָבן זיך באַוויזן אָפּצוראַטעווען, און הערנדיק פון ווייטנס, אַז אין סטשעגאָווע געפינט זיך אַן אויסנאַמס־געטאָ, זיינען זיי צו אונדז אָנגעקומען, און מיר האָבן אויך זיי אויפגענומען.

אַלע יידישע געטאָס האָבן אין יענער צייט איבערגעלעבט אַ שוידערלעכן פּעריאָד. די נאַ־ציס האָבן געוואָלט אַריינטרייבן די יידישע באַפעלקערונג אין דער לעצטער שטופע פון דע־פּרעסיע, און אַוועקנעמען ביי זיי יעדן ווידערשטאַנדס־ווילן. האָבן זיי אין יעדער געטאָ אונ־טערגענומען אַ רייע נייע גזרות: עפנטלעך דערשיסן אָדער הענגען עטלעכע יידן אין דער אַרויפ־געצוואונגענער אָנוועזנהייט פון די אַנדערע איינוואוינער. די ערשטע קרבנות זיינען דאָ גע־פאַלן די אָפיציעלע יידישע פאָרשטייער. אין מלאַווע, צום ביישפּיל, האָבן זיי דערשאָסן דעם פּרעזעס, א. פּערלמוטער, און אויפגעהאַנגען 4 יידן. אייניקע טעג שפּעטער — אויפגעהאַנגען 15 מאַן, דערונטער אַלע קהלה־פאָרשטייער און די אָרדנונגס־דינסט. נאָך שפּעטער האָבן זיי, אויף אַ באַרבאַרישן אופן, 50 יידן דערשאָסן.

מ'האָט אונדז פון מלאַווע געגעבן אַ ידיעה, אַז דעם 20טן אַפּריל וועט אונדזער געטאָ באַ־לאַגערט ווערן דורך דער קרייז־זשאַנדאַרמעריע. וואָס דאָס באַדייט, האָבן מיר שוין געוואוסט. מ'האָט זאָפאָרט איבערגעגעבן די ידיעה דער גאַנצער באַפעלקערונג, יעדער זאָל ביי זיך אויפ־רוימען אַלע פאַרדעכטיקטע זאַכן, דאָס הייסט, קליידונג, עסנוואַרג, סחורות, ווערטזאַכן; די מיטגלידער פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג האָבן באַשלאָסן פאַרטאָג די געטאָ צו פאַרלאָזן.

זיבן אַזייגער פרי איז די געטאָ באַלאַגערט געוואָרן דורך אַ גאַנצן שטאַב פּאָליציי. איין גרופּע, מיט דעם שעף בראש, זיינען אַריין אין געטאָ און אָנגעהויבן ברעכן און שלאָגן וויפל ס'האָט זיך געלאָזט. ווען ס'איז זיי קלאָר געוואָרן, אַז די אָנגעזעענע אָנפירער זיינען אַרויס פון געטאָ, האָבן זיי געדראָעט די גאַנצע באַפעלקערונג חרוב צו מאַכן, אויב די פאַרוואַלטונגס־מיט־גלידער וועלן זיך נישט צושטעלן. די ידיעה איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן, און געשטעלט די געציילטע פאַר מענטשן פאַר אַ שווערער דילעמאַ. די אַנדערע מיטגלידער האָבן ביי זיך

נישט געקאָנט באַשליסן זיך צוצושטעלן אויף אַ זיכערן טויט. איך האָב צומאָרגנס פרי איבערגעטראָטן צוריק דעם טויער פון דער געטאָ.

פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג, האָט ברוך רעבעק זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּאָליאַקן אין דאָרף גיזינעק, ביז מען האָט אים גע׳מסר׳ט און ער איז פון דער דאָרטיקער דייטשער זשאַנדאַרמעריע דערשאָסן געוואָרן. אַנדערע זיינען קיין פּלאָנסק אין געטאָ אַנטלאָפן און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן ביז צו דער ליקווידאַציע פון יענער געטאָ.

גלייך אין דעם מאָמענט, ווי איך האָב זיך געמאָלדן, האָבן זיי מיך מכבד געווען מיט אַזאַ פּאָרציע קלעפּ, אַז ביז היינט איז מיר שווער צו באַגרייפן, ווי אַזוי איך האָב עס אויסגעהאַלטן. זיי האָבן מיך אַרעסטירט, אַוועקגעפירט קיין מלאַווע, דאָרט מיך איינגעזעצט אין אַ פינצטערן קעלער אונטער דער געביידע פון דער זשאַנדאַרמעריע; די הענט צום רוקן געשמידט אין קייטן, איין קייט אויפן האַלדז, צוגעשמידט צו דער וואַנט, און איין קייט אויף דעם רעכטן פוס, צוגעשמידט צו דער וואַנט. אין אַזאַ מצב האָב איך מיך געפונען 48 טעג. במשך אָט דער גאַנצער צייט, נישט באַקומען קיין טראָפּן וואַסער צו וואַשן די הענט, דאָס געזיכט נישט ראַזירט, איך האָב געוויס אויסגעזען ווילד און משוגע. פון צייט צו צייט האָט מען מיך אַרויפגעפירט אין ביוראָ אויף אויספאָרשונגען. דאָרט האָב זיך יעדעס מאָל אויפסניי אָפּגעשפּילט מוראדיקע פּייניקונגען און עינויים; וועגן סתם קלעפּ איז שוין גאָר קיין רייד נישט. זיי האָבן אָנגעגליטע דינע דראָטן אונטערגעשטעקט אונטער די נעגל א. אַז. וו.

הויפּטזאַכלעך האָט זיי אינטערעסירט די פראַגע, ווי אַזוי עס איז אונדז געלונגען צו דערהאַלטן די געטאָ־איינוואוינער אין אַזאַ מצב. פון די ראַציאָנען, וועלכע זיי האָבן אונדז צוגעטיילט, האָט שוין לכל הפחות אַ העלפט מענטשן געדאַרפט זיין אויסגעשטאָרבן, און דאָ האָבן זיי גאָר דערזען דעם היפך. די שטערבלעכקייט איז אַ קליינע, מען לעבט און מען זעט אויס ווי מענטשן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר האָבן געהאַט די מיטהילף פון די פּאָליאַקן און אויך פון דייטשן, און זיי האָבן געוואָלט דערגיין ווער און ווי אַזוי מ׳האָט אונדז מיטגעהאָלפן.

אַלע באַמיאונגען מצד פאַרשיידענע קרייזן מיך צו באַפרייען האָבן נישט געהאָלפן. דער שעף, וועלכער האָט מיך אַרעסטירט און געפּאָרשט האָט געהאָפט צו באַקומען אַן אויסצייכענונג פאַרן אַנטדעקן די אַלע ידיעות. דער ראַנג האָט אים געלאָקט מער ווי דאָס גאָלד און בריליאַנטן, וועלכע מ׳האָט אים פאַר מיין באַפרייאונג פאָרגעלייגט.

איינמאָל אין אַ פרייטאָג נאָכמיטאָג האָט מען מיך אַריינגעפירט אין ביוראָ. נאָך דעם באַקומען די נאָרמאַלע פּאָרציע שלעק און קלעפּ, האָט ער מיר אָנגעהויבן שטעלן פראַגן:

— צי האָסטו געהערט די געשיכטע וועגן אונטערצינדן דעם דייטשן רייכסטאַג? — יאַוואָל.

— צי ווייסטו אַז דער אונטערצינדער האָט זיך מודה געווען? — יאַוואָל.

— ווייסטו פאַרוואָס ער האָט זיך מודה געווען? — ניין. — וועל איך דיר דערקלערן: „ער האָט באַקומען ספּעציעלע איינשפּריצונגען און אַלעס דערציילט, וואָס ער האָט נאָר געוואוסט.“

ווייטער: — צי ווייסטו, אַז אין מאָסקווע זיינען אין יאָר 1936 פאָרגעקומען פּאָליטישע פּראָצעסן? — יאַוואָל.

— צי ווייסטו, אַז אַלע אָנגעקלאָגטע האָבן זיך מודה געווען? — יאַוואָל.

— צי ווייסטו פאַרוואָס? ניין.

— וועל איך דיר עס דערציילן: „זיי האָבן באַקומען איינשפּריצונגען און אַלעס דערציילט. דאָס זעלבע פּאַסירט מאָרגן מיט דיר. דו וועסט באַקומען איינשפּריצונגען און וועסט שוין אַליין אַלעס דערציילן.“

מען האָט מיך צוריק אַרונטערגעפירט אין קעלער, און איבערגעלאָזט אַליין. אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַדעקט. כ׳האָב מיר אָפּגעגעבן אַ גענויעם דין־וחשבון וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע. אויב ס׳איז ריכטיק, אַז דורך די איינשפּריצונגען וועל איך דערציילן דעם גאַנצן אמת, וועל איך דערמיט שטעלן אין געפאַר דאָס לעבן פון הונדערטער מענטשן פון

אונדזער געטאָ און אויך אַנדערע, וואָס זיינען מיט אונדז געווען אין פאַרבינדונג. איך האָב באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. קיין סך צייט האָב איך נישט געהאַט צו מיין דיספּאָזיציע, ווייל צו יעדער מינוט האָט געזאָלט אַריינקומען דער פּאָליציאַנט מיר אַרויספּרעסן די קייטן. האָב איך אָנגעהויבן צו רעאַליזירן דעם באַשלוס, האָב באַשטימט דעם פּאַסיקן הוק אויף דעם סופיט, פּאָרגעברייט דעם גאַרטל, און געגומען שרייבן אַ געזעגנונגס־בריוו צו מיינע ליבע עלטערן, שוועסטער, ברידער און אַלע באַקאַנטע. איך ווייס נישט, צי ס'איז ווער בכוח זיך פּאָרצושטעלן מיין לאַגע און שטימונג אין דעם מאָמענט. פּלוצלונג איז אַריינגעקומען דער פּאָליציאַנט מיר אָנצוטאָן די קייטן — דערקענט גלייך, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכס קומט דאָ פּאָר, האָט ער שנעל מיר אָנגעטאָן די קייטן, געכאַפּט דעם בריוו און אים איבערגעגעבן אין ביוראָ. מסתמא האָט מען געגעבן אַ יידן איבערצוזעצן דעם בריוו, וואָס איז געווען געשריבן אין יידיש, און דאַן האָט דער שעף פאַרשטאַנען, אַז עס וועט זיך אים נישט איינגעבן אַרויסצובאַקומען פון מיר די ידיעות. האָט ער געענדערט זיין שטעלונג. ער האָט מסכים געווען צו נעמען געלט, און צוגעזאָגט מיך צו באַפרייען. עס איז נאָך געווען אַ גאַנצע קייט פון געשעענישן, וואָס קלינגען ממש ווי אַ מאַרטיראָלאָגיע. ס'איז שוין באַשלאָסן געווען מיך, מיט נאָך אייניקע פּערזאָנען צו הענגען ביי אונדז אין געטאָ. דורך פאַרשיידענע צופאַלן בין איך ניצול געוואָרן. כ'וויל קיין פּרטים וועגן דעם אַלעם נישט שרייבן, ווייל כ'וויל מיך נישט פאָרשטעלן אַלס מאַרטירער.

פאַר אומגעהויערע סומען בין איך צום סוף באַפרייט געוואָרן מיט דעם באַדינג שנעל ווי מעגלעך אַוועקצופאָרן פון סטשעגאָווע און אומגעגנט.

דאָס איינציקע מעגלעכע אָרט איז פאַר מיר געבליבן וואַרשע. אין דער געגנט פון מלאַווע — אין דאָרף נאסארזשעווא — איז געווען אַ גרויסער אַרבעטס־לאַגער. דער לאַגערפירער, אַן אויבערלייטענאַנט פון דער ווערמאַכט, האָט פאַרן פּרייז פון אַ גרויסער סומע געלט, געזאָלט מיך דורכפירן אין זיין אויטאָ די גרענעץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס דייטשע רייך (צו וועלכן מיר זיינען געווען איינגעגלידערט) פון פּראָטעקטאָראַט (צו וועלכן וואַרשע האָט געהערט).

אויף דעם וועג קיין וואַרשע (אין דעם זעלבן אויטאָ איז אויך מיטגעפאָרן מיינער אַ חבר, משה־דוד פּרענקל פון מלאַווע, וועלכער, אגב, לעבט איצט אין דייטשלאַנד), האָט אונדז די געשטאַפּאָ אָפּגעוואַרט, אונדז אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט קיין פּלאָצק. צי די געשטאַפּאָ האָט געהאַט אַ ידיעה, אַז מיר פאָרן אויף דעם וועג, אָדער עס איז געווען אַ צופאַל, ווייס איך ביז דעם היינטיקן טאָג נישט.

אָפּגעזעסן אייניקע חדשים אין פאַרשיידענע טורמעס, ווי פּלאָצק, בראַדניצע, טורן, פּויזן א. אַנד. בין איך ענדע זומער, 1942, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אשווענטשים.

נאָך מיין פאַרלאָזן סטשעגאָווע זיינען אַלע סאַנקציעס, וואָס זיינען אָנגעווענדט געוואָרן אין אַנדערע געטאָס, אויך דאָרט פאָרגעקומען. מ'האָט 20 יידן, סטשעגאָווער און צוגערייזטע, אויפגעהאַנגען. די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג איז אויף אַן אומרחמנותדיקן אופן, סוף 1942, איבערגעשיקט געוואָרן קיין אשווענטשים.

ווען די סטשעגאָווער יידן זיינען אָנגעקומען קיין אשווענטשים בין איך שוין דאָרט געווען אַן אַלטער תושב. איך האָב שוין גענוג דאָרט געהאַט מיטגעמאַכט. איך האָב געהאַט אַן אָנונג, וועלכן טאָג די סטשעגאָווער דאַרפן אָנקומען, ווייל די טראַנספּאָרטן זיינען געגאַנגען לויט אַ ריי: טשעכאנאָוו, מלאווע, פּלאָנסק א. אַז. וו. כ'האָב געהאָפּט מיט מיינע ליבע סטשעגאָווער יידן זיך נאָך איינמאָל פאַר דעם טויט צו זען. דער פינצטערער גורל האָט עס אָבער נישט געוואָלט. דער סטשעגאָווער טראַנספּאָרט, פון פרויען, מענער און קינדער, זיינען כמעט אַלע גלייך אין די פאַרגאַזונגס־בונקערס געשיקט געוואָרן. אין דעם לאַגער זיינען סך־הכל פיר־פינף מאַן אַריינגעקומען.

אַלע אַנדערע זיינען גלייך פאַרגאַזט געוואָרן און אין די מוראדיקסטע און שרעקלעכסטע פּיין און יסורים זייערע נשמות אויסגעהויכט. תהא נשמתם צרורה בצרור החיים.

## פישל מייראַנץ (וואַרשע)

# דער אומקום פון די יידן אין סטשעגאָווע *

שוין דעם 4טן סעפּטעמבער, 1939, דאָס הייסט, שוין אויפן 4טן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־שרפה, האָבן די היטלעריסטישע חיילות פאַרנומען אונדזער שטעטל סטשעגאָווע. שוין בעתן אַריינמאַרש פון די דייטשן זיינען פיל הייזלעך געווען חרוב, אַלס רעזולטאַט פון אַ באָמבאַרדירונג, וואָס איז פאָרגעקומען גלייך אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה.



פישל מייראַנץ

סטשעגאָווע געהערט צו די שטעט אין פּוילן, וועלכע זיינען שוין לכתחילה איינגעגלידערט געוואָרן אין דריטן רייך און אין רעזולטאַט דערפון האָט זיך דאָס גיהנום אין סטשעגאָווע אָנגעהויבן אַ סך פריער ווי אין אַנדערע יידישע שטעט אין צענטראַל פּוילן. קודם־כל זיינען די פאָלקס־דייטשן, די שטענדיקע איינוואוינער פון שטאָט ווי אויך פון דער אומגעגנט, געוואָרן די גאַנצע באַלעבאַטים. באַקומענדיק געווער האָבן זיי אויף אייגענער אחריות אָנגעהויבן צו ווילדעווען אין שטעטל: ראַבירן, שלאָגן און כאַפּן אויף אַרבעט. פון די באַקוועמע יידישע דירות האָבן זיי גלייך אַרויסגעטריבן די איינוואוינער און זיך אַליין דאָרט באַזעצט, דערביי האָבן זיי דאָס מעבל, מלבושים און אפילו דאָס בעטגעוואַנט אויך צוגערויבט פאַר זיך. געווען פאַלן, ווען מען האָט ביי די יידן אין גאַס אַראָפּגעצויגן די שטיוול. אַ טייל יידן האָבן זיך באַלד אָריענטירט וואָס דאָ קומט פאָר און האָבן אַביסל טייערע מלבושים אַוועקגעגעבן די קריסטלעכע איינוואוינער, פאָליאַקן, אויסצובאַהאַלטן. ליידער האָט זיי שוין קיינער נישט צוריקגעקראָגן.

די פאָלקס־דייטשן האָבן גענומען די יידן אַלס שקלאַפן אויף אַרבעט צו זיך. געווען איז דאָס אין הערבסט, האָבן די יידן געמוזט פון די דייטשישע פעלדער אויסקאָפּען קאַרטאָפל, בורעקעס א. אַז. וו. זיי האָבן קיינעם נישט געשאַנעוועט און גענומען צו דער אַרבעט יונגע און אַלטע. עלטערע רעליגיעזע יידן, מיטן שוחט בראש, האָבן זיי ספּעציעל גענומען צו פּייניקן. וויסנדיק, אַז די דאָזיקע יידן זיינען נישט פּייאיק צו קיין פיזישער אַרבעט, ווייל זיי זיינען תמיד געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט, האָט מען זיי דווקא געפּייניקט און געזידלט מיט העסלעכע אויסרופן. דער רעזולטאַט איז געווען דער, אַז שוין אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען די סטשעגאָווער יידן געגאַנגען איינגעהילט אין שמאַטעס, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. אין די ערשטע צייטן איז דאָס כאַפּן יידן אויף אַרבעט פאָרגעקומען כאַאָטיש, נישט אָרגאַניזירט, און דעריבער האָט מען זיך נאָך געקאָנט אויסבאַהאַלטן, שפּעטער אָבער האָט מען, לויטן דייטשן מוסטער, איינגעפירט „אָרדנונג“ . . . און קיין ייד איז נישט אויסגעמיטן געוואָרן. פירנדיק צו דער אַר־

---

* דעם גרעסטן טייל מאַטעריאַל האָט דער שרייבער אויפגעזאַמלט צווישן די פּוילישע איינוואוינער אין סטשעגאָווע.

בעט ווי אויך בשעת דער אַרבעט גופא האָבן די יידן באַקומען געשלאָגן מכות־רצח. צום מייסטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ברוטאַליטעט די פאָלקס־דייטשן: לודוויקס זון, רודאָלף שלאַכט, העפט און קלאַוזעס טאַכטער.

## דער ערשטער פּאָגראָם

אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען די אַדמיניסטראַציע האָט זיך באַזעצט, האָבן די פאָלקס־דייטשן פאָגראָמירט אריה פערעלבערגס קאָלאָניאַל־געשעפט, פעשטענדיקס גאַלאַנטעריע־געוועלב און רפאל לעווינסקיס לעדער־קראָם. די סחורה האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, גע־טראָטן מיט די פיס. דאָס איבעריקע האָבן זיי געהייסן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו־נעמען. פאַרשטענדלעך, אַז ס׳האָבן נישט געפעלט קיין בעלנים. נאָכן ראַבירן די געשעפטן האָט מען גענומען שמשון לעווינסקי, זיין ברודער הערשל לעווינסקי און אריה פערלבערגס 7 יאָריק מיידעלע. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אין אשטשעסלאַווער וואַלד (נעבן טשעכאָנאַוו) און אונטערן אויסרייד, אַז זיי זיינען נישט נאַרמאַל, האָט מען זיי דערשאָסן.

(איך האָב געזוכט זייערע קברים און אַסיגנירט 10,000 זלאָטעס פאַר דער פערזאָן, וואָס וועט אָנווייזן וואו ס׳געפינט זיך דער קבר. מיר, די עטלעכע איבערגעבליבענע, האָבן באַשלאָסן צו עקסהומירן זיי אויפן יידישן בית־עולם אין סטשעגאָווע און ברענגען זיי צו קבר ישראל.)

לויטן מוסטער פון אַלע איבעריקע שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען איינגעגלידערט אין דריטן־רייך, האָבן די היטלעריסטן אויך ביי אונדז איינגעפירט אַ ספּעציעלע אָפּצייכענונג. געווען איז דאָס אַ געלע לאַטע און אויף דער לאַטע אַ מגן דוד. געטראָגן האָבן די לאַטע סיי מענער און סיי פרויען אויף דעם אויבערשטן מלבוש, אויפן סאַמע פראָנט, אין דער הויך איבער דער ברוסט.

## דער יודן־ראַט און זיין ראָלע

דער יודן־ראַט איז באַשטאַנען פון בן־ציון באַגען, חנא סטאַוויצקי, יודל סטאַוויצקי, ברוך רעבעק, פעלדמאַן פון ראַשוינז און עטלעכע פרעמדע יידן, וועלכע מ׳האָט אַריינגעטריבן צו אונדז פון די שכנותדיקע שטעטלעך. דער יודן־ראַט האָט געהאַט זיין וואַוינאָרט ביי ראָדען אין הויז. די טעטיקייט פון יודן־ראַט איז באַשטאַנען אין אויספירן די פאַראָרדענונגען, וועלכע די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעוואָרפן. דער יודן־ראַט האָט אויך געשאַפן יידישע פּאָליציי, גע־פירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע איינוואוינער פון געטאָ און געמוזט אַליין איינקאַסירן קאָנטרי־בוציע ביי די יידן. צו זיינע פליכטן האָט אויך געהערט דאָס צושטעלן מענער און פרויען צו פאַרשיידענע אַרבעטן. אָפטמאָל האָט מען געשיקט סטשעגאָווער יידן אויף אַרבעט קיין מלאַווע, וויל דער סטשעגאָווער געטאָ איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם מלאַווער געטאָ.

דער גרעסטער טייל פון דער יידישער פּאָליציי איז באַשטאַנען פון דעפּאָרטירטע יונגעלייט פון שערפּץ. אויך דער פּאָליציי־קאָמיסאַר איז געווען אַ שערפּצער ייד, וועלכער איז בעת דער דעפּאָרטאַציע פון די סטשעגאָווער יידן דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אויפן מלאַווער באַן־הויף. דעם נאָמען איז מיר ליידער נישט געלונגען פעסטצושטעלן.

## די אַנטשטייאונג פון געטאָ

דעם 6־טן יאַנואַר, 1941, האָבן די דייטשן פאַראָרדנט אַרומצוצוימען די סטשעגאָווער יידן אין אַ געטאָ. אַלס שטח פון געטאָ איז צוגעטיילט געוואָרן דער חזיר־מאַרק און אַ שטיקעלע אומ־געגנט. די מערב־גרענעץ פון געטאָ איז געווען נעבן מלאַווער שאָסיי. די מזרח־זייט — לענג־אויס קאַלווינס פעלד, די דרום־זייט — איז געווען דאָרט וואו ס׳האָבן געוואוינט יהושע

דאָמבראָווער און גוטמאַרגן, און די צפון־זייט איז געווען דאָרט וואו די הייזלעך ענדיקן זיךביים חזיר־מאַרק. די געטאָ איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקאַן און דער אַריינגאַנג איז געווען נעבן יהושע דאָמבראָווער און קוויאטקאָווסקיס הויז. ביים טויער איז געשטאַנען אַ וואַך פון דער יידישער פּאָליציי און רעגולירט ביים אַרויסלאָזן די יידן צו דער אַרבעט און ביים קומען צוריק. דער סיגנאַל פון גיין צו דער אַרבעט איז געגעבן געוואָרן דורך אַ גלאָק. דאָס איז געווען דער סיגנאַל, אַז די יידן זאָלן זיך צונויפזאַמלען. די דייטשן איז עפּעס נישט געפעלן געוואָרן דער אופן פון צונויפזאַמלען די יידן, וואָס האָט געדויערט צו לאַנג, האָבן זיי גענומען „שולן" די יידן אויף זייער סיסטעם; ד. ה. געטריבן מיט שטעקנס, וועלכע זיינען געפלויגן איבער די יידישע קעפּ. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז בעת אַזאַ צונויפזאַמלען זיך אויף אַרבעט, זיינען געפאַלן עטלעכע יידישע הרוגים.

געאַרבעט האָבן די יידן ביי שאָסייען, געברענגט אין אָרדענונג דעם דייטשישן צמענטאַזש, געאַרבעט ביי מעליאָראַציע. די יידישע פרויען זיינען גענומען געוואָרן צו הויז־אַרבעט ביי די דייטשן, רייניקן די גאַסן און אויסקערן דעם מאַרק. אויף ווי ווייט פיינלעך די אַרבעט פאַר פרויען איז געווען, קאָן אויך דינען דער פאַקט, וואָס איז די זומער־טעג האָבן די יידישע פרויען געמוזט ליגן אויפן מאַרק און אויסרייסן יעדעס גרעזעלע, וואָס האָט זיך נאָר באַוויזן. דער יודן־ראַט האָט, מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי, דיריגירט מיטן גאַנצן געטאָ, פאַרשטענדלעך, אַז ס'האָבן נישט געפעלט קיין באַ'עוולה'טע ווי אויך קיין פּראָטעקציאָנירטע . . . אַזוי ווי אין אַלע געטאָס איז אויך דער יודן־ראַט אין סטשעגאָווע געווען באַאיינפלוסט פון די דייטשן, האַלטנדיק, אַז אויב ער וועט אויספירן אַלע פאַראָרדענונגען און גזירות פּינקטלעך, וועט ער האָבן שאַנסן איבערצולעבן. דער סוף איז געווען, אַז אַלע מיטגלידער פון יודן־ראַט זיינען אומגעקומען צוגלייך מיט אַלע איבעריקע יידישע איינוואוינער פון שטעטל, מיט דער איינציקער אויסנאַמע פון בן־ציון באָגען.

פאַרוואָס די דייטשן האָבן אַזוי געטאָן ווייסט מען נישט, נאָר אַ פאַקט איז, אַז אין אונדזער שטעטל אין געטאָ אַריין האָט מען געבראַכט דעפּאָרטירטע יידן פון שערפּץ, ביעזשון, דראָבין און אפילו אויך פון אַנדערע ווייטערדיקע שטעטלעך. סטשעגאָווער געטאָ אַליין האָט געציילט 14 הונדערט יידישע נפשות. מיטן אָנקומען פון די איבעריקע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך איז די צאָל אַ סך, אַ סך פאַרגרעסערט געוואָרן. ס'איז מיר שווער גענוי פעסטצושטעלן די ציפערן, אָבער לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָבן אין סטשעגאָווער געטאָ זיך געפונען לערך פיר טויזנט יידן.

## דאָס לעבן אין געטאָ

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען שוידערלעך. אין קלענסטן צימערל האָבן געוואוינט צום ווינציקסטן צו 8 נפשות. נישט געווען קיין אָרט אפילו וואו צו זיצן. אויך דער שפּייכלער פון יהושע דאָמבראָווער איז באַוואוינט געוואָרן פון יידן. פאַרשטענדלעך, אַז דער סאַניטאַרער צושטאַנד איז געווען אַ טרויעריקער. ס'האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט די טיפוס־עפּידעמיע און ס'איז נישט אַדורכגעגאַנגען דער טאָג, וועלכער זאָל נישט פאַרשלינגען עטלעכע קרבנות. קיין יידישע דאָקטוירים זיינען נישט געווען און אויך נישט קיין מעדיקאַמענטן. דער פעלדשער זאַלצבערג איז געשטאָרבן נאָך פאַרן געטאָ.

געווען אַ יידישער אַפּטייקער, אַ דעפּאָרטירטער פון גאָמבין, וועלכער האָט געהאַט אַביסל רפואות און געהאָלפן די יידן. די דייטשן געוואויר ווערנדיק, אַז ס'איז דאָ אַ יידישער אַפּטייקער, זיינען זיי אַריין אין געטאָ און אים אַזוי צעשלאָגן מיט די קאָלבעס, ביז ער האָט אויסגעהויכט די נשמה. ווי געזאָגט, זיינען קיין מעדיקאַמענטן נישט געווען און דאָס איינציקע היילמיטל פאַר די יידישע קראַנקע איז געווען . . . וואַסער.

ווען די עפּידעמיע האָט שוין גענומען אַ גאָר שטאַרקן כאַראַקטער און פיל יידן זיינען געשטאָרבן, האָט דער יודן־ראַט באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ שפּיטאָל. דער שפּיטאָל איז געווען ביי קלינעוווסקין אין הויז און יעדער קראַנקער האָט קוים געהאַט אַ שטיקל פּלאַץ צו ליגן אויף דער פּאָדלאָגע. דעם פּוילישן דאָקטאָר גראָכאָווסקי איז געווען דערלויבט צו באַזוכן דעם געטאָ־שפּיטאָל, אָבער צו היילן איז נישט געווען מיט וואָס. דער וויזיט פון דאָקטאָר איז באַשטאַנען פון נעמען דעם פּולס אין האַנט און פּאָראויסזאָגן מער־ווייניקער ווען דער קראַנקער וועט שטאַרבן.

די יידן אין געטאָ האָבן זיך נישט געטאָרט גרופּירן. די זשאַנדאַרמען האָבן אַזוי ווי די מחבלים זיך געדרייט אַרום געטאָ און אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרעס. ווי נאָר זיי האָבן דערזען, אַז עטלעכע יידן טרעפן זיך צונויף, האָבן זיי גלייך אַריינגעשאָסן. די פאָלקס־דייטשן בערענט, העפּט און פּאַליקאַט, זיינען אָפט געקומען שיכורערהייט אין געטאָ אַריין און געמאַכט מיט די יידן פאַרשיידענע „מאַנעוורעס”. מערסטן טייל זיינען אַזעלכע מאַנעוורעס פאָרגעקומען שפּעט ביינאַכט. די שיכורים האָבן גענומען אַ גרופּע יידן און זיי באַפוילן שפּרינגען, שלאָגן זיך איינער מיטן אַנדערן און דערביי אַליין געוויזן ווי אַזוי מען שלאָגט. ווען די יידן זיינען שוין געווען פאַרפּייניקט און געפאַלן אין אָנמאַכט, האָט מען אויף זיי געגאָסן וואַסער אָדער אויסגעשאָסן נעבן טויער. פון אַזאַ שאָס איז דער קרבן וואַכעדיק געוואָרן און מען האָט אים ווידער גענומען פּייניקן.

געווען סימנים פון דער יידישער יוגנט, וועלכע האָט זיך נישט געוואָלט אונטערוואַרפן פאַרשיידענע אכזריותדיקע גזרות. אָט, למשל, האָט זיך פאַרגלוסט דעם פאָלקס־דייטש פּאַליקאַט צורופן אַ יידיש מיידל אין געטאָ, זי זאָל זיך צו אים דערנעענטערן, כדי זי צו פּייניקן. דאָס מיידל האָט אים נישט געפאָלגט און דער דייטש האָט זי גלייך דערשאָסן. זעענדיק פונדערווייטנס, אַז דער קרבן באַוועגט זיך נאָך, איז ער צוגעגאַנגען פון דער נאָענט און זי געשאָסן אין דער ברוסט. דאָס מיידל איז אַלט געווען 20 יאָר. זי איז געווען אַ דעפּאָרטירטע פון בזוין. איר נאָמען איז מיר ליידער נישט געלונגען פעסטצושטעלן.

געווען אַ פאַל, אַז ווען אַ גרופּע יונגע בחורימלעך, ריכטנדיק זיך, אַז די זשאַנדאַרמען וועלן אַריין אין געטאָ זיי כאַפּן אויף אַרבעט און פּייניקן, האָבן זיי זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ און געלאָפן אין דער ריכטונג פון דאָרף אַלעקסאַנדראָווע און זיך באַהאַלטן אין קאָרן. די דייטשן האָבן דאָס באַמערקט, האָבן אַרומגערינגלט דאָס פעלד און איינגעאָרדנט אַ פּאָלאָוואַניע (יאַגד). קיין איינער פון די בחורימלעך איז נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. שפּעטער האָבן זיך די דייטשן באַרימט פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג ווי טרעפלעך זיי האָבן היינט געשאָסן.

מענדל און בנימין גאַלאַס (זשעלאַזני). אויף זיי האָבן די דייטשן געהאַט אַ חשד, אַז זיי האָבן לינקע איבערצייגונגען. אין אַ שיינעם העלן טאָג האָט מען ביידע אַרויסגענומען פון געטאָ און ביזן היינטיקן טאָג איז מיר נישט געלונגען פעסטצושטעלן וואו מען האָט זיי דערמאָרדעט.

דוד טיקס איידעם האָט זיך אַרויסבאַקומען פון וואַרשעווער געטאָ און איז געקומען קיין סטשעגאָווע. ער האָט געבראַכט די טרויעריקע ידיעה, אַז די דעפּאָרטירטע יידן פון די געטאָס ווערן פאַרגאַזעוועט. ווי אַזוי די דאָזיקע ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט אויך צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג ווייסט מען נישט, נאָר אַ פאַקט איז, אַז אויך די דייטשן אין סטשעגאָווע זיינען דערפון געוואויר געוואָרן. זיי האָבן גלייך גענומען דעם ייד, אים אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער און אים שפּעטער אויפגעהאַנגען. אַ טייל קריסטן האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז די דייטשן האָבן אים דערשטיקט.

די מלמדים אברהם בינעם מאַרגאָלין און יצחק פרידמאַן האָבן געהאַט געפירט אין געטאָ אַ חדר. דאָס איז געווען אַ פרייש אָרט, וואו די דייטשן האָבן געקאָנט אויסנוצן זייערע סאַדיסטישע מעשים. אָפּטמאָל זיינען זיי אַריינגעפאַלן דאָרט אין דעם חדר און מוראדיק געשלאָגן די קינדער. געווען פאַלן, ווען די קינדער זיינען געשפּרונגען פון די פענצטער.

זייער שלעכט איז געווען אין געטאָ מיטן עסן. דער צוטייל פון פּראָדוקטן איז געווען אַ מינימאַלער: עטלעכע דעקאָ ברויט און אָפּגעצויגענע מילך פון גוטאָווסקיס מלעטשארניע. פון צייט צו צייט האָט מען צוגעטיילט אַביסל פליישׁ פון אַ געפּייגערט פערד. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ הונגער האָבן פיל יידן ריזיקירט מיטן לעבן, כדי זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ און אַריינשמוגלען אַביסל שפּייז. קוים האָט דער דייטש געכאַפּט אַזאַ ייד אויף דער אַרישער זייט, האָט ער אים גלייך דערשאָסן. מער מזל האָבן געהאַט מלך אויזעראָוויטש און רפאל לעווינסקי, וועלכע זיינען אָפּגעקומען מיט עטלעכע וואָכן פּייניקונג און תּפיסה.

די קריסטן, וועלכע האָבן צוגעשטעלט שפּייז פאַרן געטאָ האָבן פאַרלאַנגט גוואַלדיק הויכע פּרייזן, דער עיקר — גאָלד, אָדער אויסלענדישע וואַליוטע. נישט איינמאָל האָט געטראָפן ווען אַ יידישע פרוי האָט אַוועקגעגעבן פאַר אַ ברויט איר חופּה פינגערל, גאָלדענע קייטלעך און אַנדערע חפצים.

פון טאָג צו טאָג איז דאָס לעבן געוואָרן שווערער און ס'איז שוין נישט געווען פאַרוואָס צו קויפן. יעדער טאָג אַ נייע גזירה, יעדער טאָג קרבנות פון דערשיסן און געשטאָרבענע פון הונגער.

## אַ גרוויליקער טאָג

דער טאָג פון 6־טן אויגוסט 1942 איז געווען אַ מוראדיקער פאַר אַלע יידן אין סטשעגאָווער געטאָ. אין יענעם טאָג האָט דער יודן־ראַט באַקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן זיך צונויפזאַמלען. ווען אַלע יידן זיינען שוין געווען צונויפגעזאַמלט האָט אַ געסטאַפּאָוועץ, הפנים אַן עלטסטער, זיך אַוועקגעשטעלט און פאָרגעלייענט אַ פאַרטיקע ליסטע פון 20 פּערזאָן, וועלכע דאַרפן באַלד אַרעסטירט ווערן אויף אומצוברענגען. ער האָט געלייענט:

לייב פינקעלשטיין (65 יאָר)
אביגדור גאָלדשטיין (38 יאָר)
גדליה טיק (30 יאָר)
ראובן אויזעראָוויטש (43 יאָר)
אליעזר אויזעראָוויטש (48 יאָר)
יעקב גאָלדשטיין (25 יאָר)
אברהם בינעם מארגולין (66 יאָר)
יחיאל פלאָט (28 יאָר)
שמחה רעבעק (30 יאָר)
נחמן גרינבוים (25 יאָר)
פייוול בריוווטרעגער (19 יאָר)
חיים שורעק (30 יאָר)
הערש גורפינקעל (27 יאָר)
יחזקאל זשיכלינסקי (פון מלאָווע, 60 יאָר)
יחזקאל פאַס (פון שערפּץ)
יוסף אפרים לעלאָנעק (פון שערפּץ)
טוביה זשיטעלני (פון שערפּץ)
מאלעוויאק פון ביעזשון און נאָך צוויי אומבאַקאַנטע יידן — צוזאַמען 20 פּערזאָן.

די אַלע יידן האָט מען פאַרשפּאַרט אין אַן ענגן און פינצטערן קבר. די יידישע פּאָליציי האָט באַקומען אַ שטרענגע פאַראָרדענונג צו היטן די אַרעסטירטע און קיינעם פון די קרובים צו זיי נישט צולאָזן. ווי אַזוי זיי האָבן דאָרט אויסגעהאַלטן אָן עסן און אָן וואַסער איז זיך שווער פאָרצושטעלן. אַלע 20 יידן זיינען דורך די דייטשן פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט און

דער תפיסה־קעלער איז געווען אויסגערעכנט דערויף, אַז די קרבנות זאָלן בעת דער עקזעקוציע נישט זיין פּייאיק צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. צוזאַמען מיט דער וואַך פון דער יידישער פּאָ־ליציי זיינען אויך געשטאַנען דייטשן און ווען ס'האָט געטראָפן אַ מאָמענט, ווען די דייטשן האָבן נישט באַמערקט, האָט מען זיך געקאָנט דערנעענטערן צו דעם קעלער. קיין עסן אַריינוואַרפן האָט מען נישט געקענט, מען האָט נאָר בלויז געזאָגט תהילים. אַנדערע האָבן געלערנט משניות אַזוי ווי נאָך טויטע. פאַר דעם קעלער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט האַרצרייסנדיקע סצענעס. מאַמעס האָבן פון זיך די אָדערן געשניטן. פיר וואָכן זיינען די קרבנות געלעגן אין קעלער און פון צייט צו צייט פלעגן היטלעריסטן פון מלאַווע אַראָפּקומען אין קעלער און זען צי די יידן זשיפּען נאָך, ווייל צו דער תליה — זאָגן תליונים — מוז מען נאָך זיין לעבעדיק.

אַ טאָג פאַרן אויספירן די עקזעקוציע האָט מען דעם קעלער אַרומגעצוימט מיט דראָט און די יידן אַרויסגעלאָזט פון קעלער. שטייענדיק הינטער די דראָטן האָבן זיי געמוזט צוקוקן ווי מען בויט אַ תליה, לערך 5 מעטער אָפּגערוקט פון קעלער. די יידן פון געטאָ האָבן געמוזט ברענגען האָלץ און שטיינער צו דער תליה. עטלעכע יידן אין געטאָ האָבן אונטער קלעפּ גע־מוזט זיך איינאיבן ווי אַזוי אַוועקצונעמען דאָס בענקל פון דעם געהאַנגענעם. אויף אַ ספּעציעלן באַפעל האָבן די יידן געמוזט אונטערטראָגן די בענקלעך און אויף אַ ספּעציעלן באַפעל — מיט דער גרעסטער שנעלקייט — אַוועקכאַפּן די בענקלעך פון אונטער די פיס.

2־טער סעפּטעמבער, 1942 ; ווען ס'איז נאָך פינצטער געווען, האָבן זיך אַלע יידן — מענער, פרויען און קינדער, — געמוזט צונויפזאַמלען ביי דער תליה. די יידן האָבן נאָך געמוזט אַוועק־שטעלן שטולן פאַר די פאָלקס־דייטשן, וועלכע זיינען געקומען פריילעכע און אויך מיטגע־ברענגט זייערע קינדער און ווייבער. די דייטשן האָבן הויך געלאַכט, אַזוי ווי אויף אַ פאַר־ווייַלונג, און געלערנט די קינדער, אַז ווען זיי וועלן אויסוואַקסן זאָלן זיי אויך געבן פאַראָרדע־נונגען אומצוברענגען יידן. אַרום 11 אַזייגער זיינען אָנגעקומען פון מלאַווע דריי געסטאַפּאָוצעס אויספירן די עקזעקוציע. יעדן אַרעסטירטן ייד האָט מען געבונדן די פיס, די הענט און פאַר־לייגט די פּעטליעס איבערן האַלדז. איין געסטאַפּאָוועץ האָט געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט מאָטיווירט פאַרוואָס מען הענגט די 20 יידן. אויף איין ייד האָט ער געזאָגט, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ ; אויף אַ צווייטן, אַז ער האָט געשמוגלט שפּייז. אויף יעקב גאָלדשטיין האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געשפּילט אַ פּוילישן מאָטיוו, וואָס רופט צו פרייהייט.

ווען חיים שורעק איז שוין געווען געבונדן און האָט געכאַפּט אַ קוק אויף די פאַרזאַמלטע, האָט ער דערזען זיין פרוי, וואָס האָט געהאַלטן דאָס דריי־יעריק קינד אויפן האַנט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן די 20 קדושים אויסגעהויכט זייערע נשמות. ביז 6 אַזייגער פאַרנאַכט זיינען זיי געהאַנגען. שפּעטער האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין קאַלווינס וועלדל, וואו איין גרויסע גרוב איז פון פריער געווען צוגעגרייט.

(דעם 22טן יאַנואַר, 1948 — דאָנערשטיק, י״א שבט, ה'תש״ח — איז דורכגעפירט געוואָרן די עקסהומאַציע פון די 20 קדושים און מען האָט זיי געבראַכט צו קבר ישראל.)

פון יענעם טרויעריקן טאָג אָן איז שוין פאַר קיין שום ייד אין געטאָ נישט געווען קיין ספק, אַז אַלע וועלן אומקומען. די נערוון זיינען געווען ביי אַלעמען אויסגעשעפּט, אַז קיינער האָט זיך נישט אויסגעטאָן צו גיין שלאָפן. מען האָט דערוואַרט, אַז יעדע רגע קאָן קומען דאָס שרעקלעכסטע.

ס'איז געקומען דער 20־טער נאָוועמבער, 1942. ביינאַכט האָבן די יידן באַקומען אַ באַפעל צונויפצוזאַמלען זיך אין געטאָ. די דייטשן האָבן אויסגעקליבן אַלע עלטערע מענער און פרויען און אויף צוגעגרייטע פויערישע פורן, אַלעמען אַוועקגעפירט אין מלאַווער געטאָ. אָנקומענדיק קיין מלאַווע האָבן שוין געסטאַפּאָוצעס אָפּגעוואַרט אויף די קרבנות און זיי גלייך גענומען שלאָגן. דאָרט האָט מען צו די סטשעגאָווער יידן צוגעטיילט נאָך אַ טראַנספּאָרט פון מלאַווער יידן און אַלעמען אַוועקגעפירט צום באַנהויף. מיט ווילדע קולות פון די היטלעריסטן, אויסגעמישט מיט

געשרייען פון קליינע קינדער, האָט מען זיי אַזוי געטריבן אין איילעניש צו דער באַן. דער וואָס איז אומגעפאַלן, איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. מען האָט אים גלייך דערשאָסן. פויערים דערציילן, אַז דער גאַנצער וועג פון מלאַווע ביז וואולקע איז געווען אויסגעלייגט מיט געהרגעטע יידן. ווי מען גיט איבער איז דער דאָזיקער טראַנספּאָרט פון 20־טן נאָוועמבער אָװעקגעפירט געוואָרן אין דעם שרעקלעכסטן פון אַלע טויטן־לאַגערן, אין בעלזשעץ, און אומגעבראַכט געוואָרן אין די אָרטיקע גאַז־קאַמערן.

אין פיר טעג שפּעטער, ד. ה. 24־טן נאָוועמבער, 1942, איז פאָרגעקומען די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון סטשעגאָווער געטאָ. דאָס מאָל האָבן אַלע יידן אָן אויסנאַם זיך געמוזט צונויפזאַמלען אין געטאָ און אויף פויערישע וועגן האָט מען זיי אַװעקגעפירט קיין מלאַווע גלייך אויפן באַנהויף. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ און אויך אַ שיסעריי האָט מען די יידן אַריינגעטריבן אין די וואַגאָנעס, וועלכע זיינען געווען אויסגעשפּריצט מיט כלאָראפאָרם, וואָס האָט געריסן אין די אויגן.

צו 240 פּערזאָן האָט מען אַריינגעשפּאַרט אין אַ וואַגאָן. די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן זיינען אַרויפגעשטופּט געוואָרן אין דער הויך. אויפן באַן־הויף האָבן זיך געפונען אַזעלכע צוווילדעוועטע דייטשן, וועלכע האָבן זיך „גלאַט אַזוי" אַריינגעשאָטן אין וואַגאָן. דער צוג איז אָנגעקומען קיין אָשוויענטשים, אָבער אין די וואַגאָנעס איז שוין געווען אַ גאַנץ קליינער טייל לעבעדיקע. דער גרעסטער טייל איז פון ענגשאַפט און דורשטיקייט דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנעס. געווען אויך אַזעלכע, די גליקלעכערע, וועלכע האָבן געהאַט אַביסעלע סם און שנעל אַ סוף געמאַכט צו זייער לעבן.

ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן דער פּוילישער גמינע־סעקרעטאַר אין סטשעגאָווע זיינען

**Amtsbezirk Striegenau**
(Strzegowo)
**Kreis Mlawa, Südostpr.**

*Erlaubnisschein.*

*Dem polnisehen Arzt Dr Groehowski aus Strzegowo,Kreis Mielau, wird hiermit die Erlaubnis erteilt,das kranke Kind der Jüdin Brona Stawicka aus Strzegowo,außerhalb der Späehstunde zu behandeln.kixx Diese Erlaubnissehein hat Gültigkeit bis das Kind gesund ist.*

*Strzegowo,den 5.8.1942.*

*Der Amtskommissar:*




אַ נאַצישער דאָקומענט פון דער סטשעגאָווער געטאָ.

ביז און נאָך דער ליקווידאַציע פון 24־טן נאָוועמבער, 1942, צוויי הונדערט יידן אויסגעשטאָרבן אין געטאָ פון הונגער און טיפוס.

## שפּעטערע אינפאָרמאַציע

אין געטאָ האָט מען געפירט אַ שטיקל „פילאַנטראָפּישע" טעטיקייט, וואָס איז באַשטאַנען דערין, וואָס רייכערע און פאַרמעגלעכע יידן האָבן אָפּגעשפּאָרט זייער ביסן פאַר די אָרימערע און הונגעריקע, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן: געווען אַ צייט, ווען מען האָט צונויפגעזאַמלט געלט און מען האָט נישט געקאָנט קויפן קיין פּראָדוקטן.

מען האָט מיר דערציילט נאָך אַן עפּיזאָד. בשעתן דעפּאָרטירן די יידן קיין מלאָווע זיינען 2 יידן אַנטלאָפן פון טראַנספּאָרט און זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג צום טייך ביי דער מיל. די דייטשן האָבן זיי נאָכגעיאָגט און די יידן זיינען אַריין אין וואַסער. דער טייך איז געווען געפרוירן, אָבער דער דראַנג צום לעבן האָט זיי געגעבן אַזוי פיל כוח, אַז זיי זיינען דורך שטיקער אייז דורכגעשוואומען און אַרויסגעקומען אויפן צווייטן ברעג. פון יענער זייט האָבן שוין געוואַרט די רוצחים, וועלכע האָבן געעפנט אַ פייער אויף די צוויי אומגליקלעכע יידן. פאַרבלוטיקטע האָבן זיי זיך אַריינגעקיילט אין טייך. די נעמען פון די צוויי קדושים זיינען מיר אומבאַקאַנט.

לויט מיינע אינפאָרמאַציעס האָבן זיך אין אָשוויענטשים געראַטעוועט בלויז יחידים.

אַזוי אַרום איז ליקווידירט געוואָרן אַ לעבעדיק יידיש שטעטל אין פּוילן — סטשעגאָווע.

## סטשעגאָווער אין דער וואַרשעווער געטאָ

געווען איז עס אין חודש נאָוועמבער, 1939, נאָך דעם אַריינמאַרשירן פון די דייטשן אין פּוילן. אַ טייל לאַנד, סטשעגאָווע איינגעשלאָסן, האָבן זיי צוגעטיילט צום דריטן רייך. די צווייטע טייל, איינשליסנדיק וואַרשע, איז פאַרקלאַמירט געוואָרן פון די נאַציס אַלס דער גענעראַל־גובערנאַמענט.

צו יענער צייט זיינען אַ טייל פאַמיליעס אַנטלאָפן פון סטשעגאָווע, האָבן זיך דורכגעשמוגלט דעם גרענעץ־וועג און האָבן זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע. דער חשבון איז געווען, אַז אויב אין וואַרשע וועט דאָס לעבן זיין בעסער, וועלן די אַנטלאָפענע זען אויך איבערציען אַהער די פאַרבליבענע אין סטשעגאָווע. און אויב פאַרקערט — אויב אין סטשעגאָווע וועט די לאַגע זיך פאַרבעסערן — וועלן די אַנטלאָפענע שמוגלען דעם גרענעץ אויף צוריק. אַרויסגעוויזן האָט זיך אינגאַנצן אַנדערש. די סטשעגאָווער האָבן שוין נים געהאַט קיין מעגלעכקייט „אַריבערלויפן" קיין וואַרשע. און דאָס זעלבע וועגן די סטשעגאָווער אין וואַרשע זיך צוריקקערן אַהיים . . . די גרויל־טאַטן און פייניקונגען פון די נאַציס איז שוין איבעראַל געווען דאָס זעלבע.

געקומען קיין וואַרשע זיינען פאָלגנדיקע: מיינע עלטערן — יוסף און מאניע מאיראַנץ — רבקה שאַפּיראָ און פאַמיליע, פייגע שאַפּירא, סורטשע שאַפּירא און אהרן שאַפּירא; די פאַמיליע פּיאַטריקאָווסקי, יצחק סקאָווראָן, מענדל־זעליק גוטמאַרגן און פאַמיליע,ביילע פּערלמוטער (פון דער היים — סטאַוויצקי), אבא נאַוואָגראַדסקי מיט זיין פרוי, דער רב סעמיאַטיצקי מיט זיין פרוי און זיין יינגסטער זון אהרן יונה; מרדכי בערלין מיט דער פאַמיליע, הינדע בערלין מיט איר מוטער, נחום יאַקובאָוויטש מיט דער פאַמיליע, דוד טיק מיט זיין זון טוביה, שלמה ראָזען און זיין פרוי (טויבע גיפּס), די פרוי פּיעכאָטקאָ. געוואוינט האָבן די סטשעגאָווער ביי קרובים און באַקאַנטע.

## דאָס לעבן פון די סטשעגאָווער אין דער וואַרשעווער געטאָ

מיט די סטשעגאָווער אין וואַרשע האָב איך זיך אָפּט געטראָפן ביי די שאַפּיראָס אין הויז,

ווייל ביי זיי האָבן זיך אַלע גרופירט. זיי האָבן געוואוינט אויף פּאָקאָרנע נומער 7. דאָס איז געווען דער צפון־טייל פון דער געטאָ. דאָ האָט זיך געפונען דער וועג, וואָס האָט געפירט צום דאַנציקער באַנהויף, וואו עס פלעגן אַריינקומען די באַנען פון מלאַווע און טשעכאַנאָוו. אויף דעם אָפּשניט ליגט אונדזער שטעטל סטשעגאָווע. יעדער סטשעגאָווער, ביים אַריינגיין אין טויער צו די שאַפּיראָס, פלעגט וואַרפן זיינע בליקן אין דער ריכטונג פון סטשעגאָווע, אַוועקגענומען די בליקן האָבן זיי, ווען די טרערן האָבן פאַרגאָסן די אויגן.

פאַרן פאַרמאַכן די געטאָ איז אהרן שאַפּיראָ, נאָך פון פרימאָרגן, געשטאַנען אויפן וועג מיטן פּנים צום דאַנציקער באַנהויף, און געזוכט מיט די אויגן אַ באַקאַנטן פּאָליאַק פון סטשעגאָווע, אָדער פון אומגעגנט, אויסגעפינען וואָס עס הערט זיך אין סטשעגאָווע. אָפּטמאָל האָט ער אָנגעטראָפן עמיצן פון דאָרטן, זיך אויסגעפרעגט וועגן אַלץ און אַלעמען און געוואויר געוואָרן פון די צרות אין סטשעגאָווע. ס'האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט, אַז פון אַלע פונקטן אין דער וואַרשעווער געטאָ זיינען סטשעגאָווער געקומען צו אהרן שאַפּיראָ אין הויז. יעדער איינער האָט געבראַכט זיינע גרויליקע נייעס פון סטשעגאָווע. אַמשטאַרקסטן דערשלאָגן און פּעסימיסטיש איז געווען רבקה שאַפּיראָ. נאָך יעדער נייעס־אויסטויש האָט זי באַמערקט: „אַ שאָד די מי. מיר וועלן פון די היטלעריסטישע רוצחים זיך ניט ראַטעווען."

עס זיינען אַוועק וואָכן און חדשים. די געטאָ איז געוואָרן פאַרמאַכט. אהרן שאַפּיראָ האָט קיין נייעס שוין ניט געקאָנט ברענגען, ווייל מיר זיינען שוין געווען אַרומגעמויערט. דאָס ביסל שפּייז, וואָס יעדער איינער האָט מיט זיך געבראַכט פון סטשעגאָווע האָט זיך אויסגעלאָזט. עס זיינען אַוועק טעג, וואָס מיר האָבן אפילו קיין ביסן ברויט ניט געהאַט. מען האָט געלעבט אויף צוגעטיילטער וואַסער. יעדער איינער איז פון הונגער אַלץ מער אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

ס'איז אָנגעקומען דער צווייטער ווינטער. ניט געווען מיט וואָס אָנצוהייצן, איז מען געלעגן אין די בעטן, וועלכע האָבן געדינט צוויי צוועקן: צו פאַרשלאָפן דעם הונגער און זיך כלומרשט וואַרעמען. אַזוי ווי ביי אַלע האָט ביי די שאַפּיראָס זיך אויך געענדערט. פייגע איז קראַנק געוואָרן. נישט האָבנדיק קיין מעדיקאַמענטן זי צו ראַטעווען און כאָטש אַ ביסן אין מויל אַריין, האָט זי קירצלעך אויסגעהויכט די נשמה. רבקה מיט סורטשען האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צוריק קיין סטשעגאָווע. ביים געזעגענען זיך האָט רבקה געזאָגט: „שטאַרבן איז ניט קיין אונטערשייד וואו מען שטאַרבט, ווייל דער טויט איז אַ זיכערער." פון יענעם טאָג אָן האָט דאָס הויז פון די שאַפּיראָס אויפגעהערט צו זיין דער אַדרעס פון די סטשעגאָווער. און אהרן, אַרומגייענדיג ווי אַ געטרייער סאָלדאַט אַרום די סטשעגאָווער טיפוס־קראַנקע, האָט זיך אַליין אָנגעשטעקט, איז געלעגן עטלעכע טעג אין בעט און אויך אויסגעהויכט זיין ליכטיקע נשמה.

מיט אַ צייט שפּעטער, וואַנדערנדיק אויף דעם וואַרשעווער בית־עלמין, האָב איך געפונען דעם קבר פון אהרן שאַפּיראָ, און האָב דערקענט דעם אויפשריפט געשריבן פון מיין טאַטן. האָב איך איינגעמויערט אַן אַנדער מצבה מיט אַ צווייטן אויפשריפט און האָב דעם פריערדיקן איבערשריפט גענומען אַ היים, ווייל דאָס איז דער איינציקער אָנדענק וואָס איז מיר געבליבן נאָך מיין טאַטן — זיין כתב־יד — די שריפט, געשריבן מיט זיין אייגענער האַנט . . .

צוריק זיך אַוועקגעלאָזט קיין סטשעגאָווע האָבן פאָלגנדיקע: מרדכי בערלין מיט דער פאַמיליע, מענדל־זעליק מיט דער פרוי, שלמה ראָזען; יצחק סקאָווראָן איז אַוועק קיין סוכאָטשין צו זיינער אַ טאָכטער, אוןביילע פּערלמוטער — קיין מלאַווע. די אַלע זיינען אומגעקומען אין די לאַגערן, וואוהין מען האָט זיי אַריבערטראַנספּאָרטירט.

מיט די איבערגעבליבענע סטשעגאָווער אין דער וואַרשעווער געטאָ האָב איך ווייטער פון צייט צו צייט זיך געטראָפן. מיין טאַטע האָט מיר צוגעשטעלט די אַדרעסן און אויסגעשטעלט דאַטעס, אָנגעבנדיק גענוי די טעג אין וועלכע איך דאַרף באַזוכן די סטשעגאָווער אין דער געטאָ. פון איין צוזאַמענטרעף ביז דעם צווייטן, איז יעדער איינער געוואָרן אַזוי שטאַרק פאַרענדערט, אַז דער גרויל פון דער געטאָ איז געלעגן אויף יעדנס פּנים — אויסגעבלייכט, גרוי, געשוואָלן

פון הונגער, אײנגעבויגן און שוואַך. געליטן פון הונגער און קעלט האָבן אַלע סטשעגאָווער צוגלײך.

די גרויל און אומבאַגרײפלעכע נויט האָט פאַרזיגלט דעם גורל. די בענקשאַפט נאָך דעם אַמאָליקן סטשעגאָווע האָט גענאָגט און די נערוון האָבן ניט אויסגעהאַלטן . . .

## מײן לעצטער באַזוך אין דער וואַרשעווער געטאָ

דאָס לעצטע מאָל ווען איך האָב באַזוכט דעם סטשעגאָווער רב סעמיאַטיצקי אין דער געטאָ, איז געווען שווער אים צו דערקענען. ער איז געווען איגגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. ניט אַזוי פון הונגער — ווײל הונגער איז שוין געוואָרן אַ נאַטירלעכער באַגלײטער. צוזאַמענגע־בראָכן איז ער פון דער נאַצישער צײטונג „דאַס דריטעס רײך", אויף וועלכן עס איז געווען אַ גרויסער אויפשריפט, אַז אַלע ײדן מוזן פאַרניכטעט ווערן.

אָט־די ידיעה האָט זיך שנעל פאַרשפּרײט איבער דער גאַנצער געטאָ. אין דעם מאָמענט בין איך געווען זיכער, אַז ווען איך וועל נאָך אַמאָל קומען אין דער געטאָ, וועל איך שוין דעם רב קײן לעבעדיקן ניט טרעפן. און אַזוי איז טאַקע געשען. ער האָט דאָס ניט געקאָנט איבער־טראָגן. ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. ער רוט אויף דעם וואַרשעווער בית־עלמין. מיט אַ נאַטירלעכן טויט איז אויך געשטאָרבן דוד טיק.

די איבעריקע סטשעגאָווער האָבן, אין גרויסער נויט, דערשלעפּט דאָס לעבן ביז צו דער אויסזידלונג — אײנער פריער, אַן אַנדערער שפּעטער. אַוועקגעריסן געוואָרן און אומגעקומען אין טרעבלינקע זײנען: מײנע עלטערן, אבא נאוואגראדסקי מיט דער פרוי, נחום יאקובאָוויטש מיט זײן פרוי און זײער זון יאָסל און די פאַמיליע פּיאָטריקאָווסקי. אומגעקומען אין צײט פון דעם אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ, בײ דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, זײנען: עלײן יאקובאוויטש, אהרן־יונה סעמיאַטיצקי, טוביה טיק; מיט אַ נאַטירלעכן טויט איז, אין צײט פון אויפשטאַנד, געשטאָרבן די פרוי בערלין (הינדע׳ס מוטער). אין אָסוויענטשים זײנען, פון מײן טראַנספּאָרט בײ דער ערשטער סעלעקציע, אומגעקומען: אברהמיק פּיאָטריקאָווסקי און אַנשל פּיאָטריקאָווסקיס ײנגסטער זון. פון די לעבן־געבליבענע סטשעגאָווער אין דער וואַר־שעווער געטאָ זײנען מאַלע פּיאָטריקאָווסקי מיט איר טאָכטער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגע־ראַטעוועט אויף דער אַרישער זײט און משה גיפּס, וועלכער האָט פאַרלוירן אַ האַנט, און הינדע בערלין און איך אַלײן, פישל מײראַנץ — איבערלעבנדיק די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

דאָס איז אין קורצן אַ טראַגיש קאַפּיטל, וואָס איך מיט אַ טײל סטשעגאָווער האָבן דורכ־געמאַכט און וואָס איך האָב איבערגעלעבט און דערלעבט צו פאַרצײכענען.







אָט אַזאַ סאָרט „פּאַפּיר־געלט" האָבן די נאַציס אַרויסגעגעבן פאַר די ײדן אין די געטאָס.

הינדע בערלין (וואַשינגטאָן)

# פּיין און הערּאָיזם פון די סטשעגאָווער ייִדן *

מיר, סטשעגאָווער, האָבן אין דער געטאָ זיך געהאַלטן אַלע צוזאַמען. יעדן טאָג געווען פאַרפליכטעט זיך צו זען, און איינער דעם צווייטן אַלעס נויטיקע איבערצוגעבן, כדי אויף איין טאָג אפילו נישט פאַרלירן די פאַרבינדונג צווישן זיך, און מיר אַלע — מיט אונדזער שטעטל. וועגן אַלע אינטימע און נויטיקע זאַכן האָבן דערליידיקט אהרן שאַפּיראָ און אהרן־יונה סימיאַטיצקי (דעם רבס ייִנגסטער זון) און אַביסל איך. מיר דריי האָבן זיך פאַרנומען מיט די אַלע ענינים און זיך פאַראינטערעסירט צו העלפן, מיט יעדער נויטיקער הילף, די אויסגעזידלטע (אַרויסגעטריבענע) ייִדן פון אונדזערע שכנותדיקע שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וואַרשע און געלעבט אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען; האָבן זיך געפונען אין „פּונקטן" — דאָס הייסט, אין שולן, אין אומנוצלעכע לאָקאַלן. אַממערסטן פון די קרבנות זיינען געווען די ראַטשוינזער ייִדן: געוואוינט צו פינף־זעקס פאַמיליעס אין איין צימער. פון שמוץ און הונגער איז יעדן טאָג זייער צאָל געוואָרן אַלץ קלענער.



הינדע בערלין

שרעקלעך איז געווען צו זען די פּיין פון אונדזערע ראַטשוינזער גבירישע קינדער, וועלכע זיינען געשוואָלענע פון הונגער געפאַלן אין גאַס, אָדער דערשאָסן געוואָרן ביי דער וואַך פאַר דורכשמוגלען אַ ברויט אָדער קאַרטאָפל (דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי אונדז אין שטעטל).

אהרן שאַפּיראָ, וועלכער האָט אַלעס מעגלעכע פאַר זיי געטאָן: געגאַנגען צו די קראַנקע אין די „פּונקטן", ביז ער איז אַליין אָנגעשטעקט געוואָרן מיט טיפוס, איז אויפן זעקסטן טאָג פון זיין קרענק געשטאָרבן. איך האָב ערשט געקאָנט צו אים אַריינקומען, ווען ער האָט שוין געהאַט זיין באַוואוסטזיין פאַרלוירן. אייגענע האָט ער צו זיך נישט אַריינגעלאָזט, נישט וועלנדיק, אַז זיי זאָלן זיך אויך מיט טיפוס אָנשטעקן. זיין טויט איז פאַר אונדז, סטשעגאָווער (אין וואַרשע), געווען אַ גרויסער קלאַפּ; באַזונדער אויף סימיאַטיצקין.

נאָכן טויט פון פיל סטשעגאָווער: דוד טיק, אהרן שאַפּיראָ, הרב סימיאַטיצקי, מרים פּיאָטריקאָווסקי, איז די פאַרצווייפלונג צווישן אונדז נאָך ווייטער געשטיגן. יעדן טאָג איז געוואָרן אַלץ ערגער און אונדזער צאָל אַלץ ווייניקער. די איבעריקע באַקאַנטע פון שערפּץ און אַנדערע שטעטלעך, האָט מען אַלע געכאַפּט און פאַרשיקט, געבליבן פון אַלע בין איך און סימיאַטיצקי, וועלכער האָט שוין מער ליידן נישט געקאָנט. געווען פאַרשטעקט אין אַ פינצטערן קעלער, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט און געקומען זיך געזעגענען און צושטעלן זיך צום אַוועקשיקן, מיט דעם פולן באַוואוסטזיין, אַז ער גייט אויף פאַרניכטונג, אָבער ער קריגט דערפאַר אַ ברויט מיט מאַרמאַלאַד . . .

פון אָט־די צייטן געדענק איך ניט קיין גענויע דאַטעס. דאָס איז געווען די לעצטע אַקציע. ער האָט געוואוסט, אַז מער קיין ברויט וועט מען נישט געבן. מען וועט פאַרניכטן אָן ברויט. האָט ער זיך צוגעאיילט . . . איך האָב דאָס זעלבע טאָן נישט געקאָנט. דעמאָלט האָט נאָך געלעבט מיין מוטער, כ'האָב נישט געוואָלט זען, אַז פאַר מיר אין די אויגן זאָל מען זי דערשיסן אָדער פאַרפייניקן. געלט און גאָלד האָט שוין אין יענער צייט דעם טויט אויף קיין איין טאָג

---

* געשריבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בעלזען, 10טן דעצעמבער, 1948. הינדע בערלין האָט זיך ענדלעך אַרויסגעראַטעוועט און געפינט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. מען האָט זיך אויף קיין איין טאָג ניט געקאָנט אויסקויפן. דאָך איז אונדז געלונגען — מיר מיט מיין מוטער — אין פאַרשיידענע בונקערס (קעלערס) זיך אויסצו־באַהאַלטן ביזן סוף מאַי, 1943. עטלעכע טעג פאַר מיין אַרעסט, האָט מען אונדזער הויז — מוראַנאָווסקי 44 — אונטערגעצונדן און פאַרברענט. צוויי טעג פאַרן אונטערצינדן, איז מיין מוטער, ווי אַ הייליקע, מיט אַ נאַטירלעכן טויט געשטאָרבן.

פאַר נישט וועלן זיך גלייך אונטערגעבן האָט מען אונדז, אַ גרופּע סטשעגאָווער מענטשן, געהאַלטן אַלס געטאָ־אויפשטענדלער און פאַראורטיילט צו שיסן. האַלטנדיק, אַז דאָס איז אַ צו־לייכטער טויט, האָט מען נאָך פיל מצווה־קלעפּ (מיט שטיוול און גאַמעס) אונדז אָפּגעשיקט אין פאַרבלאָמבירטע פערד־וואַגאָנעס, צו 140־150 מאַן אין איין וואַגאָן — נאָך לובלין און מאַידאַנעק. בין איך נאָר אַרויס און די פרוי זאַלבערג (פון דער היים: פּיאַטריקאָווסקא). אין מאַידאַנעק האָט די פרוי זאַלבערג זיך געטראָפן מיט אירע צוויי טעכטער, וועלכע האָבן יעדן טאָג געוואַרט אויף מיין שיסעלע פון עסן, דאָס צו קאָנען מיט דער צונג אויסלעקן . . . זיי האָט מען דערנאָך אַוועקגעשיקט נאָך ראַדאָם מיט אַ טראַנספּאָרט. איך בין שוין דערצו נישט געווען טויגלעך (צו מאָגער), האָט מען מיך אָפּגעוואָרפן. דאַן זיינען פון די באַקאַנטע פון וואַרשע געבליבן — איך און צוויי טעכטער פון איינהאָרן (מיטאַרבעטער פון „היינט"). נאָך אַ קורצער צייט זיין אין מאַידאַנעק זיינען זיי אויך פאַרשוואונדן. כ'בין געבליבן אינגאַנצן אַליין. פאַרן פאַרלאָזן מאַי־דאַנעק, האָב איך נאָך באַוויזן צו באַקומען 25 שמיץ פון אונטערשעף־פירער אַליין (אַ „כבוד!"), און דערצו נאָך 14 טעג שטיין אַפּעל, און דאָס האָט געקאָנט אויסהאַלטן איך — הינדע בערלין . . .

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען אונדז געשיקט נאָך אוישוויץ (בירקענא). ווען מען האָט מיך פון מאַידאַנעק נאָך אוישוויץ געבראַכט, האָב איך, אַ צופרידענע, אפילו נישט געפילט די ווייטיקן פון טאַטואירן אויף מיין אָרעם דעם נומער 49330. כ'בין פול געווען מיט דער נאַ־איווער האָפענונג, אַז כ'וועל נאָך וועמען פון מיינע נאָענטע געפינען. נאָר ווען כ'האָב די גרויסע קוימענס געזען און זיך איבערצייגט, אַז דאָס זיינען קיין פאַבריקן נישט, נאָר אויוונס וואו מען פאַרברענט מענטשן, וואו מען האָט מיין גאַנצע פאַמיליע, מיינע פריינט, מיין גאַנצע שטאָט מענטשן פאַרברענט, מענטשן פון מיין גאַנצער געגנט — און אַז אַלע יידן מוזן דאָרט פאַרברענט ווערן — האָב איך שוין אויפגעגעבן מיין האָפענונג, אַז כ'וועל נאָך וועמען געפינען. איך האָב איינגעזען ווי קורץ ס'איז מיין לעבן אין אוישוויץ (בירקענא). דער שענסטער טרוים און וואונטש איז געווען, צו קריגן אַ קויל און דערשאָסן ווערן. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַנטאַזיע. נישט יעדער האָט דאָס גליק געהאַט . . . מען האָט געמוזט זייער אַ גליקלעכער זיין צו ווערן אין בירקענא דערשאָסן.

ווען כ'האָב אַ געוויסן טאָג צו מיין אַרבעט נישט געקאָנט גיין, בין איך געבליבן אַרבעטן אויפן לאַגער: געגאַנגען גראָבן גראָז, נישט ווייט פון די עלעקטרישע דראָטן, וואו ס'האָבן מענער געאַרבעט. פונדערווייטנס האָט אַ מאַן פיל מאָל גערופן: „הינדע! הינדע!" כ'האָב מיין נאָמען שוין כמעט געהאַט פאַרגעסן. שטענדיק אַ דערשראָקענע געהיט זיך פאַר קלעפּ און נישט געגלויבט, אַז מיין נאָמען קען נאָך פון וועמען גערופן ווערן.

די העפטלינגען (פרויען), מיט וועלכע כ'האָב צוזאַמען געאַרבעט, מעגלעך אַז אויך מיט אַן ענלעכן נאָמען, האָבן מיטן פינגער אויף זיך געוויזן: אפשר רופט זיי אַן אייגענער. דער מאַן האָט אָבער אָנגעוויזן, אַז נישט זיי מיינט ער. איין העפטלינג האָט מיך אַ טרייסל געטאָן: „מען רופט דאָך דיך!" נישט גלויבנדיק, האָב איך דעם קאָפּ אויפגעהויבן, און דורך די דראָטן באַ־מערקט אַ מאַן רופנדיק: „הינדע! הינדעלע בערלין!"

אויף מיין פראַגע: „ווער ביזטו"? האָב איך קוים דערהערט: „חנא קלאַפּמאַן!" כ'האָב זיך פיל געוואָלט פרעגן, אָבער אַ שטיקנדיק געוויין האָט ביי מיר דאָס לשון אַוועקגענומען, און מען האָט מיך אויפן בלאָק געברענגט אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. נאָך אַ געוויסער צייט אָפּרו, און נאָך פיל באַמיאונג, איז מיר געלונגען, אין דעם זעלבן טאָג, נאָך איין מאָל צוגיין צו

די דראָטן. כ׳האָב מיין אויפֿזעעריין צוגעשוואוירן זיך רואיק צו פֿאַרהאַלטן; ביים ערגסטן פֿאַל, קיין טרער נישט לאָזן, נאָר אַרבעטן. זי איז געווען אַ מענטש מיט געפֿיל. באַלד האָב איך דערזען לויפֿן העפֿטלינגען (מענטשן), דערקענט יצחק פֿאַביאַן, יעקב פֿינקעלשטיין און פֿון גאַנץ ווייט — הערשל ראָזען. כ׳האָב דאַן זיך מער באַהערשן נישט געקענט, און ווילד געשריען צו זיי: „און וואו זיינען אַלע? מרדכי מיין ברודער?" מער לאָזט זיך אויפֿן פּאַפּיר נישט ברענגען. מער וועט איר אפשר נישט גלויבן, און מער וועט אין אייער פֿאַנטאַזיע מעגלעך קיין פּלאַץ נישט זיין.

זיי האָבן אַלעס געטאָן נישט צו לאָזן מיך שטאַרבן פֿון הונגער. איך האָב זיי פֿיל מאָל געבעטן און נישט געוואָלט קיין הילף נעמען, ביז זיי וועלן מיר נישט זאָגן וואו ס׳איז אַהינגעקומען מיין ברודער מרדכי, ווען מען האָט אויך אויסגעקליבן, צוזאַמען מיט זיי, צו דער שמוציקער, פֿאַרשאָלטענער אַרבעט. מען האָט פֿון אַ פּאָר טויזנט מאַן נאָר עטלעכע מענער, די געזינטסטע, אויסגעקליבן, צווישן זיי אויך מרדכין. די אַרבעט האָט געדאַרפֿט באַשטיין פֿון דער „זאָנדער קאָמאַנדע"; דאָס הייסט, העלפֿן פֿאַרברענען די פֿיל מענטשן, וואָס מען האָט געבראַכט פֿון די קרעמאַטאָריעס. ער האָט ביי אַזאַ אַרבעט נישט געקאָנט פֿאַרבלייבן, אפֿילו פֿאַר דעם פּרייז פֿון זיין לעבן. ער האָט נישט געקאָנט זיין אין אַ גיהנום צו ברענען, נישט קיין זינדיקע, נאָר אומשולדיקע, אייגענע פֿרויען, אייגענע קינדער, אייגענע עלטערן, שוועסטער און ברידער; אַליין העלפֿן פֿאַרברענען מענטשן פֿון גאַנצע שטעט . . . אַזאַ גיהנום האָט נאָך קיין מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע נישט אויסגעטראַכט . . . פֿון טויזנטער מענטשן אויסצוקלייבן איינצעלנע און זיי באַשטימען, אַז זיי זאָלן זייערע אַלע אייגענע, נאָענטסטע און ליבסטע פֿאַרניכטן — אַזעלכעס האָט מיין ברודער, מרדכי בערלין, נישט געקאָנט גובר זיין, נישט מיט זיין געדאַנק און נישט דורכן איינפֿלוס פֿון אַלע איבעריקע, וועלכע האָבן אים נישט געלאָזט צו טראַכטן אפֿילו פֿון גיין צוזאַמען מיט אַלע אומשולדיקע אין גאַז־קאַמער אַריין און פֿאַרברענט צו ווערן.

מרדכי האָט געפֿילט און פֿאָראויסגעזען, אַז ווען ס׳וועט שוין יאָ קומען אַ צייט צו נעמען נקמה, וועט ער שוין זיין צופֿיל דערשעפּט, און וועט אפשר ווערן אַזוי ווי יענע, וועלכע פֿילן ווייניק האַס צו די מערדער פֿון זייערע נאָענטע, אָדער פֿאַרגעסן אין די הייליקע שבועות, פֿאַרגעסן אין די שרעקלעכע פּייניקונגען — צו קאָנען נעמען נקמה. און אויב צו בלייבן אַזאַ קראַנקער מענטש, אָן אַ זכרון (נישט צו קענען געדענקען), איז שוין בעסער געזונטערהייט צו גיין אין גאַז־קאַמער אַריין.

אַזוי האָט ער געזאָגט און אַזוי האָט ער געטאָן, נישט פֿרעגנדיק ביי קיינעם. ער האָט נאָר אַ קורצע צייט געאַרבעט, און איז וואָס אַמאָל געוואָרן מער פֿאַרצווייפֿלט.

קורץ פֿאַר מיין קומען איז געווען אַ סעלעקציע. מען האָט אויסגעקליבן די שוין נישט פֿייאיקע צו דער אַרבעט, האָט מען שוין גענומען צו פֿאַרניכטונג! מרדכי, זייענדיק נאָך געזונטער און פֿייאיקער ווי אַ סך אַנדערע צו דער אַרבעט, האָט זיך צוגעשטעלט צו די שוין צום־טויט־פֿאַראורטיילטע. מען האָט אים נאָך געקענט געווען אַרויסנעמען, אָבער ער האָט נישט געוואָלט מער זיך לאָזן איבערצייגן. הייליק זאָל זיין זיין אָנדענק!

זייענדיק נאָך אין סטשעגאָווע האָט ער געוואָלט שאַפֿן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, אָבער צו קליין זיינען געווען אונדזערע וועלדער און צו גרויס די צאָל פֿון אונדזערע קריסטלעכע אַנטיסעמיטן.

איך האָב גליקלעך אויפֿגענומען די ידיעה פֿון זיין אומקום, זייענדיק זיכער, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך אויך אַזוי אומקומען. דאָך האָבן מיינע סטשעגאָווער אַלעס געטאָן מיך נישט צו לאָזן שטאַרבן (פֿון הונגער), געשיקט פֿיל מעדיקאַמענטן פֿאַר מיר און פֿאַר פֿיל פֿרעמדע די וואונדן צו היילן. אַלע מעגלעכע הילף, וואָס זיי האָבן געקאָנט אַריבערשיקן, האָבן זיי דורך מיר געגעבן. מער פֿון אַלע האָט יצחק פֿאַביאַן צוגעשטעלט. זיי האָבן שמיר־אויל בגנבה גענומען און צו די פֿרויען געשיקט, כדי זיך די קרעץ צו היילן. שווער איז געווען דאָס איבערשיקן פֿון אָט־די פֿאַרבאָטענע זאַכן. כ׳האָב דאָס צווישן אַ טייל זייער קרעציקע צעטיילט.

דאָס האָט געהייסן: מעדיצין אָנצוהאַלטן דאָס לעבן לענגער . . .

אין אַ צייט שפּעטער האָט מען חנא קלאַפּמאַן, לישא פּאשיצקי, יעקב פינקעלשטיין (וועלכער איז אין לאַגער נישט שלעכט געווען באַשעפטיקט אַלס פריזירער). מען האָט זיי מיט אַ „קאָ־מאַנדע" אַוועקגעשיקט . . . אין די גאַז־אויוונס. יעקבס לעצטע ווערטער אין בריוו זיינען געווען:

„כ'ווייס, אַז כ'פאַר אויף פאַרניכטונג. אַלץ איינס וואָס מיט מיר וועט געשען, אַבי אַוועק פון אוישוויץ און פון דער „זאָנדער קאָמאַנדע". זיי מוחל די, וועלכע טוען נישט אַזוי ווי איך."

און באַלד טאַקע האָט מען זיך דערוואוסט, וואוהין מען האָט די דריי הונדערט געזונטע און פייאיקע מענער גענומען.

נאָך עטלעכע ענלעכע פאַלן, האָבן אַ טייל פון דער „זאָנדער־קאָמאַנדע" זיך גענומען שטאַר־קער צו זייער געהיימער אַרבעט. צו יענער צייט האָט מען אין אוישוויץ געהאַנגען פיר מיידלעך, יונגע פיר מיידלעך, צווישן זיי אַ געוויסע כאבאטא פון טשעכאַנאָוו (סטאַוויצקיס אַ קוזינע). די מיידלעך האָבן געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק „אוניאַן". ביים אַרויסשיטן דאָס מיסט האָבן זיי איבערגעגעבן צוביסלעך שטויביקן אויפרייס־מאַטעריאַל און אויך איזאָלירטע שערן. אונדזער יצחק פאַביאַן איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטאַרבעטער. אַלעס האָב איך פון אים געוואוסט, נאָר וועגן צוגרייטן דעם אויפשטאַנד, דעם טערמין פון אויפרייס פון דעם קרעמאַ־טאריום, דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר מיר אַלס אַ סוד.

פאַר יעדן בריוול שרייבן צו מיר האָט אים געדראָעט טויט־שטראָף, דאָך האָבן מיר כמעט יעדן טאָג וועגן זיך עפּעס געוואוסט. דער אופן פון איבערגעבן זיך אַ בריוול איז אומבאַגרייפ־לעך און אומבאַשרייבלעך. געזען האָבן מיר זיך פונדערווייטנס, דורך אַ שפּעלטל פון אַ קליין פענצטערל, און דערקענט זיך לויט אַן אָפּגעשטימטן צייכן. דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבן זיך געזען איז געווען ערב יום־כיפור, 1944. ער איז דעמאָלט געקומען קיין בירקענאַ, אין דעם פרויען־לאַגער, אַלס קאַנאַליזאַטאָר־אַרבעטער. כדי זיך מיט מיר צו זען און איבערגעבן, אַז מיר זאָלן זיין וואַכזאַם און גרייט צו אַנטלויפן, אין דעם מאָמענט ווען די עלעקטרישע דראָטן וועלן זיין איבערגעהאַקט. אַ גליקלעכע בשורה. מיט עטלעכע טעג פריער איז געקומען צו אונדז אין פרויען־לאַגער אַלס דאָקטאָר, מיט אַ רויט קרויז־קעסטל, אַ געוויסער פּיטעל פון מלאַווע (געאַרבעט אַלס זאנדעראַרוויץ אין דער זאָנדער־קאָמאַנדע) און געוואָלט זען די, וועלכע האָבן אַ פאַרבינדונג מיט זייערע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע. מיין אַרבעט איז דאַן געווען זויבער צו מאַכן די וואַש־רוימען, אויך די קאַנאַלן. אַזוי אַרום איז געווען די מעגלעכקייט זיך צו זען מיט מענער, און מיט יצחקן. יענעם ערב יום־כיפור, ביים לעצטן מאָל זיך זען מיט אים, בעתן פאַרטוישן דאָס ערשטע וואָרט, איז אַזוי ווי פון דער ערד אַרויסגעוואָקסן די לאַגער־קאַפּאָ (אַ פאָלקס־דויטשקע) און מיט עטלעכע שטויס מיר אונטערן האַרץ און אין געזיכט, איז מיין גאַנץ פּנים מיט בלוט פאַרגאָסן געוואָרן, און איך האָב שוין גאָרנישט געקאָנט זען. דאָך איז מיר נאָך שפּעטער געלונגען עטלעכע ווערטער מיט אים צו רעדן. אין זיין לעצטן בריוו (וועלכער ליגט נאָך אפשר ביז היינט פאַרשטופּט טיף דאָרט אין אַ אוישוויצער־רער פון אַ קאַנאַל) האָט ער גע־שריבן, אַז איך זאָל גלויבן, אַז די פרייהייט איז שוין נאָענט.

ווען דער אויפשטאַנד איז שוין מיט אַלעם געווען צוגעגרייט, און די אונטער־שעף־פירער, וועלכע זיינען געקומען אָפּקאָנטראָלירן די אויוונס האָבן זיך באַוויזן, זיינען זיי דורך די עטלעכע בחורים אין די אויוונס געוואָרפן געוואָרן. און ווען דער לעצטער האָט געדאַרפט אַריינקומען אויף קאָנטראָל, אויף וועמען מען האָט געוואַרט דאָס זעלבע צו טאָן, איז אַרויס אַ געוויסער יידישער (ביאַליסטאָקער) פראָוואָקאַטאָר, אַ זאָנדעראַראוויץ, און האָט אַלעס געגעבן איבערגעגעבן דעם דייטשישן אונטערשעף־פירער. ס'איז באַלד געוואָרן אַן אַלאַרם, און דער אויפרייס, וואָס איז געווען געפּלאַנעוועט, איז געוואָרן צוגעאיילט מיט עטלעכע שעה. נישט ריכטנדיק זיך אויף דער פראָוואָקאַציע, האָבן די עטלעכע מענער, צווישן זיי אונדזער יצחק פאַביאַן פון סטשעגאָווע און פּיטעל פון מלאַווע, נאָך באַוויזן אונטערצוצינדן דעם קרעמאַטאָריום (געווען זיינען 4 קרע־

מאַטאָריעס) און אויפצוהאַקן די דראָטן. אין דעם מאָמענט האָבן די היטלעריסטישע מערדער געלאָזט פיל מאַשין־געווער אין גאַנג און אונדזערע גרויסע העלדן דעם טויט דערלייכטערט.


יצחק פאביאן, ז"ל

דער ערשטער איז געפאַלן פּיטעל. יצחק איז געפאַלן שוין ווייט אין פעלד. דאָך האָט ער נאָך באַוויזן אויסצונוצן זיין מוט און ענערגיע, אַ זאַך, וואָס הונדערטער טויזנטער מענטשן האָבן נישט געהאַט דעם מוט דערצו, און גענומען נקמה פון די היט־לעריסטישע בלוטיקע הינט.

אָט אַזוי זיינען העלדיש אומגעקומען אַ גרופּע קעמפער, קדושים, אין קאַמף פאַר דעם כבוד פון דעם יידישן פאָלק, צום רום פון אונדזער שטעטעלע סטשעגאָווע.

***

ס'קאָן זיין, אַז ס'ווערט לאַנגווייליק צו לייענען אַזויפיל רע־טאָלן פון אומקום פון בלויז עטלעכע מענטשן. קיין אַנטשולדי־קונג ביי די לייענער וועל איך פונדעסטוועגן ניט בעטן. גלויבט, אַז דאָס לעבן אין אוישוויץ איז געווען נאָך שרעקלעכער ווי דער אומקום. איין טאָג לעבן דאָרט איז גענוג געווען צו ווען אויפן צווייטן טאָג אומקומען, כאָטש מען האָט גענוי געוואוסט און געזען, וועלכער טויט עס קאָן אונדז אויסלייזן פון דעם וויסטן לעבן — פון שטיקן זיך מיט גאַז און לעבעדיקערהייט אַריינגעשליידערט צו ווערן גלייך אין העלישן פייער פון די קרעמאַטאָריעס.

און אַזוי זיינען אומגעקומען אונדזערע פאַמיליעס. אַזוי איז אומגעקומען אונדזער שטעטל סטשעגאָווע. אַזוי איז אומגעקומען אונדזער וואַרשע, אַזוי איז אומגעקומען אונדזער פוילן — אונדזערע זעקס מיליאָן יידן . . .

אויך דאָס לעבן פון אונדזערע סטשעגאָווער אין געטאָ איז געווען שרעקלעכער ווי שרעק־לעך. ענג און קליין איז געווען די סטשעגאָווער געטאָ. בלויז אַ פּאָר הייזער, און אַריינגעטריבן אַהין האָט מען אַלע יידן פון די שכנותדיקע שטעטלעך: ראַדזאַנאָוו, זשוראָמין, אַ טייל אַנט־לאָפענע פון ראַטשוינז, ביעזשון, שערפּץ און דראָבין.

פאַר לאַזן זיי זיין אַביסל לענגער אין סטשעגאָווא, האָבן די יידן אַוועקגעגעבן אַלעס, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, דאָס טייערסטע וואָס זיי האָבן געהאַלטן און האָבן פאַרבאַהאַלטן אין משך פון אַלע יאָרן, אין לויף פון דורות. דערצו זיינען אויך באַהילפיק געווען „אונדזערע פרוינד" פון נעכטן — אונדזערע אָרטיקע דייטשן — מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט צוזאַמען, דערצויגן געוואָרן צוזאַמען און צוזאַמען אין שולע געגאַנגען. די זיינען מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געפערלעכע בעסטיעס.

איר, סטשעגאָווער לאַנדסלייט, געדענקט זיי נאָך אַוודאי — די שולצעס, וועלכע האָבן די גרויסע גערטנער און סעדער געהאַט; אונדזער הענדריך העפּט, וועמעס ברודער געפינט זיך היינט אין אַמעריקע.

פאַר געפינען אין אַ יידישער שטוב אַ שטיקל פּוטער, אָדער אַביסל מער מעל, צי אַן איי, איז געקומען טויט־שטראָף דורך הענגען. יעדע פּאָר טעג זיינען פאָרגעקומען נייע רעוויזיעס. פאַר יעדער רעוויזיע האָט מען אַלע יידן אַרויסגעטריבן אויף איין פּלאַץ, מיטנעמענדיק זייערע אָרעמע פעקלעך, וועלכע זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט. דורכגעפירט אַ קאָנטראָל, געמאַכט אַביסל „שפּאַס", האָט מען צוריקגעטריבן אין שטוב. די שענסטע יידישע קינדער (מיידלעך) פון סטשעגאָווע, האָט מען צו די שמוציקסטע אַרבעטן געצוואונגען. פיל מאָל אויך צו שמוציקע צוועקן . . . נישט קוקנדיק אויף זייער פאַרבאָט פון „ראַסן־שאַנדע".

ווען איך האָב דאָס געהערט מיר דערציילן, האָב איך מער הערן נישט געקאָנט, און מער קאָן איך אויך איצט וועגן דעם ניט שרייבן. איך קאָן מער נישט שרייבן וועגן דעם פאַרפייניקן פון אונדזערע קדושים; ווי אַזוי מען האָט אויפגעהאַנגען סטשעגאָווער יידן און ווי אַזוי ס'האָט אויסגעזען דאָס אַרויסטרייבן פון דער היימאַט, אַז קיין איינער האָט אפילו נישט געפּרואווט צו אַנטלויפן. נאָר שוין בעסער געוואָלט דעם טויט דורך גאַז און פייער.

מלכה (פאַביאַן) גאָלדבלום (חדרה, ישראל)

# מיין גרויסער בראָך

אַכצן יאָר זיינען אַוועק זינט איך האָב צום לעצטן מאָל זיך געזעגנט מיט מיין היים אין סטשעגאָווע. אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס געזעגן איך זיך שוין אויף אייביק. איך האָב געהאָפט, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועל איך צוריקקומען און זיך ווידער זען מיט מיינע אייגענע.

איך געדענק נאָך דעם באַנקעט, וואָס מען האָט איינגעאָרדנט פאַר מיין אָפּפאָרן, די דעלעגאַציעס פון „השומר הלאומי" און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען דעמאָלט געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. און עס דערמאָנט זיך, ווי פּייוול ראָזענבערג האָט אין זיין באַגריסונג־וואָרט געזאָגט: „אַלע וועגן קיין ארץ־ישראל זיינען פריי און אָפן, אָבער קיין וועג צוריק איז נישטאָ."

איך בין געקומען קיין פּאַלעסטינע אין 1933. ס'איז דעמאָלט דאָרט געווען אַ גרויסער קריזיס. דאָס לעבן איז געווען שווער. איך האָב אַ סך געליטן, אָבער מיין ענערגיע און מיין גלויבן אין דעם אידעאַל פון אַ לאַנד פאַר די יידן, האָט אַלץ גובר געווען. איך האָב צו זיך געזאָגט: „אויב לעבן — איז לעבן אין ארץ־ישראל."

ס'האָט מיר כסדר געקלונגען אין די אויערן: „זשידזי דאָ פּאַלעסטיני!"

צום באַדויערן זיינען ניט געווען קיין סך אַזעלכע ווי איך אין אונדזער משפחה, צי אין שטעטל, וואָס זאָלן זיך אַזוי רייסן מיט עקשנות אַוועקצופאָרן קיין פּאַלעסטינע. לײדער האָבן אַלע, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין שטעטל, זיך דערוואָרט אויף דעם שרעקלעכן סוף דורך היטלערן.

לעבן פּיאָטריקאָווסקיס מיל האָט געוואוינט מיין טאַטע, שרגא פאַביאַן מיט זיין פאַמיליע. דאָס איז געווען אַ מענטש אַ רואיקער, אַן ערלעכער, אַן אַרבעטזאַמער און אַ רעליגיעזער. ס'איז זעלטן צו באַגעגענען אַ מענטשן, וואָס זאָל באַזיצן אַזוי פיל גוטסקייט. ער האָט שטענדיק דורכגעמאַכט אַ שווער און געמאַטערט לעבן. ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואָקסן, איז אים אַ ביסל גרינגער געוואָרן. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז מיין עלטסטער ברודער יצחק אַוועק קיין רוסלאַנד, נאָר נאָך דעם ווי ער איז דאָרט אָפּגעווען עטלעכע חדשים איז ער צוריקגעקומען קיין סטשעגאָווע, וואו ס'האָט אויף אים געוואַרט איטקע זאַלעבען און זיי האָבן געזאָלט חתונה האָבן. לײדער איז אָנגעקומען דער היטלער־גירוש און די עלטערן מיט די קליינע קינדער זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן, און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען אַלע אַנדערע פאַריאָגט געוואָרן. דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג חנוכה, 1942.

דאָס לעבן אין דער געטאָ איז געווען אומדערטרעגלעך, אָבער מען האָט שלום געמאַכט מיטן ביטערן גורל. אָבער ווען מען האָט שפּעטער די יידן פון סטשעגאָווע אַרויסגעטריבן קיין אָשווענטשים — אָט־די טראַגעדיע בין איך ניט אימשטאַנד צו באַשרייבן. דאָס האַרץ יאָמערט און די הענט ציטערן . . .

מיינע אומגליקלעכע עלטערן, פיר ברידער און דריי שוועסטער, זיינען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן. און־און־איינציקער ברודער מיינער, שמואליק, האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט. ער איז אַלט געווען זעכצן יאָר ווען מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין אָשווענטשים. זיין איינציקע האָפענונג איז געווען דאָס, וואָס איך לעב און וואָס ער וועט מיר קאָנען דערציילן אַלץ וואָס ער האָט איבערגעלעבט. און ווען ער איז ענדלעך געקומען קיין ישראל, זיינען די טעג און נעכט געווען צו קליין פאַר אים אויסצודערציילן אַלץ וואָס ס'איז פאָרגעקומען.

איך האָב זיך ביי אים אויסגעפרעגט וועגן זיינע לעצטע טעג אין סטשעגאָווע, וועגן די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס משה טאוב האָט געהאַט אָנגעפירט. עס דערמאָנען זיך

די אָנגענעמע מאָמענטן פון יענער צייט, ווען מיר פלֿעגן דורכפירן רעפעראַטן, אָדער קעסטל־אָוונטן. אָ, יענע גלֿיקלֿעכע טעג, זיינען, לֿיידער, אויף אייביק פאַרשוואונדן. קיין זכר איז ניט פאַרבליבן פון דעם אַלעם. היטלער האָט אַלץ פאַרניכטעט. בלֿויז אפשר בערגלֿעך מיט אש זיינען פאַרבלֿיבן אַלס סימנים. פאַר מיר, אָבער, איז שווער שלום צו מאַכן מיט דעם חורבן. פאַר מיר, אין מיין דמיון, לֿעבט נאָך אַלץ.

פונקט ווי מיט 18 יאָר צוריק, איידער איך האָב פאַרלאָזט סטשעגאָווע, לֿעבט נאָך פאַר מיר פיאָטריקאָווסקיס רייכע הויז, די יום־טובים ווען אַלע חסידים פלֿעגן זיך דאָרט פאַרזאַמלען און מען האָט געטאַנצט — און מיין פאָטער צווישן זיי. עס דערמאָנען זיך די שפּאַצירן פון דער יוגנט אויף די גרינע לֿאָנקעס פון דער קעמפּיסקא.

איך וועלֿ שטענדיק באַוויינען און קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיין געבורט־שטעטל און מיינע לֿייבלֿעכע — דעם טאַטע שרגא, די מאַמע רבקה; די ברידער יצחק, יוסף, וועוקע און מאָטעק און די שוועסטער פרימעט, מאניע און דאָרקא — וועלכע זיינען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן. און ווי די ליכטלֿעך פון חנוכה, שטעל איך מיינע יאָרצייט־לֿיכט אין זייער אייביקן אָנדענק.



# זכרונות וועגן מיין פאַמיליע

## פון יוסף, דער זון פון שמואל־בעריש אוןביילע ראָזענבערג

מיין טאַטע־מאַמע: חיים שמואל־בעריש און ביילע, מיין שוועסטער גיטעלע מיט איר מאַן פישל און אירע צוויי קינדערלעך פראַדעלע און נח; מיין שוועסטער מרימל, מיין פעטער משה שוחט, מומע שיינטשע מיט די קינדער; חיה פריידקע מיט איר מאַן פייוול; שיינדעלע, רבקהלע, יעקב מרדכילע, אהרן יוספל, דוד יונהלע און באלטשעלע; מיין פעטער יצחק־אהרן און מומע חנה־ביילע פרידמאַן, און נאָך און נאָך . . . אַ באַשיידענער אָנדענק איז געווידמעט די ווייטערדיקע שורות.

מיין פאַמיליע ראָזענבערג איז איינע פון די עלטסטע פאַמיליעס אין סטשעגאָווע. מיין פאָטער שמואל־בעריש האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געווען אַרום 6 יאָר אַלט ווען דער ראש פון דער פאַמיליע, זיין פאָטער, ר׳ אברהם־יצחק שוחט, איז געקומען קיין סטשעגאָווע און זיך באַזעצט פון יענער זייט טייך, וואָס איז געווען באַוואוינט מערסטנס פון קריסטן, בעת פון דער זייט טייך איז דער געגנט נאָך געווען מערסטנס וואַלד.

מיין זיידע ר׳ אברהם־יצחק און מיין באָבע רבקה, זיינען געווען פון די ערשטע איינוואוינער אין שטעטל. און כאָטש איך געדענק מיין זיידן בלויז ווי אין אַ חלום, אַנטפּלעקט ער זיך פאַר מיר אין זיין גאַנצער געשטאַלט און הדרת־פנים פון די איינדרוקן, וואָס איך האָב באַקומען אַלס רעזולטאַט פון דעם, וואָס מענטשן האָבן וועגן אים כסדר דערציילט — וועגן זיינע שיינע מעשים און דער ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט אין דעם קהלשן לעבן פון סטשעגאָווע.

זיין הויז ווי זיין האַרץ איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלעמען. און אַזוי ווי ער איז געווען פון די עלטסטע תושבים, זיינען אַלע, וועלכע זיינען געקומען נאָך אים זיך באַזעצן אין סטשעגאָווע, אַריינגענומען געוואָרן ווי גלידער פון אַ כסדר־וואַקסנדיקער משפּחה. זיין הויז איז געווען דער הויפּט־אַדרעס.

מיין זיידנס פאַמיליע איז באַשטאַנען פון פיר קינדער: דער עלטסטער זון, מיין פאָטער שמואל־בעריש, ע״ה, און דריי טעכטער — גיטעלע, באלטשע און שיינטשע. גיטעלעס מאַן, משה בריוטרעגער, איז געווען אויף קעסט בעת מיין זיידע איז טראַגיש אומגעקומען אין 1915, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין עלטער פון 54 יאָר — ווען אַ שראַפּנעל האָט אים געטראָפן און ער איז געהרגעט געוואָרן. דעמאָלט האָט דער איידעם איבערגענומען די ירושה פון זיידן און איז געוואָרן דער סטשעגאָווער שוחט.

זיין פרוי גיטעלע איז אין יאָר 1923, נאָך אַ קורצער קראַנקהייט, געשטאָרבן און ר׳ משהלע שוחט האָט חתונה געהאַט מיט איר יינגסטער שוועסטער, שיינטשע. די צווייטע טאָכטער, ביילטשע, איז אין 1925 געפאָרן מיט איר מאַן קיין ארץ־ישראל. ליידער איז זי, אין 1935, געשטאָרבן אין ירושלים נאָך אַן אָפּעראַציע.

ניין קינדער האָט ר׳ משהלע געהאַט — פינף מיט גיטעלען און פיר מיט שיינטשען. איין זון זיינער, אברהם־יצחק בריוטרעגער, געפינט זיך איצט אין ישראל זינט 1935. נאָך איין זון איז אומגעקומען צווישן די 20 סטשעגאָווער יידן, וואָס די נאַציס האָבן אויפגעהאַנגען אין דער געטאָ. אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זיינען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אשוויענטשים, וואו זיי זיינען פון די היטלערישע מערדער פאַרברענט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס.

דאָס איז דער טראַגישער סך־הכל פון דער פאַמיליע פון ר׳ אברהם־יצחק שוחט. נאָך זיין טויט האָט מיין פאָטער, שמואל־בעריש, איבערגענומען בירושה צו זיין דער פאַקטישער סיי־

מאָגראַף פון סטשעגאָווע. ער האָט געהאַלטן דעם פּולס פון דעם גאַנצן שטעטל און געפילט און מיטגעלעבט די פריידן ווי די ליידן פון אַלע סטשעגאָווער יידן. פיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת האָט ער זיך געווידמעט לטובת־הכלל, ניט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס פּערזענלעכע ענינים, איינשליסנדיק פּרנסה, זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. אָט זיינען בקיצור איניקע אילוסטראַציעס:

אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער אָרגאַניזירט אַן אָרטיקן הילפס־קאָמיטעט פאַר די מלחמה־געליטענע און איז גלייכצייטיק געווען פאַרטראָטן אין דעם קרייז־קאָמיטעט, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין מלאווע, צו וועלכע ער איז געפאָרן זיך באַטייליקן — ווי שווער דאָס איז ניט געפאַלן אויף אים. ער איז אויך געווען דער ראש פון דעם ביקור־חולים, וועלכע אינסטיטוציע און אירע הומאַניטאַרישע פונקציעס צו העלפן קראַנקע, ער האָט געווידמעט די העכסטע מאָס ענערגיע. קיין זאַך, אינמיטן נאַכט, אין די גרעסטע פרעסט, האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן פון גיין באַזוכן קראַנקע. און איז ער געקומען צום קראַנקן האָט ער מיט זיך געבראַכט האַרציקע מענטשלעכע וואַרעמקייט, טרייסט און עצות, וואָס האָבן אַ סך געלינדערט די ווייטיקן פון דעם חולה.

אַחוץ דעם האָט ער שפּעטער אויך געשאַפן אַ לינת־הצדק, וואָס האָט געהאַט אַלס הויפּט־אויפגאַבע, ניט נאָר צו באַזוכן אַ חולה, נאָר אויך איבערנעכטיקן און באַדינען דעם קראַנקן, כדי צו פאַרגרינגערן די לאַסט פאַר דעם הויזגעזינד.

אָט־די פיל־פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן וואָלטן ניט מעגלעך געווען פאַר אים אויסצופילן, ווען ניט די האַרציקע קאָאָפּעראַציע פון מיין מאַמע,ביילע, וואָס איז, אגב, געווען דעם טאַטנס אַ שוועסטער־קינד.

מיין מאַמע אַליין איז אויך געווען די אָנפירערין פון אַ פרויען־פאַראיין, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַרבעט צו העלפן אָרעמע, נויטליידנדיקע פאַמיליעס.

מיין טאַטע איז אויך געווען אַ נאַציאָנאַל־שטאָלצער ייד, גרייט צו יעדער צייט צו קעמפן און פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד. ער איז געווען אַ רעבעלירנדיקער טיפּ, וואָס האָט אָפט פיזיש געקעמפט קעגן אַנטיסעמיטן און כוליגאַנעס. אויף וויפל איך געדענק איז מיין טאַטע געווען פון די איינצלנע, וואָס האָבן אַבאָנירט אַ צייטונג פון וואַרשע און זיין הויז איז געווען אַ פּאָליטישע אינפאָרמאַציע־ביוראָ. ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער און האָט דערמיט שטאָלצירט און געשטרעבט, אַז אויך די קינדער זאָלן זיין אַרבעטער. איז אויך געווען אַ הייסער ציוניסט און געשטיצט די ציוניסטישע קרנות.

בעת דער דערעפענונג פון דעם העברייאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פייערונג אין סטשעגאָווע און האָט ביי דער געלעגנהייט געהאַלטן אַ רעפעראַט. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשטרעבט פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער לײדער בין איך דער איינציקער דאָ.

ניין קינדער זיינען מיר געווען. דריי זיינען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און אַלע אַנדערע, אַחוץ מיר, זיינען אומגעקומען אין אשווענטשים. איך, דער איינציקער לעבן־געבליבענער, פאַרצייכן, אויף אָט־דעם פּשוטן און באַשיידענעם אופן, ווי אַ מצבה־טעקסט אין אָנדענק פון דער ברייט־פאַרצווייגטער פאַמיליע ראָזענבערג אין סטשעגאָווע, וואָס איז געווען און איז מער ניטאָ — אָט־די דערמאָנטע הויפּט־שטריכן.

און צום סוף וויל איך נאָך דערמאָנען מיין מומע חנה־ביילע, אַ שוועסטער פון מיין זיידן ר׳ אַברהם־יצחק שוחט, אַ טאָכטער פון ר׳ פייוול יענטע־רויזעס פון טשעכאַנאָוו, מיט איר מאַן ר׳ יצחק פרידמאַן — לאַנג־יעריקע תושבים פון סטשעגאָווע. מיין מומע, כאָטש זי איז געווען אַ קראַנקער מענטש, האָט איר גאַנץ לעבן געווידמעט צו צדקה. איר מאַן, ר׳ יצחק פרידמאַן, איז געווען אַ פרומער ייד, וועלכער פלעגט אָפט מוסרן די יוגנט און אויך עלטערע — אויב זיי האָבן עס פאַרדינט. כאָטש פאַר איניקע איז זיין מוסר געווען אומאָנגענעם, האָבן

אָבער אַלע צוגעגעבן, אַז ער האָט עס געטאָן אָן צביעות און מיט דער גרעסטער אויפריכטיקייט.
קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. די מומע חנה־ביילע איז געשטאָרבן אין דער געטאָ און דער פעטער ר׳ יצחק איז, צוזאַמען מיט מיין גאַנצער פאַמיליע, אומגעקומען אין אָשווענטשים. תנצב״ה.



שמואל־בעריש און ביילטשע ראָזענבערג מיט די קינדער

מאליע פּיאָטריקאָווסקי (תל־אביב, 1951)

# ווי אַזוי איך און מיין טאָכטער זיינען לעבן געבליבן

ווי שווער עס איז עפּעס אָנצושרייבן פון די גרויזאַמע, טראַגישע איבערלעבענישן! מיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין דעם גיהנום פון דער וואַרשעווער געטאָ דורך די הענט פון די היטלעראָווצעס. איך בין געבליבן איינע פון מיין פאָטערס, ר׳ יצחק מאיר פּיאָטרקאָווסקיס אַלע קינדער.

ווי גרויס ס׳איז מיין צער און ווייטיק! די פעדער איז צו־אָרעם איבערצוגעבן מיינע שרעקלעכע איבערלעבענישן ביי דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. איך וועל דאָך פּרואוון איבערגעבן אייניקע בילדער.

ס׳איז דאָס יאָר 1943. איך בין געווען מיט מיין טאָכטער בראָניקא, וואָס איז מיר געבליבן פון מיין גאָטזעליקן מאַן, הענעך גראָסבאַרד, נאָך דעם ווי ער האָט אונדז אַריבערגעפירט אויף דער אַרישער זייט. נאָך אַ פּאָר וואָכן זיין אין דער געטאָ, איז ער געהרגעט געוואָרן דורך היטלערס מערדער.

מיר האָבן געהאַט אויף דער אַרישער זייט אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט זיך האַרציק פאַראינטערעסירט מיט אונדז. געווען איז עס אַ העלער טאָג. כ׳האָב קיין גוטן אַרישן אויסזען ניט געהאַט און האָב געמוזט פאַרלאָזן די איצטיקע וואוינונג. אַ פאַרצווייפלטע האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין גאַס, זוכנדיק ערגעץ אַן אָרט וואו כ׳זאָל קאָנען איבערנעכטיקן. פּלוצלינג בין איך געוואָרן אַרומגערינגלט פון אַ כאָפּטע שקצימלעך, וועלכע האָבן גענומען וואַרפן שטיינער אויף מיר און האָבן הויך אויף אַ קול נאָכגעשריען: „זשידוואָווא! זשידוואָווא!“ . . .

די שקצימלעך האָבן דערשנאַפּט אָן מיר, אַז כ׳בין אַ יידישע. אייניקע האָבן געוואָלט פון מיר אַרויסרייסן מיין טאַש. כ׳האָב אָנגעהויבן אַנטלויפן, און זיי נאָך מיר. ס׳איז אָנגעקומען פּוילישע פּאָליציי און האָט מיך מיט מיין טאָכטער אָפּגעפירט צו דער דייטשישער וואַך. ס׳איז פאַר מיר און מיין טאָכטער קיין צווייפל נישט געווען, אַז פון דאַנען איז שוין נישטאָ קיין וועג צוריק. דער גורל פון יעדן יידן, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשע אויסוואורפן, איז געווען אַ באַוואוסטער . . . אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט ביי זיך אַרישע דאָקומענטן, האָבן מיר באַשלאָסן ווייטער צו שפּילן די ראָלע פון קריסטן. וואָס צו פאַרלירן איז סיי ווי נישטאָ. מען האָט אונדז גענומען פאַרהערן און אויספרעגן פונוואַנען מיר שטאַמען, צי מיר קענען די קריסטלעכע תפילות.

מיין טאָכטער האָט אויף אַלעם געוואוסט צו ענטפערן. איך האָב זיך געפּלאָנטערט, נישט גוט געדענקט די פּוילישע „מאָדליטווע“. שלעכט. די דייטשן זיינען נישט געווען זיכער, צי מיר זיינען טאַקע קריסטן. זיי זיינען גענויגט געווען גיכער צו גלויבן, אַז מיר זיינען יידישע פרויען.

די מערדער האָבן אונדז איבערגעלאָזט איבער נאַכט אויף דער וואַך־שטעלע. אויב דורך דער צייט וועלן מיר נישט קאָנען אָנווייזן אַ פּאָליאַק, וועלכער קען אונדז פון פאַרן קריג און קאָן שווערן, אַז מיר זיינען קריסטן, וועלן זיי אונדז אומברענגען.

בלויז איין פּוילישן פריינט האָבן מיר געהאַט: טאַקע אָט־דעם קריסט, וואָס כ׳האָב אויבן דערמאָנט, מיטן נאָמען פּערע, ביי וועמען מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל אויסבאַהאַלטן.

ס׳איז נאַכט. קיין טעלעפאָן אין זיין שטוב איז נישטאָ, מ׳דאַרף קלינגען אין זיין אַרבעטספּלאַץ. ס׳קאָן מעגלעך זיין, אַז דער קריסט זאָל גראָד נישט זיין ביי דער אַרבעט, און ווער קאָן גאָר זיכער זיין, אַז דער קריסט וועט איצט וועלן ריזיקירן, ווייל פאַר פאַלש שווערן קאָן ער באַ־

צאָלן מיטן לעבן. אָבער מיר האָבן נישט קיין צווייטע ברירה. דאָס איז אונדזער לעצטער שאַנס.

ס׳פּלאָנטערן זיך ביי אונדז אין די קעפּ פאַרשיידענע טעלעפאָן־נומערן. מיר געדענקען נישט גענוי וועלכער נומער איז פּעראַ׳ס. דער דייטש קלינגט, ער האָט הנאה פון אונדזער ראַנגלען זיך . . . מיר האָבן גליק: דער אָנגעגעבענער טעלעפאָן־נומער איז געווען ריכטיק. פּעראַ איז געווען ביי זיין נאַכט־אַרבעט. ער האָט געאַרבעט אין אַ האָטעל. איצט איז די פראַגע, צי ער וועט זיך נישט דערשרעקן.

עס רעדט די דייטשישע וואַך־שטעלע. זי פרעגט אים צי ער קען די פרוי מאַריא פּיאַטריקאָווסקי מיט איר טאָכטער. זיי ווערן פאַרדעכטיקט אַלס יידן. זיי לייקענען. צי קאָן ער פאַר זיי שווערן? אויב יאָ, זאָל ער באַלד אינדערפרי זיך צושטעלן אויף דער וואַך, וואו מען וועט אים אויספאָרשן.

מיט אויסערגעוויינלעכן אומגעדולד און מיט ציטער אין האַרצן וואַרטן מיר אויף דעם פרימאָרגן: צי וועט ער קומען.

דער קריסט פּעראַ איז געקומען. ער האָט זיך נאָר אַביסל פאַרשפּעטיקט. די דייטשן פאָרשן אים.

— יאָ! ער קען זיי נאָך פון פאַר דעם קריג אַלס קריסטן. ער קאָן פאַר זיי שווערן.

די דייטשן פרעגן אים, צי ער ווייסט מיט וואָס אַ פאַלשע שבועה איז פאַרבונדן? דער קריסט האַלט זיך פעסט: ער האָט נישט פאַר וואָס מורא צו האָבן; ער זאָגט דעם אמת. זיין שטים איז זיכער. ער רעדט אַ גוטן דייטש. די זשאַנדאַרמען גלויבן אים. מיר זיינען ריינגעוואַשן!

פאַרן פאַרלאָזן אונדז, בעטן די דייטשן אַנטשולדיקונג פאַרן שרעקלעכן בלבול . . .

זיי ראָטן אונדז, אַז אין פאַל פון „אומאָנגענעמלעכקייטן", זאָל די פרוי פּיאַטריקאָווסקי זיך גלייך מעלדן צו די דייטשן נאָך הילף . . . וואָרום ווערן באַשולדיקט אַלס יידישקע, זאָגן זיי, איז נישט קיין קלייניקייט! . . .

פּעראַ האָט אונדז געגעבן זיין אייגן געלט און אונדז געהאָלפן זיך איינאָרדענען. צוליב די כסדרדיקע נישט זיכערקייטן, האָט אונדז דער קריסט, טראָץ דעם וואָס זיין וואוינונג איז געווען אונטער אַ פאַרדאַכט, גענומען צו זיך אין שטוב אַריין.

אונדז איז געלונגען ביי אים איינצואָרדענען נאָך אַנדערע יידן. ער האָט אונדז געהאָלפן, ביז דער לעצטער מינוט.

אַלע, וועלכע האָבן זיך ביי אים אויסבאַהאַלטן, לעבן. ער אַליין איז אומגעקומען אַלס פּוילישער אָפיצער אין דעם אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, אין 1944.

אָט אַזוי זיינען מיר לעבן געבליבן, און היינט לעבן מיר אין ישראל.

אסתר־לאה נאָוואָגראָדסקי (תל אביב, ישראל)

# מיינע אומגעקומענע, די נאָוואָגראָדסקים. ז״ל

מיין פאָטער אבא, ז״ל, שטאַמט פון מלאָווע, פון אַ משפחה לומדים. זיין ברודער ר׳ פייוול נאוואגראדסקי, וועלכער האָט, אגב, אין זיינע לעצטע יאָרן, געוואוינט אין סטשעגאָווע, איז געווען איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים — אַ בעל תורה, אַ קלוגער קאָפּ. אַלע פלעגן צו אים קומען נאָך עצות. און כאָטש ער איז געווען אַ ייד אַ זייער אָנגעזעענער מענטש, האָט ער ניט פאַר־מאָגט קיין סימן פון גאווה. ער פלעגט יעדן אויפנעמען מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט און באַשיידנקייט, זיך האַלטן מיט יעדן איינעם ווי זיינס גלייכן. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן אַלע אין שטעטל פאַר אים געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ.

פייוול איז נפטר געוואָרן אין סטשעגאָווע. די סטשעגאָווער וועלן דעם תלמיד־חכם קיינ־מאָל נישט פאַרגעסן. כבוד זיין ליבן אָנדענק!

ר׳ הענעך, אויך אַ ברודער, איז אַזוי ווי ר׳ פייוול, אויך געווען אַ בן־תורה און געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין וועלטלעכע ענינים; געווען אַ גראַדער בעל־שכל און בכלל אַ וואונדערבאַרע פערזענלעכקייט. ער איז געווען שטיל און באַשיידן און האָט קיינמאָל זיין קול הויך נישט אויפגעהויבן און האָט בשלימות געדינט זיין אמונה. האַלב פון זיין לעבן האָט ער געוואוינט אין מלאווע און אַ סך יאָרן אין דייטשלאַנד. און ווען קורץ פאַר היטלערן, ימח שמו, האָט מען אין דייטשלאַנד איין מאָל באַליידיקט זיין יידישע באָרד, האָט ער באַשלאָסן אַוועק קיין ישראל, וואוהין ער האָט זיין פאַמיליע אַראָפּגעבראַכט. נאָך דעם ווי ער האָט דאָרט עטלעכע יאָר גע־לעבט, איז ער מיט כבוד נפטר געוואָרן אין זיין אייגן לאַנד.

מיט כבוד וועלן מיר שטענדיק זיין נאָמען דערמאָנען!


פייוול נאָוואָגראַדסקי


הענעך נאָוואָגראַדסקי


איצל נאָוואָגראַדסקי

ר׳ איצל נאָוואָגראַדסקי, דער פערטער ברודער (פיר ברידער זיינען זיי געווען), האָט אויך באַלד נאָך זיין חתונה זיך באַזעצט אין סטשעגאָווע און ווי זיינע דריי ברידער איז ער אויך געווען פון זעלבן שניט — אַ מענטש אַ בן־תורה, מיט שיינע מענטשלעכע מידות און אַ מעורב עם הבריות. ווידער איז אים אין סטשעגאָווע נישט גוט געגאַנגען מיט פרנסה, און ער האָט באַשלאָסן פאָרן קיין אַמעריקע זוכן אַ בעסער מזל. און אויך אין אַמעריקע האָט איצלס הויז געשמט מיט יידישקייט און פרומקייט. זיין הויז איז געווען ברייט אָפן פאַר אַלע לאַנדסלייט, איבערהויפּט איז עס געווען אַ בית־ועד פאַר דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד. נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקהייט, איז ר׳ איצל נאָוואָגראַדסקי נפטר געוואָרן.

מיט אַ סך חשיבות וועלן מיר אים תמיד דערמאָנען.



אבא און מלכה נאָוואָגראַדסקי און זייער זון משה

מיין פאָטער אבא איז געווען דער יינגסטער פון די פיר ברידער. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קוזינע, מלכהלע בזשאָזע, פון וואַרשע און גלייך נאָך דער חתונה זיך באַזעצט אין סטשעגאָווע. און כאָטש מיין פאָטער איז געווען אַ בעל־מלאכה — אַ היטלמאַכער, איז ער געווען איינער פון די שיינע יידן אין סטשעגאָווע.

מיין פאָטער איז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אין פּריוואַטן לעבן, געווען איידל און שטיל און האָט אַרויסגערופן צו זיך אַ סך כבוד און דרך־ארץ. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ ברייטע האַנט, גרייט צו העלפן אַ צווייטן מיט גמילות־חסדים אָדער אויף אַן אַנדער אופן. ער איז קיינמאָל נישט געקומען אַהיים פון בית־המדרש אָן אַ אורח. ער האָט די מערסטע צייט פון זיין לעבן אַוועקגעגעבן על התורה ועל העבודה, געלעבט אויסגעהאַלטן לויט די פאַרשריפטן פון דער יידישער רעליגיע און דעם קלענסטן געבאָט אָפּגעהיט כחוט השערה.

דריי מאָל אַ טאָג געלאָפן צום מנין און אין די אָוונטן געזעסן און געלערנט אַ שיעור גמרא — אַ דף־היומי — אַ בלאַט גמרא אַ טאָג. מיט טיפער פרייד פלעגט ער תמיד דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אים געהאָלפן מיט פרנסה, כדי ער זאָל קאָנען טאָן מעשים טובים און לערנען תורה.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי שטרענג רעליגיעז, האָט ער דאָך טאָ־לערירט די באַוועגונג פון ציוניזם. ער האָט אפילו בייגעשטייערט צום „קרן־קימת לישראל״, האָט שטענדיק געהאָפט און געשטרעבט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. ליידער, איז זיין וואונטש

ביט מקוים געוואָרן און ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים פון אונדזער פאָלק. תנצב״ה.

## מיין מאַמע מלכהלע

מיט דעם דינסטן ציטער פון מיין נשמה און טיפסטן צער פון מיין האַרץ דערמאָן איך דאָ די ליכטיקע פערזענלעכקייט פון מיין שיינער, ליבער, איידעלער, פרומער מאַמע. שטיל, צוריק־געהאַלטן טאָלעראַנט און גם־זה־לטובהדיק איז געווען מיין מאַמע מלכהלע. ווי כשר און אָפּ־געהיט־פרום זי איז געווען, האָט זי אַלעמאָל אַריינגענומען אין זיך דאָס אַלגעמיין־וועלטלעכע. אָן רעש האָט זי שטענדיק צוגעלייגט אַ האַנט צו אַלע אינסטיטוציעס פאַר קראַנקע און נויט־באַדערפטיקע, איין אינסטיטוציע האָט זי אפילו אַליין געגרינדעט.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט איר געאַכטעט פאַר אירע שיינע, טיף־מענטשלעכע מידות. שווער קומט מיר אָן צו שרייבן די דאָזיקע ווערטער.

עס שניידט דער ווייטיק, ווי די באַרבאַרישע האַנט האָט דיך, מיין ליבע, ליבע מאַמע, פאַרשניטן . . .

אין אַלע מינוטן פון מיינע טעג און יאָרן, ביזטו מיט מיר באַנאַנד.

מיינע טרערן זיינען דיין אומפאַרגעסנקייט!

## מיין איינציקער ברודער משה

אומגעקומען איז מיין ברודער צוזאַמען מיט מיינע עלטערן. יונג און ערלעך בחורל, ברודער מיינער — בלוט פון מיין בלוט, האַרץ פון מיין האַרץ! ווי קאָן איך דיך פאַרגעסן?

דאָס גאַנצע שטעטל האָט דיך אַרויסגעהויבן מיט דיין פשטות און ערלעכקייט. אַלע מאַמעס האָבן מקנא געווען אונדזער מאַמע מיט דיר.

ברודערל, טייערער! וואָס פאַר אַ שיינער ייד און איידעלע פערזענלעכקייט עס וואָלט פון דיר אַרויסגעוואַקסן. ווי קאָן איך דיך פאַרגעסן?

ביז דער לעצטער מינוט פון לעבן וועל איך דיך אין מיין זכרון טראָגן.

מלכה וויור (ניו־יאָרק)

# אין אייביקן אָנדענק

איך בין קיינמאָל קיין שרייבערין און קיין דיכטערין ניט געווען. און ווען איך וואָלט עס אפילו געווען פיל איך, אַז צו־אָרעם איז אונדזער מענטשלעכע שפּראַך צו קאָנען אויסדריקן דעם אומענדלעכן ווייטיק און צער, וואָס מיר טראָגן אין אונדזערע הערצער אויף דעם גרויסן בראָך, וואָס די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויף אונדז געבראַכט.

איך וויל דעריבער פּרוּוון, מיט מיינע באַגרענעצטע שפּראַך־מיטלען, ווידמענען כאָטש עטלעכע ווערטער די אומגעקומענע סטשעגאָווער יידן און די אייגענע פון אונדזער פאַמיליע, אין אייביקן אָנדענק.

מיין ברודער ביניש, דער איינציקער וואָס איז לעבן געבליבן, ווייל ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט קיין רוסלאַנד, וואו ער האָט געאַרבעט שווער, האָט געהאָפּט, ווען ער האָט נאָך דער מלחמה זיך צוריקגעקערט קיין פּוילן, אַז ער וועט געפינען אין סטשעגאָווע אונדזער פאַמיליע — דעם פאָטער, די מוטער, שוועסטער און ברידער — די נאָענטסטע און ליבסטע און ווידער זיין מיט זיי צוזאַמען, אָבער, ליידער, האָט ער קיינעם נישט געפונען. ווען ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, צי ווייסט עמעצער וואו זיי געפינען זיך, האָט מען אים אָנגעוויזן אויף אַ גרוב, אין וועלכער זיי און אונדערע יידן פון סטשעגאָווע זיינען פאַרשאָטן געוואָרן, נאָך דעם ווי די נאַצישע מערדער האָבן זיי אומגעבראַכט.

געווען, און נישטאָ מער . . . אָפּגעווישט אויף אייביק — דאָס שטעטעלע סטשעגאָווע און זיי, די סטשעגאָווער יידן — צוזאַמען מיט די טויזנטער אַנדערע יידישע קדושים . . . אויסגעלאָשן, אויף אַ רוצחישן אופן דאָס לעבן פון די פּאָר הונדערט יידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן אין סטשעגאָווע געלעבט — געלעבט פאַרשיידנאַרטיק.

כאָטש קליין איז אונדזער שטעטעלע געווען, האָט דאָרט אָבער געשפּראָצט און געשפּרודלט אַ פילפאַרביק יידיש לעבן. ס'האָבן דאָרט עקזיסטירט און געווירקט פאַרשיידענע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס — ציוניסטישע און ניט־ציוניסטישע — און פאַרשיידענע קולטור־אינסטיטוציעס: אַ דראַמאַטישער קרייז, אַ פּרעכטיקע ביבליאָטעק און אַנדערע. אָבער די מערדערישע נאַציס האָבן צו דעם אַלעם אַ סוף געמאַכט און איבערגעלאָזט אש און חורבן . . .

בלויז געציילטע נפשות פון די סטשעגאָווער יידן זיינען געבליבן לעבן. אייניקע האָבן זיך געראַטעוועט אין דעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער טויזנטער יידן פון אַנדערע שטעט און לענדער, וועלכע האָבן אין צייט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די בלוטיקע נעגל פון די היטלער־מערדער.

די גרעסטע צאָל פון די געראַטעוועטע סטשעגאָווער יידן געפינט זיך אין ישראל, אייניקע פון זיי אויך אין אַנדערע לענדער. אָבער אין סטשעגאָווע געפינט זיך נישט קיין איין איינציקער ייד. בלויז דער בית־עולם, וועלכער איז פון די נאַציס געשענדעט און פאַרניכטעט געוואָרן, און איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן דורך די מיטלען פון דער סטשעגאָווער הילפס־אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, איז געבליבן.

געווען אַ שטעטל סטשעגאָווע און איז מער נישטאָ . . .

זאָלן אָט־די פּאָר באַשיידענע ווערטער פאַרצייכנט ווערן אין זייער אייביקן אָנדענק.

ישראל זילבערשטראָם

# ערב קריג און אָנהויב פון חורבן סטשעגאָווע

איך בין איינער פון די געציילטע, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די ערשטע שריט פון דעם חורבן פון סטשעגאָווער יידנטום. איך בין איינער פון די איינציקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון וועגן דעם, וואָס עס קאָנען זיין די רעזולטאַטן פון אַן אויפגעבלאָזענעם פאַטאַליזם, באַזירט אויף אַן איינשטעלונג פון „שב ואל תעשה", וואָס איז ניט מחייב צו קיין זאַך און וואָס מען קאָן אַלץ אָפּפטרן מיט אַ בטלנישן מאַך מיט דער האַנט: „וואָס קאָנען מיר טאָן? — מיר האָבן דאָך אַ גרויסן גאָט אין הימל! וואָס ער וועט מאַכן מיט כלל ישראל, דאָס וועט זיין מיט ר' ישראל."

דאָס האָט אָפּגעטויט יעדע פערזענלעכע איניציאַטיווע. אַדאַנק דעם זיינען אַ סך יוגנטלעכע, וועלכע וואָלטן, ווי איך און נאָך אייניקע, געווען פּרובירט צו פאַרלאָזן זייערע היימען, זיכער זיך געקאָנט געווען ראַטעווען פון אַ קאַטאַסטראָפע. עס האָט זיי געפעלט דאָס לאָגישע דענקען, אַז דאָס איז די ריכטיקע צייט פון גיין איבער גרענעצן אין דעם ווירוואר פון קריג און זיך דערשלאָגן צום ציל: ארץ־ישראל.

***

כדי צו פאַרשטיין נישט־דערקלערטע פאַסירונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען נאָך דעם קריג־אויסברוך, וועל איך פּרובירן צוריקגיין און שילדערן אייניקע מאָמענטן אין די לעצטע טעג פאַרן קריג. די פוילישע ראַדיאָ האָט די גאַנצע צייט פאַרן קריג־אויסברוך פאַרהילכט די לופט מיט איינרעדענישן, אַז „דער דייטש וועט ניט וואגן" אָנפאַלן אויף פוילן, דערצו נאָך אויף פראַנקרייך און ענגלאַנד, ווייל זיינע טאַנקען זיינען געמאַכט פון ערזאַץ און יעדע קויל קאָן זיי דורכלעכערן. דעריבער האָט מען אין אָנפאַנג זיך ניט פאָרגעשטעלט די בעסטיאַלישקייט פון היטלערס חיילות.

דער גאַנצער זומער (1939) האָט געווימלט מיט מיליטערישע צוגרייטונגען. פויליש מיליטער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען אונדזער שטעטל אויפן וועג צו דער דייטשער גרענעץ, פלעגט זיך אויפהאַלטן אין סטשעגאָווע. דערפאַר האָט דער אויסברוך פון קריג אויפן מאָמענט קיינעם ניט איבערראַשט. פרייטאָג, דער טאָג ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן, איז געווען אַ טאָג ווי יעדער אַנדער פרייטאָג פון אַ גאַנץ יאָר. באַלעבאָסטעס האָבן געבאַקן חלות, געקאָכט פיש אויף שבת. יידן זיינען מיר, טאָ פאַרוואָס זאָל געשטערט ווערן דער שבת־קודש?

אָבער אויף מאָרגן האָט זיך שוין אָנגעהויבן פילן וואָס עס הייסט קריג. מען האָט געהערט די קאַנאָנען־שיסעריי פון מלאווע און סטשעגאָווע איז שנעל אָנגעפילט געוואָרן מיט פליטים, וועלכע זיינען געלאָפן פון מלאווע און אומגעגנט און האָבן שוין דערציילט די ערשטע גרויליקע געשעענישן פון קריג: ווי מענטשן זיינען אויפגעריסן געוואָרן פון באָמבע־שפּליטערס ביי זייערע היימען; ווי מאַמעס האָבן זייערע קינדער באַוויינט און גאַנצע פאַמיליעס זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. אַ שרעק האָט אַרומגענומען די מענטשן.

און אָט האָט זיך אַרויסגערוקט דער נאַרישער אַנטיסעמיט מטושעווסקי און איז געוואָרן אַ גאַנצער בעל־דעה. ער האָט געוואוינט בשכנות מיט חיים פאַסטאַג, צו וועמען ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע שנאה, האָט ער אויסגענוצט זיין מאַכט און אים באַפוילן זיך שטעלן צו געצוואונגענער אַרבעט, און דווקא אום שבת. ווען ער האָט זיך געקווענקלט, האָט מטושעווסקי גערופן זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט אים געצוואונגען גיין צו דער אַרבעט. מענטשן זיינען גערופן געוואָרן צו גראָבן טראַנשייען. זונטאָג האָט די נאַצישע בעסטיע זיך גענומען צו סטשעגאָווע, און די איינרעדעניש, אַז „דער דייטש וועט ניט וואגן" האָט אינגאַנצן געפּלאַצט. אַ גאַנצן טאָג זיינען געפלויגן דייטשע עראָפּלאַנען אומגעשטערט און דאָ האָט זיך באַלד אַנטפּלעקט דער ליגן

פון דער אויפגעבלאָזענער גאוה פון דער הערשנדיקער פוילישער מאַכט. אַרום 3 אַזייגער ביי־טאָג האָט זיך באַוויזן אַ נייע עסקאַדרע מיט דייטשע עראָפּלאַנען און האָט מיט אייפער באַהאָגלט דאָס שטעטל סטשעגאָווע מיט באָמבעס.

די בהלה, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן, איז אומבאַשרייבלעך. מענטשן זיינען ווי דערשראָ־קענע האָזן געלאָפן זוכן שוץ . . . און ווי גראָטעסק ס׳האָט אויסגעזען, אַז מ׳האָט געזוכט שוץ אין הילצערנע הייזלעך און אפילו אין אַזעלכע ערטער ווי הינטער אַ טיר, אָדער אונטער אַ שראַנק, אַ בעט — לעבן אָדער אונטער יעדער מינדעסטער זאַך, וואָס האָט אין דער אמתן קיין שום ממשות ניט געהאַט. די היסטערישע געשרייען פון די ווייבער, „שמע־ישראל״־קולות פון יידן און דאָס ביטערע געוויין פון צעשראָקענע קינדער — האָבן זיך געטראָגן עד לב השמים.

דאָס באָמבאַרדירן האָט געדויערט אַן ערך אַ האַלבע שעה און דערנאָך האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויליק בילד פון דעם שטעטל. הייזער אויפגעריסענע, שרפות און ס׳איז ניט געווען ווער עס זאָל לעשן דאָס פייער. אויפן וועג צו די שולצעס זיינען אַלע הייזער געווען אויפגעריסן און אַ סך מענטשן זיינען פאַרברענט געוואָרן. דאָס האָט געווירקט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן פּאַקן און אַנטלויפן אין דער ריכטונג צו פּלינסק — ווער אויף וועגעלעך, ווער צו־פוס. מיר מיט אונדזערע שכנים האָבן זיך אויך געגרייט צו אַנטלויפן, נאָר עס האָט אונדז אָפּ־געהאַלטן די רייד פון ר׳ ישראל ראָזען, וועלכער האָט געטענהט, אַז אויב אַ באָמבע איז געפאַלן 3 מעטער פון אונדזער הויז און גאָט האָט געהאָלפן אַז ס׳האָט קיינעם פון אונדז ניט געשאַדט, דאַרף מען בלייבן זיצן דאָ.

אָבער באַלד האָבן אָנגעהויבן ברענען די הייזער פון די שולצעס און דערביי דער געהילץ־סקלאַד פון גוטענבערג, וואָס איז בשכנות מיט אונדזער הויז, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן. אָבער מיט וואָס ? — האָט פּאַסירט, אַז אַ מלאַווער בעל־עגלה האָט אין ראָזענס שטאַל איבערגע־לאָזט אַ פערדל. ביינאַכט, אין דער פינצטער, האָט מען ניט געזען ווי דאָס פערדל זעט אויס, האָט מען אָנגעפּאַקט אויף דעם וואָגן אַלץ פון שפּייז, קליידונג און בעט־געוואַנט און די ווייבער אויף דער בריטשקע און זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין. אָבער ווען מיר זיינען אַרויס פון שטאָט האָבן מיר ערשט דערזען דעם מוראדיקן חורבן. אַרום און אַרום האָט געברענט. און אַז מיר זיינען אָפּגעפאָרן עטלעכע קילאָמעטער האָט דאָס פערדל זיך אָפּגעשטעלט און וויל ווייטער נישט שפּאַנען. נאָכדעם ווי מען האָט אויף זיינע אויסגעסטאַרטשטע ביינער אָנגעווענדט אַביסל איבונגען, און מיר האָבן אונטערגעשטופּט דעם וואָגן, איז ער אָפּגעגאַנגען נאָך אַ פּאָר קילאָ־מעטער און זיך ווידער אָפּגעשטעלט. אָבער דאָס מאָל האָט שוין קיין זאַך ניט געהאָלפן. דאָס פערדל האָט אויסגעצויגן די פיס און אויסגעהויכט זיין פערדישע נשמה.

מיר זיינען געבליבן שטעקן אינמיטן דער נאַכט פאַרצווייפלטע. קיינער פון די פאַרביי־פאָרער האָט זיך ניט געוואָלט אָפּשטעלן פאַר קיין שום געלט־אָנבאָט. ענדלעך האָט איינער, וואָס איז אָנגעפאָרן מיט צוויי פּאָר געזונטע פערד, איינגעוויליקט פאַר אַ היבשער סומע געלט, אָנטשעפּן אונדזער וואָגן מיט די בעבעכעס און מיר זיינען שוין ווייטער געפאָרן. אָבער ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט זיך ערשט אַנטפּלעקט אַן אומבאַשרייבלעכע בהלה. פון אַלע זייטן איז מען ווי וואַנזיניקע געלאָפן אין אַלע ריכטונגען. פורערים מיט זייער גאַנץ האָב־און־גוטס, מיט קי, חזירים, הינער, מיט קינדער און ווייבער און שטאָטישע הויז־געזינדן — צופוס און פאַרנ־דיקע — האָבן אינגאַנצן פאַרשפּאַרט די וועגן, אַז מען האָט זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. און דאָ באַוויזן זיך עראָפּלאַנען, וועלכע האָגלען מיט באָמבעס אויפן שאָסיי. די מענטשן זיינען זיך צעלאָפן אין די פעלדער. אַ סך פון די וועגענער מיט די פערד זיינען אויפגעריסן און פאַר־ניכטעט געוואָרן. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען ווי אין איין אויגנבליק. ווען מיר האָבן זיך צו־ריקגעקערט, האָבן מיר די פערד שוין ניט געטראָפן, האָבן מיר גענומען אַביסל זאַכן, וויפל מיר האָבן געקאָנט נעמען אויף די פּלייצעס און ענדלעך זיך דערשלעפּט קיין פּלינסק, וואו מען האָט אונדז ווידער אויפגענומען מיט אַ באָמבאַרדירונג. אָבער קיין שטאַרקן איינדרוק האָט עס שוין

אויף אונדז נישט געמאַכט . . . מיר, צוזאַמען מיט די פאַמיליעס פון די ראָזענס און גיפּסעס האָבן זיך איינקוואַרטירט אין אַ וואוינונג פון אַ רייכן יידן.

איך בין נישט אויסן דאָ צו באַשרייבן די אַנטוויקלונגען און געשעענישן אין פּלינסק, ווייל דאָס איז אַ גרויסער קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. אָבער דאָ האָבן מיר געהאַט אונדזער ערשטע באַגעגעניש מיט די נאַצישע רוצחים און אָנגעהויבן זיך פאָרשטעלן וואָס עס דערוואַרט אונדז. ווי טייוואָלים האָבן זיי מיט ווילדער רציחה זיך אַריינגעריסן אין שטאָט און די ערשטע „העלדישקייט" וואָס זיי האָבן באַוויזן, איז געווען — אויסצושיטן איבערן גאַס אַלע קוישן מיט פּרוכטן פון די מאַרק־שטייערינס, אַריין אין די צוקערוואַרג־געשעפטן, אָנגערויבט די בעסטע שאָקאָלאַדן און געבעקס און ניט באַצאָלט. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַן אַלטן חשבון, וואָס זיי וועלן מיט דער צייט אָפּצאָלן . . .

נאָכדעם ווי מיר זיינען אָפּגעווען אַ וואָך אין דער פרעמד, זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין סטשעגאָווע. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם. שטיל, קיין שאָרך. זעלטן אַז אַ מענטש האָט זיך באַוויזן אין גאַס. אומעטיק און טרויעריק. ביסלעכווייז האָבן מענטשן אָנגעהויבן צוריקקומען, יעדער מיט זיין פּעקל צרות, מיט זיינע איבערלעבענישן און יעדער האָט אין זיך געטראָגן אַ פראַגע, וואָס ער האָט ניט געקאָנט פאַרענטפערן — די פראַגע: וואָס וועט ווייטער זיין?"

און דאָ וויל איך פאַרצייכענען אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וועגן וועלכן מען האָט מיר דערציילט, ווייל איך בין דעמאָלט אין סטשעגאָווע ניט געווען: ווען די דייטשן האָבן אַריינגעמאַרשירט קיין סטשעגאָווע, זיינען די גאַסן געווען ליידיק פון מענטשן, נאָר זיי האָבן באַמערקט אַ מענטשן שטיין לעבן זיין הויז, מיט די הענט אין די קעשענעס, אַ פּאַפּיראָס אין מויל און די וואָנצעס אַרויפגעשפּיצט. האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַן אַריער און האָבן אים באַשטימט אַלס הויפּט פון דער געמיינדע. ווי איבערראַשט זיינען זיי געוואָרן ווען ער האָט זיי דערקלערט אַז ער איז אַ ייד. דאָס איז געווען לייבקע דער בעקער. ווי אַזוי ער האָט בשעת־מעשה געפילט, איז זיכער ניט געווען אים מקנא צו זיין. אין יענער צייט זיינען אין שטעטל געווען קוים אַ מנין יידן.

די דייטשן האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרויסווייזן זייער פולע אכזריות. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז ביי דוד טיקן אין קעלער ליגט באַהאַלטן אַ סך שפּייז־פּראָדוקטן, האָבן זיי אַלץ קאָנפיסקירט, טיקן מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעוואָרפן פון הויז און האָבן זיך דאָרט אַליין באַזעצט. דאָס זעלבע איז געשען מיט פּיאָטריקאָווסקיס מיל, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט. די בוכהאַלטערין, וועלכער איז געווען מיין שוועסטער, האָבן זיי ווייטער אָנגעהאַלטן, כדי באַקענט צו ווערן מיט די געשעפטן. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, ווי מיין שוועסטער האָט זיך געפילט אין אַזאַ אַטמאָספערע. דורך דער צייט, וואָס מיין שוועסטער איז געווען באַשעפטיקט אין דער מיל האָט זי געזען באַזאָרגן יידן מיט דער בעסטער מעל, וויפל איינער האָט נאָר געוואָלט. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אַ פאָרשטייער פון דער דייטשער מאַכט איז אַריינגעקומען און באַמערקט מיין שוועסטער אין דער ביוראָ, איז ער אויפגעשפּרונגען מלא רציחה: „וואָס מאַכט היער די שמוציקע יודין?" ער האָט זי באַלד אַוועקגעשיקט און זיי האָבן פולשטענדיק איבערגענומען די מיל.

אַרום דער צייט האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע פאַזע פון די ווילדע מעשים פון די נאַציס, וואָס האָט נאָך געקאָנט באַטראַכט ווערן ווי „אידילישע טעג", לגבי דעם, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט. ביז אַהער — אַרום פיר וואָכן צייט — האָבן געליטן יחידים, און פון איצט זיינען די רוצחים אַריבער צו דער צווייטער פאַזע — זיך צו איזדעקעווען איבער גאַנצן כלל. עס האָבן זיך אָנגעהויבן דערנידערונגען, באַליידיקונגען און פּייניקונגען. יעדן טאָג האָט די יידישע קהילה געמוזט צושטעלן אַ קוואָטע מענטשן פאַר צוואַנגס־אַרבעט. דאָ האָט יעדער יחיד, און דער גאַנצער כלל, איבערגעלעבט מאָמענטן פון דעם טיפסטן פּיין און ווייטאָגן, ניט אַזוי צוליב דער

אַרבעט גופא, אין מיטן מאַרק, נאָר צוליב די אומדערטרעגלעכע באַליידיקונגען. פּאָליאַקן אַנטיסעמיטישע, צוזאַמען מיט נאַציס, פלעגן זיך אויסשטעלן און מיט שפּאָטישן געלעכטער צוקוקן ווי די יידן קערן די גאַסן, אָדער טוען וועלכע אַנדערע געצוואונגענע אַרבעט, און דערביי — לשם סתם פאַרוויילונג — זיך שפּילן מיט וואַרפן שטיינער אויף די יידן און זיך צילעווען צו טרעפן אין קאָפּ. פון צייט צו צייט פלעגט אַ נאַצי צולויפן צו איינעם, אָנשטעלן אויף אים די ביקס, אָדער רעוואָלווער און זיך צילעווען: „יודע, איך שיסע דיך הערונטער!" — און זיך ווילד צעלאַכן, וואָס ס'האָט זיך אים איינגעגעבן אָנצושרעקן דעם יידן און די אַרום אים.

עס דערמאָנט זיך אַ פיינלעכער עפּיזאָד, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דעם נאַצישן גרופּן־לייטער האָט זיך פלוצלונג פאַרגלוסט זיך צו פאַרוויילן אויף אונדזער חשבון, האָט ער באַפעלעריש אויסגעשריען: „יודען, זינגט איין יודען־ליד!" מיר, די יידן, האָבן זיך שנעל פאַרשטענדיקט און אָנגעהויבן זינגען די „התקוה", און דאָס געזאַנג איז געווען פייערלעך און דערהויבן. דאָ האָט יעדער איינער אַריינגעזונגען לויט דעם טראַדיציאָנעל־יידישן „מן המיצר קראתיך" . . . און געזונגען האָבן אַלע, איינשליסנדיק די שאַרפסטע קעגנער פון ציוניזם.

דאָס געזאַנג האָט, משמעות, געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף די נאַציס, האָט זייער הויפּטמאַכער אַ פרעג געטאָן וואָס דאָס ליד באַדייטעט. — האָפענונג — איז געווען אונדזער ענטפער. — האָפענונג?, — האָט ער אויסגעפּלאַצט אין געלעכטער און דערביי מיט שוים אויף די ליפּן אויסגעשריען: וואָס, איר דרעקיגע יודן האָט נאָך האָפענונג? נור היער, אין דיזע ערדע!"

מיר האָבן זיך געפילט אַזוי דערנידעריקט, ווי מען וואָלט אויף אונדז מיט די פיס געטראָטן; אַזוי טיף באַליידיקט אין אַ מאָמענט פון עקסטאַז און קדושה . . .

אויף מיר פערזענלעך האָט עס געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק און איך האָב איינגעזען, אַז ס'איז זינלאָז צו זיצן דאָ און זיך לאָזן פייניקן און באַליידיקן דעם מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן כבוד. ווער ס'האָט נאָך אין זיך אַ געזונטן חוש פאַרן לעבן, מוז אַוועק. און די צייט האָט צוגעשפּילט. עס האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען, אַז די רוסישע אַרמיי איז אַריין אין פּולטוסק און וועט מאָרגן שוין זיין אין טשעכאַנאָוו. מענטשן האָבן מיט ציטערדיקע הערצער געהאָפט און געוואַרט מען זאָל זיי קומען ראַטעווען.

איך האָב זיך באַמיט צו באַאיינפלוסן וואָס מער יוגנטלעכע אַריבערצוגיין די גרענעץ. ליידער זיינען מיר נאָר פינף געווען, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ס'איז געווען אין חודש נאָוועמבער, ווען איך האָב דאָס שטעטל פאַרלאָזט. שווער איז געווען צו שיידן זיך מיט סטשעגאָווע, וואו איך האָב דורכגעלעבט ליידן און פריידן, און אַוודאי איז מוראדיק שווער געווען זיך געזעגענען מיט דער פאַמיליע, איבערלאָזנדיק זיי אין די הענט פון דעם אומבאַוואוסטן גורל. איך האָב דאָס אַלץ דערשטיקט אין זיך און זיך געשטאַרקט און געפּרוווט מיין מזל פאַרן לעבן. און אָט אַזוי בין איך איינער פון די געציילטע, וואָס זיינען געבליבן לעבן.

קרית ביאַליק, ישראל, 12טער יאַנואַר, 1951

# דאָס שיינדל פון סטשעגאָווע

## (געווידמעט דעם אָנדענק פון שיינדעלע דעם שוחט׳ס)

דעם שוחט׳ס הויז איז געווען איינע פון די גאָר זעלטענע היימען אין אונדזער סטשעגאָווע. דער טאַטעשי אברהם־יצחק האָט קיינמאָל זיין שטימע ניט אויפגעהויבן און די מאַמעשי רבקהלע איז געווען ווי אַ שטילע טויב, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט צניעות, ליבלעכקייט און צערטלעכקייט. די קינדער האָבן פאַר טאַטע־מאַמע ניט מורא געהאַט, נאָר האָבן געהאַט טיפן דרך־ארץ. אין דער הויז האָט געשוועבט די שענסטע האַרמאָניע פון משפחה־ליבע.

אין אָט דער היים, אין אָט אַזאַ אַטמאָספערע, איז שיינדעלע געבוירן געוואָרן, דערצויגן געוואָרן און אויס־געוואַקסן אַ ליכטיקע, ליבע פערזענלעכקייט. שיינדעלע האָט געשפילט פידל, געזונגען פון נאָטן און געשריבן פּאָעזיע. מיט איין וואָרט — שיינדעלע איז געווען אַ פילפאַרביקער מענטשלעכער ווען — דאָס שיינדל פון סטשעגאָווע.

שיינדעלע האָט געחלומט פון גרויסע, רחבות־דיקע וועלטן. און כאָטש סטשעגאָווע איז איר געווען ליב און טייער, איז איר אָבער, צייטנווייז, געווען ענג דאָרטן . . . דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז זי זאָל פאַרבלייבן אין סטשעגאָווע.

נאָך דעם ווי איך בין אין 1921 אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך מיט מיין ליבער יוגנט־פריינדין אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ. אָן גוזמא, איז יעדער בריוו פון איר געווען דורכגע־זאַפּט מיט ליטעראַרן, שעפערישן אינהאַלט, אין וועלכן עס איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון אונדזער יוגנטלעכן, געמיינזאַמען לייענען און שטודירן ווערטפולע פילאָ־זאָפישע און סאָציאַלע ווערק פון ניטשע, שאָפּענ־האַוער, קאַנט, העגעל, מאַרקס, בעבעל, פאַרעל און אַנדערע — אַחוץ יידישע, פוילישע און וועלט־ליטעראַטור.

ווען שיינדעלע איז שוין געווען פאַרהייראַט צו איר שוואָגער משהלע, דער מאַן פון איר פאַרשטאָר־בענער שוועסטער גיטעלע, האָט זי איינמאָל אין אַ בריוו צו מיר זיך אויסגעדריקט: „איך וואָלט גע־וואָלט קומען קיין אַמעריקע.״ האָב איך דאָס אי־בערגערעדט מיט מיין ברודער וואָלף, וועלכער האָט זיך תיכף גענומען שיקן נאָך משהלען און האָט זיך אפילו גענומען צוגרייטן די נויטיקע פּאַפּירן. שיינדעלע האָט אָבער נישט איינגעשטימט צו לאָזן משהלען אַליין פאָרן און איבערנעמען די גאַנצע פאַמיליע איז, ליידער, מיין ברודער ניט געווען בכוח — איז אויף אַזאַ אופן דער פאָרשלאַג ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

און אַזוי איז שיינדעלע געבליבן אין סטשעגאָווע, מיט איר מאַן און קינדערלעך און זיי זיינען אַלע

אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער קהילה פון סטשעגאָווע — דורך די נאַצישע רוצחים.

מיט אַ הייסער טרער פאַרזיגל איך דעם אָנדענק פון מיין אומפאַרגעסלעכער יוגנט־חברטע שיינדעלע דעם שוחט׳ס — דאָס שיינדל פון סטשעגאָווע.

**פייגל ביזבערג**

כאַטאַסטאַט פון שיינדעלע׳ס האַנטשריפט

# צוויי בריוו פון ביינוש וויור

(איצט אין ישראל)

.1

ליגניץ, נידערשלעזיע (פוילן), 25טער יאַנואַר, 1948.
צו דער סעקרעטאַרשע פון דעם קאָמיטעט פון סטשעגאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע,
פייגל ביזבערג־יוקלסאָן:

היינט, נאָך אַ וואָך צייט פון זיין אונטערוועגס, בין איך צוריקגעקומען אַהיים און שרייב צו אייך. אויב איך זאָג: „פון אונטערוועגס", מיין איך — פון דער עקסהומאַציע; פון סטשעגאָווע, וואו מיר האָבן אויסגעגראָבן די געהאַנגענע יידישע קרבנות פון די היטלעריסטן. איינצלהייטן וועגן דער עקסהומאַציע האָב איך אייך געשריבן באַזונדער.

איך וויל זיך מודה זיין, אַז זיצנדיק אין נידערשלעזיע, וואו איך האָב געזען אַביסל יידן, האָב איך געמיינט, אַז עס זיינען נאָך דאָ אַ סך יידן; אַז דאָס אומגליק איז ניט אַזוי גרויס. נאָר ווען איך בין אַרויסגעפאָרן האָב איך ערשט דערזען דעם גרויסן בראָך, וואָס האָט אונדז געטראָפן. ווען מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן שטעט און שטעטלעך, וואו עס זיינען אַמאָל געווען יידישע קיבוצים, האָט מען אויף אונדז געקוקט ווי אויף מענטשן, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון יענער וועלט. מיר האָבן אפילו נישט געפונען קיין איינציקע יידישע הויז וואו איבערצונעכטיקן . . . דער טרויעריקער סך־הכל פון היטלערס בלוטיקער הערשאַפט!

ווען מיר זיינען געקומען אין אונדזער שטעטל סטשעגאָווע, וואו מיר זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, געלעבט און געשאַפן, געהאָפט און געטרוימט וועגן אַ בעסערער און אַ ליכטיקער צוקונפט — ניט נאָר פאַר אונדז, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט — האָבן מיר ערשט דערזען די גרויס פון דער קאַטאַסטראָפע און ווי עס האָט פאַרשפעטיקט דער זיג . . .

אין סטשעגאָווע איז אַלץ ווי געווען: די זון שיינט, זי צעשמייכלט זיך איבער דעם בית־המדרש, וואו אונדזערע טאַטעס און מאַמעס פלעגן אין די הייליקע טעג אויסגיסן זייער האַרץ צום האַר פון דער וועלט, וועלכער האָט זיי אַזוי ביטער אַנטוישט . . . אָבער איצט איז די שול פוסט און פאַריתומט. ווי אַזוי האָט דער אדון־עולם געקאָנט צוקוקן ווי עלטערן האָבן זייערע אייגענע קינדער אויפגעהאַנגען און נאָך געווען געצוואונגען זיי אַליין באַגראָבן אין איין גרוב — אין זייערע קליידער און הילצערנע שיך!

ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען אַ הויז, וואו אונדזערער אַ ייד האָט געוואוינט, האָט זיך אויפן מאָמענט אויסגעדוכט, אַז אָט־אָט וועט ער זיך באַווייזן מיט זיין גרויסער באָרד און איך וועל מיט אים רעדן וועגן יענע צייטן, ווען ס'האָט געשפרודלט אַ יידיש לעבן, ווען ס'האָט גערוישט און געבריוזט מיט יידישן שטייגער. אָבער, אָט באַווייזט זיך גאָר אַ יאַנעק און פרעגט זיך מיט אַ גראָבער שטימע: „קאָגאָ פאַן שוקאַ"? — און דער גאַנצער חלום פלאַצט . . . און אַז איך גיי אַריין אין אַ שטוב וואו ס'האָט געוואוינט אַ ייד זע איך, אַז אויפן אָרט וואו ס'איז געהאַנגען אַ בילד פון משה רבינו, צי פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, הענגען איצט איקאָנעס פון דעם אפּאָסטאָל און פון דער הייליקער מאַריאַ. אַ סך פון די וואַנדאַלן האָבן אָנגערויבט יידיש האָב־

און־גוטס, ניט ערגער ווי די היטלעריסטן האָבן עס געטאָן. עס זיינען אָבער געווען אויך גוטע מענטשן צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג.

ס'איז אוממעגלעך פאַר מיר שרייבן מער. נאָך מיין באַזוך אין סטשעגאָווע בין איך אינ־גאַנצן אַ דערשיטערטער און אַ צעבראָכענער. איין זאַך וויל איך פאַרצייכענען: דאָס ליכט פון דער יידישער סטשעגאָווע איז אויף אייביק פאַרלאָשן, אָבער אין אונדזער זכרון וועט עס אייביק לייכטן.

.2

ליגניץ, נידערשלעזיע (פוילן), 22טער פעברואַר, 1948.

טייערע פייגל ביזבערג־יוקלסאָן!

איר בעט איך זאָל אייך שרייבן ווי אַזוי, אויף וועלכן אופן, עס זיינען אומגעקומען אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע. איך מוז זיך מודה זיין, אַז פאַר דער אויפגאַבע בין איך



ביינוש און ראָזע וויור

צו־שוואַך. ס'האַנדלט זיך ניט וועגן מיין שרייבערישן טאַלאַנט, נאָר פשוט — מיין האַרץ וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטן. איך פיל אָבער אַלס חוב קלאָר מאַכן, אַז אויב מיר באַוויינען אונדזערע נאָענטע מיט ווערטער, באַוויינען מיר בלויז זייער גרוילהאַפטן טויט. אָבער דאָס וואָס איך האָב זיך דערוואוסט איצט זייענדיק אין סטשעגאָווע — וואו קיין איינציקער ייד איז ניט גע־בליבן — שטעלט פעסט, אַז דער טויט איז שוין פאַר זיי ניט געווען שרעקלעך. גיכער איז עס געווען פאַר זיי אַ דערלייזונג . . . זיי האָבן געבעטן אויף דעם טויט.

די היטלעריסטישע באַנדיטן האָבן דעם טויט אַזוי לייכט ניט געגעבן. פריער האָט מען געמוזט דורכגיין גרויליקע ליידן, פייניקונגען, הונגער, טויטלעכע קלעפּ און באַליידיקונגען, האַלב נאַקעט, אָפּגעריסן, באָרוועס. גלייכצייטיק זיינען עלטערן געווען געצוואונגען אויפהענגען

זייערע אייגענע קינדער און דערנאָך, מיטן פולן באַוואוסטזיין, מאַרשירן אין די גאַז־קאַמערן אַריין.

אָבער נישט אַלע האָבן מיט איינמאָל באַקומען דעם טויט. אַ סך האָבן געמוזט שטיין און וואַרטן ביז ס'איז געקומען זייער ריי צו גיין פאַרברענט ווערן אין דער קרעמאַטאָריע.

עס האָט מיר דערציילט אַ יונגער פּאָליאַק פון סטשעגאָווע, וואָס האָט געאַרבעט מיט מיין יינגסטן ברודער משהלע, וועלכער האָט געהערט צו די „גליקלעכע", וואָס זיינען אַרויס אויף אַרבעט פון דער געטאָ. ער איז געווען אַ שאָופער ביים קאָמיסאַר פון דער סטשעגאָווער געטאָ. דערציילט מיר דער פּאָליאַק, אַז ווען ס'איז געקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן ווערן אַוועקגע־פירט קיין וואולקאַ און פון דאָרט ווערן זיי טראַנספּאָרטירט קיין אַשווענטשים, האָבן די אומ־גליקלעכע זייער גוט געוואוסט, אַז דאָס איז זייער לעצטער וועג.

אָפּפאָרנדיק, האָט דער קאָמיסאַר אַריינגערופן מיין ברודער, זיך מיט אים געזעגנט און אים אָנגעבאָטן געלט. מיין ברודער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דאָס געלט, ווייל „אויף יענער וועלט איז קיין געלט ניט נויטיק". דער קאָמיסאַר האָט דאַן באַפוילן דעם פּאָליאַק מיטגעבן מיין ברודער זעקס ברויטן אויפן וועג. דאָס ברויט האָט ער מיטגענומען, זאָגנדיק דערביי, אַז דאָס וועט קלעקן פאַר דער גאַנצער משפּחה און פאַר נאָך יידן ביזן סאַמע טויט.

דער פּאָליאַק האָט מיר אויך דערציילט, אַז דער קאָמיסאַר האָט שפּעטער באַדויערט: „ס'איז אַ שאָד, וואָס אַזאַ אָנשטענדיקער ייד איז אין אויוון אַריין."

מיין ברודער האָט זיך געקאָנט ראַטעווען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט. ער האָט געוואָלט אומקומען צוזאַמען מיט די עלטערן און מיט אַלע יידן — אומקומען און פּטור ווערן פון דעם גרויזאַמען, אומדערטרעגלעכן לעבן.

איך קאָן מער ניט שרייבן. דאָס האַרץ פּלאַצט פון פּיין און ווייטיק. און זייט מיר מוחל וואָס איך שרייב אויסשליסלעך וועגן מיין ברודער דעם העלד. אין דעם זיינען ניטאָ קיין עגאָ־איסטישע מאָטיוון. כבוד זיין אָנדענק און אייביקער רום די געפאַלענע קדושים — דערמאָר־דעטע פון די היטלעריסטישע רוצחים.

---



**אַרויס אַ לעבעדיקער**

## נתן־אייזיק יאַבלאָנאָווסקי

וועלכער האָט דורכגעלעבט דעם שרעקלעכן גיהנום פון די נאַצישע לאַגערן. רעכטס איז אַ בילד ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען אין דער לאַגערן־הלבשה. לינקס — ווי ער זעט אויס איצט, אין ישראל, וואו ער לעבט.

# צוויי בריוו פון אברהמל פינקערט

(פוילן)

1

וואַרשע, 20טן פעברואַר, 1948,

ליבער פריינט, פייגל ביזבערג־יוקלסאָן:

פון אַ קאָלעקטיוון בריוו, וואָס מיר האָבן אייך פריער אַרויסגעשיקט ווייסט איר שוין, אַז מיר זיינען עס דאָס הייפל איבערגעבליבענע סטשעגאָווער, וואָס איז אָנגעוזנד געווען דורכפירן די עקסהומאַציע — און איך איינער פון זיי.

פון וויטן אוזבעקיסטאַן (אין סאָוועטן־פאַרבאַנד) האָט מיך געצויגן צו זען נאָך אַמאָל דאָס קליינע שטעטעלע, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן און טיילווייז מיין יוגנט. נאָך זיבעצן יאָר נישט זיין דאָ, גיי איך ווידעראַמאָל אין די געסלעך, פאַרביי די הייזלעך, וואָס שטייען בידעריק צו דער ערד און טוליען זיך איינס צום צווייטן, ווי פאַרוואָרלאָזטע יתומים און איך קוק צו יעדער טיר, אין יעדן פענצטער — אפשר וועל איך באַגעגענען אַ היימיש פנים, אַ פריינטלעכן בליק פון אַ נאָענטן מענטשן. אָבער . . . קיינער קומט נישט אַרויס, קיין איינציקער פון זיי האָט מיך ניט באַגעגנט. אומזיסט מיין זוכן און קוקן אין די פענצטער. אין בעסטן פאַל פילסטו אויף זיך קאַלטע, פרעמדע בליקן. אַ פרעמדער, צווישן אייגענע געסלעך, וואו יעדער שטיינדל, יעדער בוים איז דיר געווען באַקענט און נאָענט. אַ מוראדיקער אומעט און איינזאַמקייט כאַפט דיך אַרום און דו ווילסט אַנטלויפן — אַנטלויפן ווייט פון די געסלעך, וואָס־ווייטער פון דער טראַגישערווירקלעכקייט.

דער געדאַנק גיט דיך אַ טראָג אַוועק אויף צוריק, צו די פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן — צו דער צעזונגענער יוגנט, צו די זוניקע פרימאָרגנס, ווען יונגע לונגען האָב איך זיך טיף אַריינגעאָטעמט פון די צעבליטע סעדער דופטיקע ריחות . . . איז אָט שטיי איך אַליין, איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער, און פיל זיך אַזוי פאַראיינזאַמט, אַזוי עלנט! איך שפּיץ אָן מיינע אויערן צו יעדער באַוועגונג פון אַ בוים, צו יעדן שאָרך פון אַ קוסט — אפשר וועל איך דערהערן כאָטש אַן אָפקלאַנג פון יענע צעשטראַלטע טעג און אויסגעשטערנטע אָוונטן, ווען איין טייל פון דעם שטעטעלע האָט מיט פריידיקן געלעכטער זיך איבערגערופן מיטן צווייטן טייל.

עס וואָלט זיך מיר געוואָלט אָט אַזוי שטיין לאַנג, לאַנג און ציען אין דמיון דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דעם נישט וויטן „אַמאָל" . . . נאָר אַ קראָ האָט איבער מיר אַ קרייז אין דער לופט געמאַכט און מיט אַ בייזער קראַקעריי זיך אַראָפּגעלאָזט ניט ווייט פון מיר. דאָס האָט מיך דערמאָנט, אַז ס'איז ווינטער. דער גאָלדענער פאָדעם אין מיין דמיון האָט זיך איבערגעריסן און דער נאַקעטער חורבן, מיט זיין גאַנצער אימה האָט זיך אַנטפּלעקט . . .

איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט צום שול־הויף. איך האָב באַטראַכט די שול, געקוקט אויף די ווענט, וועלכע האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אַזוי פיל תפילות, האַרציקע געבעטן באַגלייט מיט אויפריכטיקע טרערן, וואָס פיר דורות יידן האָבן פונדאַנען אַריבערגעשיקט צום רבונו־של־עולם און געבעטן ביי אים נחת פאַר קינדער און קינדס־קינדער און שלום און פרנסה פאַר אַלע יידן; טרערן, וואָס האָבן אין אַלע צייטן אויסגעדריקט אַ טיפע בקשה ביים באַרעמהאַרציקן אַדון־העולמים, אַז ער זאָל באַשיצן און באַשירעמען דעם כלל ישראל קעגן גזרות און רדיפות פון אכזריותדיקע הערשער און זייערע סאַטראַפּן. אָבער די תפילות, תחנונים און טרערן האָבן ניט געהאָלפן . . . שטיל און פוסט איז אין גאָטס היכל . . .

מיט פאַרקלאַפּטע פענצטער, ווי אַ בלינדע, עלנטע אלמנה שטייט די שול אין דעם טרויעריקן פאַראיינזאַמטן אַרום און בוימער, ווי אבלים, בויגן זייערע צווייגן אין טיפן טרויער איבער איר און שטילע ווינטלעך שפּילן־אויס אויף די צווייגן אַן עלעגישע סימפאָניע: „ס'איז קיינער

נישטאָ! ס׳איז קיינער דאָ נישטאָ!"

דאָס האַרץ ווערט צעריסן פון טרויער און בענקשאַפט און פילסט ווי זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד און זיך צוטוליען צו איר ווי צו אַ האַרציקער געליבטער, וואָס איז דיר פּלוצלונג אָפּ־געשטאָרבן — צופאַלן צו איר און איר געבן דעם לעצטן קוש — דעם לעצטן און אויף אייביק . . .

און אָט איז דאָס בערעזענע וועלדל ביי קאַלווענען. עס דערמאָנט זיך ווי די סטשעגאָווער יידישע יוגנט פלעגט אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגס זיך אַוועקלאָזן אַהין שפּאַצירן, זיך אָפּ־קילן אין די שאָטנס פון די ביימער — ווער ס׳איז געקומען מיט אַ בוך צום לייענען, ווער צו דיסקוסירן וועלט־פּאָליטיק און פאַרשיידענע אַנדערע ענינים — געזעלשאַפטלעכע אָדער ליטע־ראַרישע (ווייל אַלץ האָט אונדזער יוגנט, ווי אין די מערסטע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אינטערעסירט) און ווער ס׳האָט זיך פאַרקליבן אויפן ראַנד פון דעם וואַלד מיט זיין געליבט מיידל — פאַרליבטע אין זיך און אין דעם לעבן, און געטרוימט און געפּלאַנעוועט וועגן אַ גע־מיינזאַמער גליקלעכער צוקונפט . . .

נו, איז אָט־דאָס דאָזיקע אָרט, אין די לעצטע טעג פון זייער דאָ־זיין, געוואָרן פאַר די סטשע־גאָווער יידן דער קלימאַקס פון פּיין און טרערן. אין זייער אָפּהענטיקייט און מאַכטלאָזן צאָרן קעגן די סאַדיסטישע היטלעריסטישע הענקער, האָבן יידישע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, זיך געוואָרפן אויפן פרישן ברודער־קבר, בעטנדיק הילף ביי די טויטע; אויסוויי־נענדיק פאַר זיי די פאַרביטערטע הערצער אויף דעם שקלאַפישן היינט און אויף די נאָך שאַר־פערע גזרות און פייניקונגען, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן נאָך גרעסערע שרעק פאַר דעם מאָרגן.

***

שטייען מיר, דאָס הייפל איבערגעבליבענע, ביים צעעפנטן קבר פון די העכער צוויי צענדליק קדושים אונדזערע — צעווייטיקטע און צעצאָרנטע. און כאָטש דער פראָסט נעמט דורך די ביינער פון קעלט, ברענט אָבער דער מוח און ס׳פרעסט ביים האַרצן. קיין טרערן קומען שוין ניט. שוין אַזוי פיל יאָרן אויסגעוויינט. אָבער פון די ליפּן רייסט זיך אַ צאָרנדיקע קללה און אַ ברויזנדיקער אויסגעשריי: פאַרוואָס? — אַ סך „פאַרוואָסן" — אָבער דער עיקר: פאַרוואָס זיינען די הערשנדיקע כוחות פון די מערב־מלוכות, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן היטלערס חיילות, נישט צוהילף געקומען — און אפילו קיין פאַרזוך ניט געמאַכט קומען צוהילף — די צום טויט־פאַרמשפּטע יידן אין די געטאָס? וואו איז געווען „דאָס געוויסן" פון די מערב־ציוויליזאַטאָרן?

אָט־דער „פאַרוואָס" רייסט זיך אויך פון די אוקראַאינישע באַבי־יאַרס, פון ווייסרוסישע שטעט און שטעטלעך, פון פּוילישע אָשווענטשימס, מאַידאַנעקס און טרעבלינקעס.

זייט איר, חברים און פריינט, דאָרט אין אַמעריקע, די בריק צווישן אונדז און די „נישט־גלויביקע" — די, וואָס ווילן נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט גלויבן אין די מערדערשע גרוילטאַטן פון די סאַדיסטיש־פאַשיסטישע באַנדיטן; זאָל יעדער ייד, אין די ערשטע רייען, וועקן און פאַנאַנדערטראָגן דעם דאָזיקן אמת — דעם אמת וועגן דעם שרעקלעכן פאַרברעכן און וועגן די, וואָס שטיצן און כאָווען די פאַרברעכער. זאָל דער לעצטער דערשטיקטער געשריי פון אונדזערע לעבעדיק־פאַרשאָטענע קינדער, פון אונדזערע פאַרפייניקטע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, געטראָגן ווערן דורך אונדז אַזוי לאַנג, ביז דער לעצטער פאַשיסט — און די, וואָס שטיצן און דערמוטיקן זיי, וועלן אויסגעוואָרצלט ווערן פון דער מענטשהייט.

***

אין די באַדינגונגען פון אָט־דער סיטואַציע וואַקסט נאָך קאָלאָסאַלער אויס די דורך אייך געשאַפענע הילפס־קאָמיטעטן פאַר די יידישע שארית־הפליטה אין אייראָפּע. די געשאַפענע קאָ־מיטעטן האָבן אַ טאָפּלטע באַדייטונג: 1) די הילף, וואָס איר דערלאַנגט דערמעגלעכט אונדז זיך צו פעסטיקן אי פיזיש, אי גייסטיק אויף די ערטער; 2) וואָס אַדאַנק די קאָמיטעטן האָט

איר זיך דערנעענטערט איינער צום צווייטן אין אַמעריקע — און דאָס איז אויך פון וויכטיקער באַדייטונג.

עס בלייבט נאָר צו ווינטשן אייך, אַז די נאָענטקייט וואָס איז געשאַפן געוואָרן צווישן אייך זעלבסט, טייערע לאַנדסלייט, און די פאַרבינדונגען צווישן אייך — סיי אין לאַנד־מאַסשטאַב, סיי אין דער סטשעגאָווער סביבה — זאָל ווערן וואָס טיפער, וואָס האַרציקער און דערביי צעמענטירן די פאָלקס־איינהייט אויף דער יידישער גאַס. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז די געפאַר פאַר אונדזער פאָלק איז נאָך ניט פאַרביי.

געאייניקט אינערלעך, צוזאַמען מיט די אויפריכטיקע פריינט וואָס מיר האָבן אויף דער וועלט, וועלן מיר, האָפנטלעך, אָפּשלאָגן די אַלע געפאַרן, וועלכע לויערן אויף אונדזער פאָלק. צו אָט־דער הייליקער אַרבעט רופן אונדז די שטיל־געוואָרענע יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, די צעעפנטע און פאַרשאָטענע קברים, וואָס ליגן צעזייט איבער פעלדער און וועלדער פון אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, ליטע און פוילן. אין אייניקייט ליגט אונדזער קראַפט!

מיט אָט־דעם לאָזונג אויף די ליפּן זיינען געפאַלן די העלדישע אויפשטענדלער פון וואַרשעווער און אַנדערע געטאָס — אָט־דעם לאָזונג דאַרפן מיר, לעבעדיקע, פאַרווירקלעכן אומעטום וואו מיר געפינען זיך. דאָס וועט זיין דער הערלעכסטער דענקמאָל נאָך די זעקס מיליאָן אומגעקומענע ברידער אונדזערע, איינשליסנדיק אונדזערע סטשעגאָווער קדושים!

*
**

אויסדריקן אַ דאַנק צו אייך, טייערע לאַנדסלייט, וואָלט געווען צו־ווייניק געזאָגט, מחמת מיר פילן די מענטשלעך־וואַרעמע האַרציקייט אין יעדן דאָלאַר, וואָס איר האָט בייגעטראָגן. און די באַזונדערע חברשע האַרציקייט פון דער מאַמע־פייגל ביזבערג־יוקלסאָן (זייט נישט בייז אויף מיר, פריינט פייגל. איך זאָג קיינמאָל ניט דאָס וואָס איך פיל נישט). גענוג צו זאָגן, אַז אייער הילף האָט פאַר אונדז אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייטונג. עס דערמוטיקט און פאַרלייכטערט די אינערלעכע פאַראייניזאַמקייט פון יעדן איינעם פון אונדז. מען דערפילט אַז מען איז נישט אַליין, אַז ערגעץ וויִט, איבער טויזנטער מיילן, קלאַפּט פאַר אונדז אַ נאָענט, חבריש וואַרעם האַרץ און אַז עס טראַכטן וועגן אונדז נאָענטע. האַרציקע מענטשן.

דאָס גיט אַ סך מוט צו קאָנען איבערטראָגן אַלע שווערע מאָמענטן און בייקומען אַלע שוועריקייטן, וואָס ליגן אויפן וועג פון אונדזערע באַמיאונגען צו פאַראַנקערן זיך אין דעם לעבן.

דערמיט וויל איך פאַרענדיקן דעם בריוו און איך דריק פונוווייטנס די הענט פון אייך אַלע, סיי די וואָס איך האָב געקענט, סיי די וואָס איך קען ניט.

2

וואַרשע, 7טער סעפּטעמבער, 1948 *).

טייערע פריינט!

איך איל זיך מיט אַ פּאָר ווערטער צו אייער היינטיקן צוזאַמענפאָר. קודם — מיין חבריש־וואַרעמען גרוס!

אייער צוזאַמענפאָר איז אַ באַווייז פון אומצערייסבאַרע פעדים, וואָס בינדן אונדז אַלע צוזאַמען, טראָץ אונדזער צעשפּרייטקייט איבער ווייטע לענדער . . . דאָס איז די בעסטע גאַראַנטיע, אַז מיר וועלן באַווייזן די טיפע וואונדן פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן פאָלקס־בראָך כאָטש טיילווייז פאַרהיילן. ס'איז דעריבער נויטיק, אַז מיר זאָלן דעם דערוואַכטן ברידערלעכן געפיל אָנהאַלטן, פאַרזעצן און פאַרטיפן אים, און אַרומרינגלען אָט־דעם געפיל, ווי אַ ניי־געבוירן קינד, מיט ליבשאַפט און גרויסער אחריות.

---

*) פון דעם דאָזיקן בריוו, וואָס איז געשיקט געוואָרן ווי אַ באַגריסונג צו אַ יערלעכן צוזאַמענקונפט פון די סטשעגאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, האָבן מיר אַרויסגענומען אייניקע אויסצוגן און אויסגעלאָזט טיילן, וואָס זיינען אין אַ היבשער מאָס אויסגעדריקט אין פריערדיקן בריוו.

